# אין
# מלחמה־צייטען

(בלעטער פון א טאג־בוך)

צווייטע זאמלונג

פון

דר. שמריה לעווין

אמעריקאנער ציוניסטישע פעדעראציאן

נ י ו  י א ר ק

,1917

# אינהאלט־פערצייכניס

# פון דעם אַרויסגעבער־קאָמיטע.

די פאָרליגענדע זאמלונג „אין מלחמה־צייטען" איז א פאָרטזעצונג פון דער אַרטיקעל־זאמלונג איבער די נאציאָנאַלע פּראָבלעמען פון אידישען פאָלק אין ליכט פון די מלחמה־געשעהעניסען, וועלכע איז ערשיענען אין בוך־פאָרם, אונטער דעמזעלבען טיטעל, צו ענדע פון יאָהר 1915.

מען קאָן מיט זיכערהייט בעהויפּטען, אז דיזע אַרטיקעל־סעריע האָט מעהר ווי אירגענד וועלכע אנדער פּראָפּאָגאנדא בייגעטראָגען צום זיעגרייכען מארש פון דער נאציאָנאַל־אידישער דעמאָקראטיע אין איהר הארטען קאמפף מיט אונזערע ענטנאציאָנאַליזירטע עלעמענטען פון אַלע לאגערען אין דיזען לאנד.

אין דיזען זין איז דער פאָרליגענדער צווייטער באנד פיעלייכט נאָך וויכטיגער און אינטערעסאנטער פון זיין פאָרגענגער, ווייל ער ענטהאַלט מייסטענס די אַרטיקלען, וואָס זיינען געשריבען געוואָרען אין רעכטען ברען פון דיזען קאמפף. וועהרענד די ערשטע זאמלונג איז געווידמעט הויפּטזעכליך צו דער בעגרינדונג און פערטיעפונג פון'ם אידיש־נאציאָנאַלען געדאנק, ווארפט די צווייטע זאמלונג מעהר ליכט אויף די האַלטלאָזיגקייט פון די געגנערישע ארגומענטען.

מיר לאָזען ארויס דיזען באנד, פיהלענדיג גאַנץ זיכער, אז דאָס בוך וועט אויף דעם בעסטען אופן אויספיהרען זיין שליחות און אריינברייגנגען אין דער אידישער וועלט מעהר נאציאָנאַלעס זעלבסט־בעוואוסטזיין און מעהר ווידערשטאנדס־קראפט, און פערוואנדלען האַלב־ווארמע, פון ווייטען שטעהענדע סימפּאטייזער אין איבערצייגטע און איבערגעבענע אנהענגער פון דער אידישער פרייהייטס־בעוועגונג.

דאָס ארויסגעבער־קאָמיטע.

# דער נאַציאָנאַליטעטען קאַמפּף נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן.

נאָך אָט דאָ ניט לאַנג, מיט אַ פּאָר צעהנדליג יאָהר צוריק, האָט יעדער, ווער עס האָט נאָר געלעגט געוויכט דערויף צו בעטראַכט ווערען אין דער געזעלשאַפט אַלס אַ פּראָגרעסיווו דענקענדער מענש, געמוזט זיך ערקלעהרען געגען יעדען נאַציאָנאַליזם. נאַציאָנאַליזם און פּראָגרעס זיינען געווען צוויי געגענזעצע, וועלכע שליעסען אויס איינער דעם אַנדערען. ניט נאָר די ראַדיקאַלע עלעמענטען, אפילו געוועהנליכע „אינטעליגענטען", געבילדעטע בעלי־בתים, האָבען דאָס געהאַלטען פאר א פּחיתת הכבוד, צו בעשעפטיגען זיך מיט דעם נאַציאָנאַלען פּראָבלעם. די אָנגענומענע סכעמא האָט געהערט צום אלף בית פון בילדונג: צוערשט איז געווען דער מענש, דערנאָך די פאמיליע, דער שבט, דאָס פאָלק, און צום סוף די מענשהייט. דאָס איז דער „שיר המעלות" פון דער מענשליכער ענטוויקלונג. וועט מען דאָך ניט אַרונטערקריכען פון דער העכערער, אָדער זאָגאר פון דער העכסטער שטופע און אַראָבלאָזען זיך ווידער ניעדריגער. דאָס וואָלט דאָך ניט געווען קיין פּראָגרעס.

די סאָציאַליסטען פון פערשיעדענע מינים האָבען דאָס בעטראַכט זאָגאר פאר א הייליגען סאָציאַליסטישען חוב צו בעקעמפּפען דעם נאַציאָנאַליזם אין וואָרט און שריפט. זיי זיינען געווען איבערצייגט, אַז דער נאַציאָנאַליזם קאָן נאָר שעדליך זיין פאר זייער אידעאַל, ווייל ער טהיילט איין די מענשהייט אין פערשיעדענע גרופּען, ווייל ער לייגט ארויף אויף דעם איינצעלנעם בעזונדערע חיובות צו זיין איינענער גרופּע און שליגנט איין אויף אַזאַ אופן א חלק פון דער אויפמערקזאַמקייט און דער ענערגיע פון דער איינצעלנער פּערזאָן אויפ'ן חשבון פון דער מענשהייט.

מעהר פון אַלע האָבען בעקעמפּפט דעם נאַציאָנאַליזם די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, ווייל נאָך דער מאַרקסיסטישער תורה איז דער

גאַנצער נאַציאָנאַליזם בעטראַכט געוואָרען ווי אַ בעגלייט־ערשיינונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, און עס איז געווען ק ל אָ ר פאַר יעדען מאַרקסיסט, אַז מיט דער אָבשאַפונג פון דעם קאַפּיטאַליזם, וועט דער נאַציאָנאַליזם פערשווינדען פון זיך אַליין. נאָך מעהר, יעדער מאַרקסיסט האָט בעטראַכט דעם נאַציאָנאַליזם אַלס אַן אויסגעטראַכטע מעשה, אַלס אַן ערפינדונג פון די הערשענדע קלאַסען, כדי צו פערדונקלען דאָס בעוואוסטזיין פון דעם פּראָלעטאַריער. צום זעלבען צוועק, צו וועלכען די רעליגיאָן, וועלכע איז געשטאַנען אין דיענסט פון דעם קאַפּיטאַל, האָט אויסגעטראַכט יענע וועלט מיט דעם גן-עדן און גהינום, האָט די בורזשואַזיע אויסגעטראַכט דעם נאַציאָנאַליזם אויף דער וועלט. די בעסטע מאַרקסיסטישע רעדנער און פּאָליטיקער האָבען פערטהיידיגט דיעזען שטאַנדפּונקט, און די בעסטע טהעאָרעטיקער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָבען איהם בעגרינדעט „וויסענשאַפטליך“ אין זייערע שריפטען.

די ה ע ר ש ע נ ד ע נאַציאָנען האָבען ווייניג וואָס דערפון געליטען. דעם גאַנצען היזק פון דער פאַלשער לעהרע האָבען געהאַט די שוואַכע נאַציאָנען, וועלכע זיינען געווען געצוואונגען צו קעמפפען פאַר זייער קיום ניט נאָר אַנטקעגען אַ פיינדליכע רעגיערונג, נאָר אויך קעגען די פּאָרטשריטליכע עלעמענטען פון דער געזעלשאַפט, קעגען איהר אויפגעקלעהרטען טהייל, קעגען די טרעגער פון די פרייהייטליכע אידעען. אין וועלכער הינזיכט האָט קויטסקי, צום ביישפּיעל, געקאָנט שאַדען מיט זיינע שריפטען, וועלכע זיינען געריכטעט אַנקעגען דעם נאַציאָנאַליזם, דעם ד י י ט ש ע ן אַרבייטער אָדער סתם דייטשען אינטעליגענט? דער דייטשער אַרבייטער אָדער סתם אינטעליגענט האָט צוליעב קויטסקי׳ס שריפטען, ווען ער האָט אפילו מודה געווען אין זייער ריכטיגקייט, אויף איין האָר ניט געענדערט זיין לעבען. ער האָט געשיקט זיינע קינדער אין די זעלבע דייטשע שולע, ער האָט געזונגען די זעלבע דייטשע ליעדער, האָט אָבגעהיט די זעלבע דייטשע ימים־טובים ווי די אַנדערע מיטגליעדער פון דער דייטשער געזעלשאַפט. צוליעב די קאָסמאָפּאָליטישע פּרעדיגט איז דאָך דער דייטש ניט געווען מחויב אָבצוזאָגען זיך פון

ז י י ן שפראך, פון ז י י נ ע מנהגים, פון ז י י ן פערגאנגענ־הייט און פון ז י י ן צוקונפט. דער בעגריף פון דער א ל ג ע ־מ י י נ ה י י ט, פון דער מ ע נ ש ה י י ט האָט זיך פאר יעדען דייטש צוזאַמענגעשמאָלצען מיט דעם בעגריף פון זיין אייגענער סביבה. די קאָסמאָפּאָליטישע פּרעדיגט האָט אויך ניט געקאָנט האָ־בען קיין פּראַקטישע בעדייטונג פאר דעם ענגלענדער, פּראַנצויז, רוס און אז. וו., זי האָט קיינעם פון זיי ניט געצוואונגען עטוואָס אויפצוגעבען פון זיין פ אָ ל ק ס ט ה ו ם און אָננעהמען אַ נייעם פאָלקסטהום:

אַ גאַנץ אַנדער השפּעה האָט אָבער די זעלבע פּרעדיגט ג ע ־מ ו ז ט האָבען אויף די אונטערדריקטע נאַציאָנען. די אונטער־דריקטע נאַציאָנען האָבען געמוזט פערשווענדען פיעל כוחות, כדי ניט צו פערליערען זייער א י י ג ע נ ע ם כאַראַקטער, כדי צו בע־שיצען זייער אייגענע שפּראַך, כדי צו דערהאַלטען זייערע אייגענע שולען, כדי צו פאָרבערייטען אַן אייגענע צוקונפט — און דאָ קומען מענשען, וועלכע רעדען אין נאָמען פון פרייהייט און פּראָגרעס, און בעהויפּטען, אַז אומזיסט איז די גאַנצע נאַציאָנאַלע אַנשטרענגונג, אַרויסגעוואָרפען די גאַנצע טרחה, אַז זי איז נאָר שעדליך, זואָרום זי איז געריכטעט קעגען דעם פּאָרטשריטליכען גייסט פון דער מענשלי־כער ענטוויקלונג.

און וואָס איז געוועזען דער רעזולטאַט? מען קאָן זיך דאָך ניט אָנשליעסען אָן די מענשהייט. די מענשהייט האָט ניט קיין שפּראַך, ניט קיין ליטעראַטור, ניט קיין געשיכטע. זי איז דאָך מעהר ניט ווי צ ו ז א מ ע נ ג ע ז ע צ ט פון די פערשיעדענע נאַציאָנען, זי איז דאָך מעהר ניט ווי אַן אבסטראַקטער בעגריף. וויל מען זיך אין! לע־בען אָנשליעסען, מוז מען זיך אָנשליעסען אָן אַ בעשטימטע גרופּע, און די בעשטימטע גרופּע איז תמיד נאַציאָנאַל געפאַרבט. הייסט דאָך דאָס אין סוף־רעזולטאַט, אַז מען בייט אויס צוליעב ק אָ ס מ אָ פּ אָ ־ל י ט י ש ע אידעאַלען איין נ א צ י אָ ן אויף אָן א נ ד ע ר נאַציאָן, מען זאָגט זיך אָב פון דער אייגענער און מען געהט איבער צו אַ פרעמדער. מען ווערט ניט פערשלונגען פון דער מענשהייט, מען ווערט פערשלונגען פון דער דייטשער, רוסישער, ענגלישער נאַציאָן.

בעזאָנדערס שטאַרק האָבן געליטען די אידען פון דער פאַלש פערשטאַנענער אינטערנאַציאָנאַלער פּרעדיגט, וועלכע האָט טהעאָ־רעטיש געקלונגען קאָסמאָפּאָליטיש און פּראַקטיש האָט זי געפיהרט צו נאַציאָנאַלער טויפע. די פאָרטשריטליכע אידישע אינטעליגענץ האָט זיך אין נאָמען פון פאַלשע אידעען אָבגעטרוי־סעלט פון דער אייגענער נאַציאָן. זי איז אבער פאַר קיין פאַל ניט געוואָרען קאָסמאָפּאָליטיש. זי האָט אָנגענומען די נאַציאָנאַליטעט פון דער ארומיגער סביבה. כמעט אלע אידישע קאָסמאָפּאָליטען זיינען געוועזן הייסע רוסישע, דייטשע, פראַנצויזישע און אז. וו. נאַציאָנאַליסטען, זיי האָבן נאָר פערלייקענט זייער אייגענעם פאָלקסטהום און האָבן זיך אויסגעפּוצט אין א פרעמדען. עס איז ארויסגעקומען די זעלבע אונאויפריכטיגקייט ווי ביי דעם אידען, וועלכער נעהמט אָן דעם קריסטליכען גלויבען צוליעב זיין אטהע־איסטישע וועלט־אַנשויאונג.

שווער, זעהר שווער איז אויסגעקומען צו קעמפּפען די אידישע נאַציאָנאַליסטען. נאָר זעלטען, זעהר זעלטען האָט זיי גאָט געהאָל־פען אין זייער ניט גלייכען קאַמפּף. דאָס פלעגט זיך טרעפען, יוען איינער פון די גרויסע פּאָליטיקער אָדער געלעהרטע, און דערצו נאָך א כשר'ער מאַרקסיסט, פלעגט פערוואַרפען א וואָרט פאַר די בערעכ־טיגונג פון דעם נאַציאָנאַליזם. דאמאָלס פלעגט ווערען אויף א וויילע א שמחה אין אידיש־נאַציאָנאַלען לאַגער. געפונען א שטיצע, א כשר'ען עדות. לאנג אָבער פלעגט די שמחה ניט דויערן, וואָרים פון אלע זייטען פלעגט מען אָנפאַלען אויף דעם אפּיקורוס, כדי צו פסל'־ענען זיין עדות, מען פלעגט אָנפאַנגען צו ברייננען ראיות אז ער פערשטעהט ניט דעם מאַרקסיזם, אז ער איז אראָב פון וועג. יעדע לעהרע האָט איהרע אָרטהאָדאָקסען, וועלכע שטעהען ווי קאָזאַקען און לאָזען ניט צו, אז זי זאָל אנדערש ערקלערט ווערן.

צו די מאַרקסיסטען, וועלכע האָבען נאָך אין דער צייט פון דער קאָסמאָפּאָליטישער שטרעמונג טיעפער בעגריפען דאָס נאַציאָנאַלע פּראָבלעם, געהערט ענריקאָ פערי, דער בעריהמטער איטאַליענישער געלעהרטער און פּאָליטיקער. נאָך מיט צוואַנציג יאָהר צוריק, אָן

ערך, האָט ער ארויסגעלאָזען א ווערק איבער דארוויניזם און מארק־
סיזם, וואו ער האָט לאָגיש און שארף אָנגעצייגט, אז די טענדענץ
פון דער געזעלשאפטליכער ענטוויקלונג פיהרט ניט צו דער פער־
שווינדונג פון די איינצעלנע נאציאָנען, ניט צו דער מענשהייט, נאָר
אין געגענטהייל, וואָס העכער די מענשליכע געזעלשאפט וועט שטיי־
נען אין איהר ענטוויקלונג, וועלען זיך אלץ מעהר דיפערענצירען די
איינצעלנע גרופען, פעלקערשאפטען און נאציאָנען אין גייסטיג קול־
טורעלער הינזיכט. די אינדיווידואליטעט פון דער איינצעלנער
פערזאָן ווערט ניט אויסגעבילדעט דורך אָבזונדערונג און אָבשליע־
סונג פון די אנדערע פערזאָנען, אדרבא, זי ענטוויקעלט זיך ערשט,
ווען זי קומט אין בעריהרונג מיט דער אויסען־וועלט און איז מקבל
א פ י ע ל ז י י ט י ג ע השפעה. אויך נאציאָנען ווערען דורך
דעם אינטערנאציאָנאלען פערקעהר שטארקער און פעסטער אין זיי־
ער אינדיווידואליטעט. בלויז די אויסערע פאָרמען נעהמען אָן א
מעהר אלגעמיינעם האראקטער, אָבער הער אינערער האראקטער, —
און האראקטער איז אינדיווידואליטעט, — פון די פעלקער ווערט
דורך דעם שטענדיגען פערקעהר מיט דער גרויסער וועלט רייכער,
פיעלזייטיגער, פולער.

און דאָ קומט ענריקאָ פערי צו א מערקווירדיגען שטאנדפונקט
מכח די מעגליכקייטען פון מלחמות אין דער צוקונפט, ווען דער סאָ־
ציאליסטישער אידעאל וועט שוין זיין פערווירקליכט. ענריקא פע־
רי זאָגט ארויס דעם אפיקורסישען געדאנק, אז דער ר י כ ט י ג ע ר
נ א צ י אָ נ א ל ע ר קאמפף וועט זיך ערשט אָ נ ה ו י ב ע ן,
ווען די סאָציאלע פראגע וועט זיין געלעזט, און דאָ געהט ער זיך
פונאנדער מיט אלע טהעאָרעטיקער פון מארקסיזם, וועלכע האָבען
ביז ניט לאנג געקוקט אויף מלחמה ווי אויף אן אומשטאנד, וועלכער
ווערט געשאפען דורך דעם ניט־אָנצוזעטיגען אפעטיט פון דער
גרויס־בורזשואזיע. זאָל אָבער קומען די סאָציאלע גלייכהייט —
האָבען דיעזע טהעאָרעטיקער געדרונגען — דאן וועלען מלחמות אין
גאנצען פערשווינדען, ווייל עס וועט זיין פערשוואונדען די טרייבענ־
דע קראפט, דער הויפט מאָטיוו, וואָס רופט זיי ארויס, והא ראיה,
אפילו איצט זוכען די ארבייטער צו פעראייניגען זיך אויף אן

אינטערנאַציאָנאַלען אופן, און שוואכען אָב דערמיט די נאַציאָנאַ־ליסטישע קראַפט.

דיעזער שטאַנדפּונקט האָט זיך געפונען אין איינקלאַנג מיט די מאַרקסיסטישע פאָרשטעלונגען פון דעם צוקונפטס־שטאַאַט, וועל־כער איז צוגעפּאַסט צום כאַראַקטער פון משיח׳ס צייטען — אַלע וואונדען זיינען געהיילט, אַלע טרערען אָבגעווישט, יעדער מענש־ליכער צער פערשוואונדען, איין מאָל פאַר אַלע מאָל.

ענריקאַ פעררי איז אין בעצוג אויף מלחמה געקומען צו אַן ענט־געגענגעזעצטען שטאַנדפּונקט, ניט ווייל ער האָט געפונען אַ פעה־לער אין דער מאַרקסיסטישער לעהרע, נאָר ווייל ער האָט ארויסגע־פונען, אַז די מאַרקסיסטען האָבען אַ טעות, אַז זיי לערנען פאַלש דעם פשט פון זייער רבי׳ס תורה. נאָך ענריקאַ פעררי׳ס מיינונג לאָזט גראַד די סאָציאַלע אונגלייכהייט אין פיעלע פאַלען ניט צו צום נאַציאָנאַלען קאַמפף, ווייל די אונטערדריקטע קלאַסען זיי־נען פעראינטערעסירט צו זיין פעראייניגט אין אַן אינטערנאַציאָנאַ־לער אָרגאַניזאַציאָן, ווייל די קלאַסען־דאגות פערשטעלען זעהר אָפט דעם אויסברוך פון נאַציאָנאַלען צאָרן דעם וועג, זיי דערשטיקען איהם. ווען אָבער די סאָציאַלע אונגלייכהייט זאָל פערשווינדען, מוז זיך בעפרייען אַ גרויסער טהייל פון דער זעלבסטערהאַלטונגס קראַפט, וועלכע איז פריהער פערוועגדעט געוואָרען אין קלאַסען־קאַמפף, און די צוגעקומענע ענערגיע וועט זוכען אַן אויסגאַנג ביי די פערשיעדענע נאַציאָנען, און עס וועט ענטשטעהן אַ קאָנקורענץ צווישען די נאַציאָנען אויף די געביעטען, וועלכע זיינען פערבונדען מיט דער אויפּפאַסונג פון לעבען און געשמאַק, און די קאָנקורענץ וועט פיהרען צו צוזאַמענשטויסען. ענריקאַ פעררי גלויבט, אַז די נייגונג צו נאַציאָנאַלער זעלבסטערהאַלטונג בעשטעהט ניט נאָר אין דער עקאָנאָמישער פערזיכערונג פון דער צוקונפט, נאָר אויך אין דער פערזיכערונג פון דעם נאַציאָנאַלען כאַראַקטער, פון דער נאַציאָ־נאַלער אייגענאַרט. שטאַרקע נאַטורען לעגען ארויף זייער שטעמ־פּעל אויף דעם קרייז, אין וועלכען זיי לעבען, און שטאַרקע נאַציאָ־נען ווילען ארויפלעגען זייער חתימה אויף דער גאַנצער וועלט.

נאָך ענריקאָ פעררי׳ס טהעאָריע האָט אונז דער איצטיגער וועלט־

קריעג קיין איבערראשונג ניט געבראכט. ווען מיליאָנען פון סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָבען אויפגעגעבען זייער אָפּאָזיציאָנעלע שטעלונג און זיך מיט בעגייסטערונג אָנגעשלאָסען אָן זייערע רעגיערונגען, ליעגט דער טעות, נאָך ענריקאָ פעררי'ס פּאַראויסזאָגונג, ניט אין דער איצטינגער האַנדלונג פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, נאָר אין זייערע בעהויפּטונגען אין דער פאַר־דער־מלחמה'דיגער צייט. זייערע בעהויפּטונגען זיינען געוועזען נאָר ריין טהעאָרעטישע, זיי האָבען זיך ניט גערעכענט מיט דער מענשליכער נאַטור, מיט דער ווירקליכקייט.

— ליעגט דערין אַ גליק אָדער אַן אונגליק פאַר די מענשהייט? דאָס איז אַן אַנדער פראַגע. יעדענפאַלס איז עס נויטיג, אז די געזעלשאַפט זאָל וויסען, וואו זי האַלט אין דער וועלט, זי זאָל זיך ניט שפּיעלען מיט אָפּטישע טוישונגען, מיט אילוזיאָנען.

11 יוני, 1915.

# ראַסען־טהעאָריע און דער אידישער נאַציאָנאַליזם.

## I

### מענשען־פריינד וואָס זיינען אונזערע שונאים.
(קאַרל קויטסקי'ס „ראַסען און יודען")

מיר איז נאָך קיין מאָל ניט אויסגעקומען אָנצוטרעפען זיך מיט א מיינונג פון א ליבעראלען פּאָליטיקער אָדער פון א פריידענקענדען געלעהרטען, וועלכע זאָל זיין געריכטעט געגען דעם קיום פון א נאַציאָן, ווי קליין די נאציאָן זאָל ניט זיין, ווי ווייניג קולטור־ווערטהען זי זאָל ניט שאפען, ווי אונבעדייטענד עס זאָל ניט זיין די ראָלע, וואָס זי שפּיעלט אין אינטערנאציאָנאלען לעבען. אין לעבען ווי אין דער ליטעראטור און וויסענשאפט האָט דער נאציאָנאלער געדאנק ערוואָרבען פאר זיך אין דער לעצטער צייט א בכבוד'יגען פּלאטץ, די נעזעלשאפט האָט זיך אָנגעהויבען צו פער־האַלטען צום נאציאָנאלען פּרינציפּ מיט גרויס דרך ארץ. מען לעגט ניט מעהר אויפ'ן וואָגשאָל די מעלות און די חסרונות פון א נאציאָן, אום צו זעהן וועלכער טהייל איז מכריע, מען זוכט ניט אן עקזיסטענץ־בערעכטיגונג פאר א פאָלק אין דעם נוצען, וואָס עס קאָן ברענגען פאר די אנדערע — דער נאציאָנאלער קיום ווערט בעטראכט אלס זעלבסט־צוועק, א פאָלק דארף זיך מעהר ניט פערענטפערען, פאַרוואָס עס וויל לעבען, עס ברויכט ניט קיין תירוץ פאר זיין ציעלען־זיך צו זעלבסטשטענדינקייט.

איך רעד פון נאציאָנאלען געדאנק דערווייל, פון נאציאָנאלען פּרינציפּ, ווייל אין דער ווירקליכקייט האָט די מענשהייט נאָך ביי ווייטען ניט דערגרייכט די הויכע מדרגה פון מענשליכקייט, ווייל אין אינטערנאציאָנאלען רעכט הערשט נאָך די ברוטאלע מאכט פון דעם שטארקערען. עס מוז אָבער שוין פערצייכענט ווערען אלס פּאָרטשריט, וואָס לכל הפּחות אין דער טהעאָריע דרינגט זיך

דורך די געזעלשאפט מיט א הומאנערער אנשויאונג בנוגע דער עקזיסטענץ־בערעכטיגונג פון די קלענערע נאציאָנען. סימפּטאָמא־טיש איז דאָס א בעוויז, אז עס זיינען שוין דאָ אונטערשטימונגען אין דער געזעלשאפט, בעסערע און עדעלערע, וועלכע ברעכען זיך דורך א וועג צו א נייער תקופה, צו א תקופה, וועלכע וועט פיהרען די אויסגעמאטערטע מענשהייט צו א מעהר פריעדליכער און רוהי־גער עקזיסטענץ.

נעהמען מיר צום בייִשפּיעל די פּוילישע פראגע פון דעם וויע־דער אויפבוי פון א זעלבסטשטענדיגער פּוילישער מלוכה, געפינען מיר כמעט איין מקטרג ניט אויף דיעזען געדאנק. יעדער פריידענ־קענדער מענש גיט צו, אז ביי דער לעזתג פון דיעזער פראגע קאָן מען ניט נעהמען אין בעטראכט, וואָס יועט זיין בעסער פאר אייו־ראָפּא, נאָר וואָס וועט זיין בעסער פאר פּוילען, און עס קאָן קיין שום ספק ניט זיין, אז די ערגסטע פרייהייט איז בעסער איידער די בעסטע אבהענגיגקייט. נאָך מעהר, אפילו מיר אידען, וועלכע האָבען זעהר פיעל טענות צו דער פּוילישער בעפעלקערונג — דאָך קאָנען מיר ניט, אלס פּרינציפּיעלע נאציאָנאליסטען, ניט ווינשען דעם פּוילי־שען פאָלק, אז זיין הונדערט־יאָהריגער חלום זאָל פערווירקליכט ווערען. עס איז דאָ א געוויסער טראגיזם אין אונזער שטעלונג צו דער פּוילישער פראגע, דאָס איז שוין אָבער אונזער גורל, און מיר טהוען זיך אָן א כח און זיינען זיך גובר איבער אונזערע בע־פירכטונגען און פיהלען א געוויסע בעפריעדיגונג, ווען מיר זעהען אז דער אידעאל, אין וועלכען מיר גלויבען, מאכט נאָך איין שריט פאָרווערטס.

נעהמען מיר בעלגיען — א שפּאָגעל נייע פראגע אלס א רעזול־טאט פון דער איצטיגער מלחמה. די מיינונגען קאָנען זיין צו־טהיילט בנוגע צו די גרויסע קעמפּפענדע מלוכות, אָבער אלע סימפּאטיען זיינען אויף דער בעלגישער זייט, אלע פיהלען מיט דער קליינער מדינה אין איהר שווערען נסיון און אלע ווינשען איהר, אז זי זאָל רעכט באלד געהיילט ווערען פון די טיעפע וואונדען, וועלכע די מלחמה האָט איהר פערורזאכט. קיין פּאָלי־טיקער, ווען ער געהערט נאָר ניט צו די פערטרעטער פון דער עקס־

טרעמער רעאקציאָן, וועט ניט האָבען די העזה אויסצושפּרעכען אַ וואָרט נעגען די ווייטערע זעלבסטשטענדיגע בעלגישע עקזיסטענץ, און קיין געלעהרטער, ווי קאָסמאָפּאָליטיש ער זאָל ניט זיין געזינט, וועט ניט האָבען דעם מוטה צו געבען עצות דעם בעלגישען פאָלק, אז עס זאָל זיך ניט אזוי יאָגען נאָך דער וויעדערגעווינונג פון זיין זעלבסטשטענדינקייט אויף דער אסמכתא, וואָס אלע נאַציאָנען וועלען דאָך סוף־כל סוף־ מוזען אונטערגעהן און זיך פערשמעלצען אין דער איינהייטליכער מענשהייט.

נעהמען מיר אפילו די קליינע נאַציאָנאַלע גרופּען, די עקזאָטישע פעלקערלעך, פון וועלכע די וועלט האָט ביז איצט גאָר קיין נאָטיץ ניט גענומען, ווי אלבאניען צום ביישפּיעל, קאָנען מיר אויף פעסטשטעלען, אז די פאָרטגעשריטענע געזעלשאפט פערהאַלט זיך אויך צו די א ו י פ ל ע ב ע נ ד ע קליינע נאציאָנען מיט גרויס סימפּאַטיע, זי פערגינט זיי פון גאַנצען הארצען אַ זעלבסטשטענדיגען קיום.

ווי בייט זיך אָבער פּלוצלינג דאָס בילד, ווען מען הויבט אָן צו דיסקוטירען וועגען די אידישע פראגע! דאָ קומען בעלי עצות און זוכען צו בעווייזען אויף גרונד פון ו ו י ס ע נ ש א פ ט ל י כ ע ט ה ע אָ ר י ע ן, אז פאר די אידען בלייבט ניט קיין אנדער ברירה ווי אונטערצוגעהן אלס אַ פאָלק. איך רעד גיט פון די אנטיסעמיטען. זייער שטאַנדפּונקט איז קלאָהר און ברויכט ניט קיין פּירושים. אָבער פּאָליטיקער און וויסענשאפטלער, וועלכע זיינען מפורסם אין דער גאַנצער געבילדעטער וועלט אלס גרויסע מענשען־פריינד, אלס פּאָר־קעמפּפער פאר רעכט און גערעכטיגקייט — ווען זיי קומען און געפינען אויך קיין אנדער אויסוועג ניט פאר די אידען ווי צו פערשווינדען, און וואָס ניכער, אלץ בעסער, דאן מוז דאָך זיין אן אורזאכע, וועלכע גיט זיי אליין דאָס רעכט צו האָבען אַ צוויי־ענדיגען מאַסשטאַב, איין מאַסשטאַב פאר די גאַנצע וועלט, און איינעם פאר די אידען. וואָלטען זיי לכל־הפּחות אויסגעדריקט זייער פער־העלטנים צום אידישען פּראָבלעם מיט בעדויערען, וואָלטען זיי לכל־הפּחות געזאָגט, אז זיי קומען צו זייער שטאַנדפּונקט, ווייל זיי בוי־גען זיך פאר היסטאָרישע אונמעגליכקייטען צו געפינען אַן אנדער

לעזונג פאר די אידישע פראגע — עס וואָלט אויך דאמאָלס געזיועז גענוג טרויעריג, אָבער קיין בעליידיגונג וואָלט דערין ניט געשטעקט.

זיי טהוען עס אָבער ניט. קומען זיי צו דער אידישער פראגע, רייטען זיי אויף זייערע פּאָרטשריטליכע טהעאָריען, געפּאנצערט מיט א וויסענשאפטליכער טערמינאָלאָגיע און בעווייזען מיט אותות ומופתים, אז אין דעם נאציאָנאלען פערשווינדען שטעקט א שטיק פּראָגרעס פאר די אידען גופא.

דער טהעאָרעטיקער און דער פערטהיידיגער פון דער אָרטהאָדאָקסישער ריכטונג פון דער דייטשער סאָציאל־דעמאָקראטיע, קארל קויטסקי האָט דאָ ניט לאנג ארויסגעגעבען א בראָשורע וועגען די אידען־פראגע, בעטיטעלט: „ראסע און יודענטהום“. דער מחבר אליין, ווי עס איז צו זעהען פון דער הקדמה, האָט געפיהלט הפנים, אז דער איצטיגער מאָמענט, ווען די גאנצע ציוויליזירטע וועלט איז ארומגעכאפּט פון די מלחמה־פלאמען, איז ניט בעזאָנדערס געאייגנעט צו פערטיעפען זיך אין טהעאָרעטישע חקירות וועגען אן אלטעס פּראָבלעם ווי די אידישע פראגע, וועלכע איז ניט פערבונדען דירעקט מיט דער מלחמה, און ער זוכט זיך צו רעכטפערטיגען וואָס ער לאָזט ארויס זיין בראָשורע דוקא איצט. ערשטענס, איז די בראָשורע אָנגעשריעבען נאָך איידער די מלחמה האָט אויסגעבראָכען, צווייטענס, איז דאָס אידישע פּראָבלעם געוואָרען אקטועל נאָכדעם ווי די ערשטע בהלת איז פארביינגעגאנגען, דען גראד איצט, ווען דער נאציאָנען קאמפּף ווערט אויסגעפאָכטען אויף די שלאכט־פעלדער מיט כלי־זין, שפּיעלט זיך אָב פּאראלעל נאָך א מלחמה מיט דער פעדער אין די קאבינעטען פון זשורנאליסטען און פּראָפעסאָרען מכח די פערשיעדענע ראסען טהעאָריען. בכן, פיהלט זיך דער מחבר פאר בערעכטיגט ארויסצוטרעטען אויך מיט זיין מיינונג אין דיעזער וויכטיגער פראגע גראָד אין איצטיגען צייט־פּונקט.

געוויס קאָן מען אויף דעם מחבר קיין פאראיבעל ניט האבען. אין געגענטהייל, מיר וועלען איהם זיין דאנקבאר פאר זיין בראָשורע און פאר די עהרליכע אָפענקייט, מיט וועלכער ער שפּרעכט אויס זיין מיינונג. קויטסקי שפּיעלט ניט אין פּאָליטיק און זוכט ניט

צו בעשיטען מיט צוקער די ביטערע פילען, וועלכע ער גיט אונז איינצונעהמען. בעסער אזוי. פון דיעזער בראָשורע אָבער זעהען מיר מיט קלאָרקייט, וואָס מיר האָבען צו ערוואַרטען א ל ס פ א ל ק פון דעם זיעג פון די אידעען, פון וועלכע דער מחבר פון דער בראָשורע איז איינער פון די גרעסטע און די ליידענשאפטליכסטע פרעדיגער.

II

## די אידישע נאַציאָן דורך מאַרקסיסטישע ברילען.

קארל קויטסקי׳ס בראָשורע „ראַסע און יודענטהום" מאכט דעם איינדרוק פון א „וויסענשאפטליכער" אָבהאנדלונג, ווי פיעלע אנדערע וויסענשאפטליכע אָבהאנדלונגען אויף דיעזען געביעט. צוערשט קומט אן איבערבליק איבער די פערשיעדענע ראַסען־טהעאָריען, איבער טיער־ראַסען און מענשען־ראַסען, און דאַן אייניגע בעטראַכטונגען איבער די סימנים פון דער אידישער ראַסע, איבער קערפערליכע און גייסטיגע סימנים, און צום שלוס איבער אנטיסעמיטיזם, אסימילאַציאָן און צ י ו נ י ז ם. אין אמת׳ען איז אָבער די גאנצע בראָשורע פערפאַסט געוואָרען נאָר צוליעב דעם לעצטען קאפיטעל. קויטסקי איז א פראַקטישער מענש, ער בעשעפטיגט זיך נים מיט דער וויסענשאפט אוים ליעבע צו וויסענשאפט, ער זוכט תכלית, איהם אינטערעסירט די „הלכה למעשה", און דעריבער קומט ער טאקע מיט עצות, מיט פראַקטישע פאָרשלעגע. און אזוי ווי די ראַסען־פראגע איז געוואָרען אין דער לעצטער צייט מאָדערן, און דאָס נאציאָנאלע פראָבלעם האָט אנגעהויבען בעהאנדעלט צו ווערען אלס א בלוט־פראָבלעם, ד. ה. אזוי ווי מען האָט אָנגעהויבען צו ערקלערען די סבה פון דער פערשידענארטינקייט פון די מענשליכע גרופען מיט די פערשיעדענע מינים בלוט, וועלכע פליעסען אין אונזערע אָדערן, האָט קויטסקי זיך אָבגעשטעלט גראָד אויף דער ראַסען־פראגע, אום צו בעווייזען, ווי ווייט דאָס אידישע

פאָלק האָט קיין רעכט ניט צו פאָדערען זעלבסטשטענדיגע נאַציאָ־
נאַלע עקזיסטענץ אין נאָמען פון דער ריינקייט פון זיין ראסע.

עטוואָס נייעס האָט דער מחבר ניט ענטדעקט. ער ציטירט נאָר
איינינגע שטעלען פון פישבערג'ס און פון צאָלשאַנ'ס ווערק איבער
די אידישע ראסע, ער בעטאָנט דאָס, וואָס פאסט איהם. דאָס
וואָס פאסט איהם ניט, מאכט ער אוועק אונטער'ן האנד, און עס איז
ניכר, אז איידער דער מחבר איז צוגעטראָטען צו זיין פאָרשונג האָט
ער שוין געהאט זיין צ י ע ל, צו וועלכען ער האָט ג ע ו ו אָ ל ט
קומען. און אז מען וויל קומט מען, איבערהויפט נאָך ווען מען
בעשעפטיגט זיך מיט י ו נ ג ע וויסענשאפטען, וועלכע האָבען
זיך נאָך ניט אָבגעזעצט, און וועלכע לאָזען זיך בויגען נאָך אלע
זייטען.

די גאנצע ראסען-טהעאָריע קאָן נאָך בשום אופן ניט בעטראכט
ווערען אלס א וויסענשאפטליכע טהעאָריע, און נאָך וועניגער קאָן
בעטראכט ווערען די מ ע ט ה אָ ד ע אלס א וויסענשאפטליכע,
ווען מען מאכט דעם פערזוך צו אָנווענדען די ראסען־טהעאָריע אויף
די לעזונג פון דעם נאציאָנאלען פראָבלעם. די נאציאָן איז ניט נאָר
אן אנטראָפּאָלאָגישער און אן עטנאָגראפישער פראָדוקט, זי איז
אין נאָך א העכערען זין א רעזולטאט פון א פסיכאָ־היסטאָרישען
ענטוויקלונגס-פראָצעס. פונקט ווי מען קאָן ניט ערקלערען דעם
ח א ר א ק ט ע ר פון א מענשען דורך דעם אויפבוי פון זיין קער־
פער און דורך זיינע פיזיאָלאָגישע בעזונדערהייטען, אזוי לאָזט זיך
ניט ערקלערען דער קאָלעקטיווער נאציאָנאלער ח א ר א ק ט ע ר
דורך ראסען־סימנים, בפרט נאָך ווען דער בעגריף ראסע איז אבסאָ-
לוט נאָך ניט פעסטגעשטעלט, ווייל מיר האָבען איהם גענומען פון
דער פלאנצען און דער טיער־וועלט און א י י נ פ א ך איבערגע-
טראָגען אויף דעם מענשען. אויב מיר זאָלען אָננעהמען די הנחה,
אז דער בעגריף נאציאָן מוז זיין פונדאמענטירט אויף דעם ראסען־
בעגריף, דאָס הייסט, אויב מיר זאָלען צוגעבען, אז נאָר די גרופּע
פערדיענט דעם נאָמען נאציאָן, וועלכע קאָן ד אָ ק ו מ ע נ ט א ר י ש
בעווייזען, אז זי איז ביי איהר ענטשטעהונג צוזאמענגעשמאָלצען
געוואָרען דורך בלוט-פערוואנדשאפט און אז זי האָט בעהאלטען

איהר בלוט־ריינקייט ביז צו דער געגענוואַרט — דאַן וועלען מיר נעצוואונגען זיין אויסצומעקען דעם בעגריף נאַציאָן פון אונזער דענקען און דעם נאָמען נאַציאָן פון לעקסיקאָן, לכל הפחות פאַר אַלע אייראָפּעאישע פעלקער, וואָרום מיר האָבען אין אייראָפּא איין פאָלק ניט, וועלכעס זאָל קאָנען בעשטעהן דעם בלוט־עקזאַמען.

און קויטסקי מאַכט זיך טאַקע לוסטיג איבער די ראַסען־טהעאָריע און די ראַסען־טהעאָרעטיקער און ער פערשפּאָטעט זיי אויף יע־דען שריט און טריט אין זיין בראָשורע. ער בעווייזט זעהר וויטציג, ווי נאַאיוו עס איז, ווען מען וויל די לעצטע מלחמה ערקלערען אַלס אַן אונפערמיידליכען צוזאַמענשטויס צווישען „גערמאַנען" און „סלאַווען". מילא מיט דעם אַנטאַגאָניזם צווישען דייטשלאַנד און רוסלאַנד געהט עס נאָך, וואָס טהוט מען אָבער מיט די עסטרייכישע סלאַווען? נעהמט מען און מען שטעלט אַ מחיצה צווישען די מאָנ־גאָליש־טאַטאַרישע־סלאַווען און צווישען די לאַטייניש סלאַווען. דיעזע מחיצה האָט ערפונדען פּראָפעסאָר קאַרל לאַמפּרעכט, וואָרים אָהן איהר וואָלט זיין גאַנצע טהעאָריע פון דעם ראַסען־קאַמפּף צווי־שען גערמאַנען און סלאַווען אומגעפאַלען, און קויטסקי בעמערקט דערצו: „די נייע ראַסע פון די „לאַטיינישע סלאַווען" איז נאַטיר־ליך די צוזאַמענפאַסונג פון אַלע סלאַווישע פעלקער, וועלכע געהערען צום קאַטוילישען גלויבען." אויף אַזאַ אופן ווערט געשאַפען אַ נייע קאַטוילישע ראַסע, דאָס יונגסטע קינד פון אונזערע ראַסען־טהעאָרעטיקער. קויטסקי געהט ווייטער דורך דעם גאַנצען מנין פון די מלחמה פיהרענדע נאַציאָנען און בעווייזט מיט שאַרפער איראָ־ניע, ווי ווייט עס איז לעכערליך און אונבעגרינדעט צו זוכען אין דער ראַסע דעם שליסעל צו דער איצטיגער מלחמה.

זעלבסטפערשטענדליך בעמיהט זיך קויטסקי צו בעווייזען, אַז די מלחמה איז אַ רעזולטאַט פון אַ ריין עקאָנאָמישען קאַמפּף. מען קאָן מיט איהם מסכים זיין אָדער ניט, יעדענפאַלס אָבער, איז דערין קיין ווידערשפּרוך ניט ענטהאַלטען. דער מחבר בלייבט טריי זיך אַליין און אַלס אַנהענגער פון דער היסטאָריש־מאַטעריאַליס־טישער וועלט־אַנשויאונג, זוכט ער צו ערקלעהרען די וועלט־גע־שעהעניסע פון זיין שטאַנדפּונקט.

מען קאָן אויף דעם מחבר קיין פאראיבעל ניט האָבען, ווען ער בעמיהט זיך צו ערקלעהרען די ס ט ר ו ק ט ו ר פון אידישען פאָלק ניט דורך בעזונדערע ראסען־איינענשאפטען נאָר דורך די סביבה, ד. ה. דורך די לאגע, וועלכע די אידישע בעפעלקערונג איז געוועזען געצוואונגען צו פערנעהמען אין די פערשיעדענע מדינות. אפילו די גייסטיגע אייגענשאפטען פון דעם אידישען פאָלק שרייבט ער אויך צו דער סביבה הויפטזעכליך. דאָס זיינען אלטע בעהויפ־טונגען, נוט בעקאנט פון פיעלע פריהערדיגע מארקסיסטישע אָב־האנדלונגען וועגען דאָס אידישע פראָבלעם. מען קאָן מיט זיי זיין איינפערשטאנדען, מ'קאָן זיי געפינען אלס איינזייטיג און איבער־טריבען, אָבער עס איז ניטאָ קיין גרונד צו בעקלאָגען זיך אויף דעם מחבר. ער איז איינער פון די פיהרענדע מארקסיסטען, ער בע־טראכט די גאנצע וועלט און די געשעהעניסע דורך די רויט־געפארב־טע מארקסיסטיש־אָרטהאָדאָקסישע ברילען און ער האָט דאָס רעכט צו צומרעטען אויך צו דער אידישער פראגע מיט דעם מארקסיסטי־שען מאסשטאב.

מיר געפינען אָבער דערין א ווידערשפרוך, ווען קויטסקי, וועל־כער מאכט זיך לוסטיג איבער די גאנצע ראסען־טהעאָריע אין דער ע ר ש ט ע ר ה ע ל פ ט פון זיין בראָשורע, געברויכט די רעזול־טאטען פון צווייפעלהאפטע פאָרשונגען אויף דעם זעלבען געביעט, כדי מ ב ט ל צו זיין די גאנצע אידיש־נאציאָנאלע בעוועגונג. עס קומט אויס, אז „צום פגר'ן איז זי א בהמה", אז צום פערניכטען פון עטוואָס וואָס פאסט איהם ניט איז אויך די ראסען־טהעאָריע גוט.

מיט די זעלבע בעווייזען און מיט די זעלבע טענות וואָלט קויטסקי איצט געקאָנט קומען אויף צו זיינע אייגענע „שטאמס־גענאָסען", איך מיין צו די פוילען. מיט דעם זעלבען רעכט האָט ער אויך זיי געקאָנט געבען די עצה, וועלכע ער גיט די אידען און וועלכע קאָן פאָרמולירט ווערען זעהר קורץ: „מאטער זיך ניט צו־פיעל, שטרענג ניט אן אומזיסט די כחות, לאָז זיך אראָב אויפ'ן גרונד און געה אונטער איינמאָל פאר אלע מאָל." וואָרים אויב די אידען האָבען ניט קיין נאציאָנאלע עקזיסטענץ־בערעכטיגונג, ווייל

עס געפעהלט אנדערע טענדענציעזע פּאָרשער צו בעהויפּטען, אז דאָס אידישע בלוט איז ניט מעהר ריין אין ראסען־זין, האָבען מיר דאָס רעכט צו פערלאנגען, אז די זעלבע בלוט־אונטערזוכונג זאָל אויך געמאכט ווערען מיט אנדערע נאציאָנען. מיר ווילען ניט בילדען קיין אויסנאהם אפילו ביי בלוט־אונטערזוכונגען, מיר ווילען ניט, אז אפילו מענער ווי קויטסקי זאָלען האָבען פאר אונז ווענינגער רעספּעקט ווי פאר אנדערע נאציאָנען, מיר פערלאנגען איין מאָס־שטאָב פאר אלעמען.

קויטסקי האָט דאָס אָבער ניט געטהאָן. ער האָט פאר זיינע בעטראכטונגען און פאר זיינע פערעפענטליכונגען נ אָ ר אונז געוועהלט, גלייך ווי נאָר מיר אליין שטעהען איהם אין וועג. א נייער בעגריף פון „אתה בחרתנו“, אנטקעגען וועלכען מיר וועלען פּראָטעסטירען מיט דער גאנצער קראפט פון אונזער נאציאָנאלען עמפּפינדען.

יעצט לאָמיר זיך אָבשטעלען אויף דעם אופן, ווי קויטסקי געהט צו אונז צו, און אנאליזירען די עצה, וועלכע ער גיט אונז.

## III

### די אינקוויזיציאָן פון דער הערשענדער נאציאָן.

אין סדום, ווי מיר אלע ווייסען, איז געשטאנען א קהל'שע בעט, צוגעגרייט פאר אורחים, פאר דורכוואנדערער. יעדען אורח פלעגט מען ראשית כל בעטען אָברוהען. האָט ער געפּאסט פּונקט פאר די לענג פון בעט, פלעגט מען איהם אָבלאָזען בשלום. איז דער וואנדערער אָבער חלילה געווען צו קורץ, פלעגט מען איהם ציהען די גליעדער ביז יציאת נשמה; איז ער געווען צו לאנג, פלעגט מען איהם מקצר זיין די פיס און מיט די פיס אויך די יאָהרען. די לעגענדע דערצעהלט ווייטער, אז נאָר ווענינע פון די וואנדערער האָבען זיך געראטעוועט, די מייסטען האָבען דאָרט געפונען א קבר אנשטאָט ברויט און וואסער. דאָס איז די מ ד ה פון סדום.

די מדה פון סדום האָט דורכגעמאכט פיעלע גלגולים. נאָך א געפעהרליכערע פאָרם ווי אין סדום האָט זי אָנגענומען אין דער הערשענדער קירכע, וועלכע האָט אויסגעארבייט אן „אני מאמין" אלס מאַסשטאַב פאר די מענשליכע נשמה. אין מיטעל־אלטער האָט געהערשט די שרעקליכע אינקוויזיציאָן מיט איהרע פון גאָט געהייליגטע מאָרד אינסטרומענטען, און אונצעהליגע מענשען־קרבנות האָבען אויסגעהויכט זייער גייסט, נאָכדעם ווי זיי האָבען דורכגעמאכט אלע יסורים פון גהינום אויף דער וועלט. אין דער נייער צייט האָט די רעליגיאָן אין אלגעמיינעם פערלאָרען עטוואָס פון איהר השפעה, דער מענש איז געוואָרען עטוואָס פרייער און אויך עטוואָס טאָלעראנטער אין עניני אמונה. איז אָבער אויסגע־וואקסען אן אנדער „אני מאמין" ניט ווענינגער געפעהרליך ווי דער „אני מאמין" פון דער פערגלייווערטער, הארטער, שטרענגער קירכע. די הערשענדע רעליגיאָן איז אָבגעטראָטען אין הינטערגרונד און איהר פלאַץ האָט פערנומען די **הערשענדע נאציאָן**, אויפגעבויט אויף דעם זעלבען סדום׳ישען פרינציפּ. די הערשענדע נאציאָן, ווי די הערשענדע קירכע אין מיטעלאלטער, האָט איהר „אני מאמין", איהר מאַסשטאַב, וועלכען זי ווענדעט אָן אויף די נאַנצע סביבה, אויף די גאַנצע געזעלשאפט. זי וויל אלעס **איינ־שליינגען**, אלעס **ניוועלירען**, גלייך מאכען אלע **געפיהלען**, אלעס זאָל זיין צוגעפּאסט צו איהר מאַסשטאַב. האָסט דו א לאַנגע פערגאנגענהייט — האק זי אָב, טראָגסט דו אין זיך א צוקונפטס־חלום, שנייד איהם אָב; קאָנסט דו ניט צובינדען צו דיין איך א פרעמדע פערגאנגענהייט, קאָנסט דו זיך ניט בענייסטע־רען פאר א פרעמדע צוקונפט — ביסט דו פסול אין דער געזעל־שאפט. דו טאָרסט ניט זיין ניט לענגער און ניט קירצער פאר דעם אָנגענומענעם, אליין זעליג מאכענהען, **הערשענדען נאַ־ציאָנאלען** מאַסשטאַב. עס איז ענטשטאַנען די אינקוויזיציאָן פון דער **הערשענדער נאציאָן**.

און די אינקוויזיציאָן פון דער הערשענדער נאציאָן איז אין פיעל פּרטים ערגער, געפעהרליכער פאר דער אינקוויזיציאָן פון דער הערשענדער קירכע. קעגען די הערשענדע קירכע מיט איהר סדום׳ישען

פּרינציפּ האָבען געקעמפּפט אַלע פריידענקער. דער בעסערער מענש איז געווען פול מיט צאָרן און ער האָט ניט גערוהט אין זיין הייליגען קריעג געגען די אונהייליג געוואָרענע קירכע. קיין רעבעם־דעגקענ־דער מענש איז ניט געקומען מיט עצות: וואָס זאָל מען טהאָן, עס איז אזוי בעשעהרט, גיב זיך אונטער, פּאַס צו דיין נשמה צו דעם אינקוויזיטאָר'ס „אני מאמין". אדרבא, די בעסטע און די עדעלסטע האָבען אויפגעמונטערט דאָס פאָלק צו עקשנות און ווידערשטאַנד און ניט זעלטען אליין געציינט א ביישפּיעל פון מוטה און ענטשלאָ־סענהייט און געשפּרונגען אין פייער. פון זייערע פערברענטע קער־פּער איז ארויס א פונק, א גאָטס-פונק, און האָט אָנגעצונדען די גאַנ־צע סביבה. אזוי איז געבאָרען געוואָרען די רעפאָרם־בעוועגונג, די ווידערגעבורט פון דער מענשהייט.

זייט אָבער די סדום'ישע מעטהאָדע איז אריבערגעגאַנגען פון דער הערשענדער קירכע צו דער הערשענדער נאַציאָן, איז וויעדער פערדונקעלט געוואָרען דער מענשליכער פערשטאַנד. דער בעסערער מענש האָט זיך בערוהיגט אין זיין נאַאיווען גלויבען, אז די סכנה איז פאַרביי, די אינקיוויזיציאָן איז אויף אייביג פערשוואונדען. ער האָט ניט געמערקט, אז דאָס איז מעהר ניט ווי א שינוי השם, אז דער אלטער בעגריף האָט בעקומען א נייעם נאָמען, אז די אלטע צרה האָט זיך אנדערש פערקליידעט, אויף דעם אָרט פון דעם גלח איז אויסגעוואקסען די פּאָליציי, אויף דעם אָרט פון דעם גרויס-אינ־קוויזיטאָר — דער מיניסטער, און די הערשענדע נאַציאָן האָט אָב־געירש'ענט די קירכע.

און אנשטאַט עס זאָלען קומען די בעסערע מענשען, ווי זיי פלעגען קומען אין דער צייט פון דער קירכליכער אינקוויזיציאָן, און אויפמונטערען די געדריקטע און פערפאָלגטע צום קאַמפּף און צום ווידערשטאַנד, אריינגעבען זיי חשק און מוטה אין זייער ניט גלייכען קאַמפּף און העלפען זיי אין זייער גרויסער זעעלישער נויטה און גייסטיגער בעדרענגטהייט, פערגעסען זיי זייער מיסיאָן. אין בעסטען פאַל נעהמען זיי אן א פולע מויל וואַסער און שווייגען, אָגן נאָר אָפטמאָל קומען זיי ארויס מיט'ן וואָרט און גיבען עצות, וואָס ווען מען וואָלט גיט געוואוסט פון וואנען זיי קומען, וואָלט מען גע־

קאָנט מיינען, אז די אונטערדריקער האָבען זיי מכבד געווען מיט א שליחות, ווארים די עצות וואָס זיי גיבען געפינען זיך אין הארמאָנישען איינקלאנג מיט די אבזיכטען פון די הערשער.

זיי קומען צו א שוואכער נאציאָן, וועלכע פיהרט זייט טויזענדע יאָהרען א ניט־גלייכען קאמפף מיט דער גרויסער סביבה, ווייל זי וויל ניט, ווייל זי קאָן ניט אונטערגעהן, ווייל זי טראָגט נאָך אין זיך גענוג שעפּפערישע כחות, ווייל זי האָט נאָך ניט פערלאָרען דעם געזונדען אפּעטיט צו זעלבסט־שטענדיגען דאזיין, ווייל זי האָט נאָך איהר אייגענעם גאָט, איהרע אייגענע פאָרשטעלונגען פון מענש און וועלט, ווייל זי האָט נאָך כח צו ליידען, טראָגען און האָפען — קומען זיי צו איהר און גיבען איהר גאנץ קאלטבלוטיג אן עצה: אומזיסט דיין האָפנונג, אומזיסט דיין מאַטערן־זיך, דו האָסט ניט קיין עקזיסטענץ־בערעכטיגונג, ווארים די געשיכטע האָט פון דיר אָבגעצופּט אייניגע סימנים, וועלכע געהערען, לויט אונזער מאַסשטאַב, צום בעגריף נאציאָן. געה אונטער, לאָז זיך איינשלינגען, און מיר זאָגען דיר צו א ליכטיגען גן־עדן!

עס פעהלט נאָר דער נאציאָנאלער „אל מלא רחמים“:

„דער גאָט פון דער מענשהייט, וואָס טהראָנט איבער אלע וועלטען, נעהם אריין אונטער דיין כסא הכבוד די נשמה פון א פערשוואונדענער נאציאָן, שפּרייט אוים איבער איהר דיינע פליגעלען, אין גן־עדן זאָל זי רוהען צווישען אלע נשמות פון די פעלקער, וואָס האָבען פערלאָזען די וועלט. מיט דאנקבארקייט וועלען מיר איהר מאכען אן אזכרה צום יאָהר־צייט, מיט כבוד וועלען מיר איהר געבען א פּלאַץ אין דער געשיכטע. באשיץ און בעשירם זי אין דיין לייטזעליגקייט. אמן סלה.“

עס קלינגט אייגענארטיג. עס הערט זיך אין די ווערטער א טרויעריגער בית־המדרש־בת־קול — אָבער זיי דריקען אוים די קווינטעסענץ פון יעדער פּרעדיגט, וועלכע מאָהנט און רופט צו אסימילאציאָן, און די וואָס רופען צו אסימילאציאָן זיינען מעהר ניט ווי חברה־קדישא־לייט, ווי קברנים, וועלכע האָבען קיין צייט ניט און רייסען זיך אריין צום גוסס'ן אין צימער און צייגען איהם דאָס טהרה־ברעט און די ריינע, ווייסע, שפּאָגעל נייע תכריכים... זיי

ווילען איהם מאכען א חשק צו שטארבען, זיי מאַהלען איהם אויס א גן־ערן, זיי פערשפּרעכען איהם וואוילטאָג אויף יענער וועלט. פונקט אזוי פלעגען זיך נוהג זיין אויך די אלטע אינקוויזיטאָרען. בשעת די קרבנות האָבען זיך געבראָטען אויפ'ן שייטער־הויפען פלעגען זיי האלטען דעם צלם אין האנד און מיט צום הימעל פער־גלאָצטע אויגען בעטען רחמים פאר די גע'כשר'טע נשמות.

און ווען איך זעה פאר מיר פיינע מענשען, מיט גרויסע נשמות, פערטהיידיגער פון גערעכטיגקייט, קעמפפער פאר פריי־הייט — און זיי קומען ארויס מיט אן אסימילאציאָנס־פּרעדיגט, פערגעהט מיר דער פערשטאנד. פערשטעהען זיי דען ניט, אז די שלימסטע, די פיינליכסטע, די ניעדריגסטע קנעכטשאפט איז ווען איין נאציאָן מוז זיך אונטערגעבען צו דער אנדערער, דער הערר־שענדער? בעגרייפען זיי דען ניט, אז א נאציאָנאלער אונטערגאנג איז א שרעקליכע קאָלעקטיווע מיתה, אז עס איז שוין בעסער אויס־געשלאכטעט צו ווערען אויפ'ן מלחמה־פעלד, איידער צו זיין פער־משפט צו א לאנגזאמער גסיסה פון אייביגער קנעכטשאפט און שאנדע?

טרויעריג, זעהר טרויעריג וואָלט עס אויסגעזעהען מיט דער מענשהייט, ווען זי וואָלט זיך ניט דערהויבען צו א העכערער מדרגה פון פערשטענדניס, ווען זי וואָלט געבליבען ביי די אלטע, פער־שימעלטע השגות פון נאציאָן און נאציאָנאלען לעבען און וואָלט ניט איינגעזעהען, אז דער וועג צו דער בעפרייטער מענשהייט פיהרט נ אָ ר דורך די בעפרייאונג פון אַ ל ע נאציאָנען, אז די מלחמה דארף זיין געריכטעט ניט אנקעגען די שוואכע, צו ווידער־געבורט און זעלבסטשטענדיגקייט שטרעבענדע נאציאָנען, נאָר קעגען די שטארקע און ה ע ר ש ע נ ד ע, וועלכע האָבען א טייפעלשען אפּעטיט און ווילען אלעס אויפפרעסען און איינשלינגען. זיי זיינען דער שטן, זיי זיינען דער מלאך־המות פון דער מענשליכער פריי־הייט, פון דעם אמת'ען פראָגרעס, און יעדער ווער עס העלפט זיי, ווי עדעל און ווי ערהאבען עס זאָלען ניט זיין זיינע מאָטיווען, איז א העלפער פון שטן, א שליח פון מלאך המות.

זיינען טאקע אין דער לעצטער צייט אויפגעשטאנען נייע

אפאסטעל פון דער מענשליכער פרייהייט, וועלכע האבען טיעפער בעגריפען דעם היסטארישען פראצעס, וועלכע טראגען אריין אין די נעזועלשאפט א נייע בשורה. און מיר געפינען זיי, די נייע אפאסטעל, אויך אין דער פרישער יונגענדליכער סאציאל־דעמאקראטיע, וועלכע האבען דעם מוטה אבצוטרייסלען פון זיך די אלטע מסורות פון א ניט־ריכטיג פערשטאנענער טהעאריע, און האבען קיין מורא ניט פאר די זיידעס.

איך האב געלייענט די בראשורע פון קויטסקי, דעם סאציאל־דעמאקראטישען זיידען. ער רופט די אלטע אידישע נאציאן צום פערשווינדען, צום אונטערגאנג, צום טויט. האב איך פערביסען קויטסקי׳ס בראשורע מיט דער בראשורע פון דר. קוועסעל, איינער פון די בעדייטענדסטע אינגערע דייטשע סאציאל־דעמאקראטען. קוועסעל בעהאנדעלט, אין זיין בראשורע די זעלבע פראגע, דאס אידישע פראבלעם. איך געדענק נאך קוועסעל׳ן פון דער צייט, ווען ער איז נאך געווען אן איינפאכער ארבייטער אין קעניגסבערג און ערשט צוליעב זיין פערקעהר מיט די רוסיש־אידישע סטודענטען האט ער בעקומען א חשק צו שטודירען. און ער האט עס ווייט נעבראכט.

צוויי אבהאנדלונגען, איינע בעגרינדעט אויף טרוקענע ביכער, די אנדערע רייך מיט אונמיטעלבארע בעאבאכטונגען פון לעבען. פון איינער שטייגט צו אונז ארויף דער קול פון א קברות־מאן, פון דער אנדערער — א פרישע שטימע, א וועקענדע, א רופענדע, אן אויפמונטערענדע. צוויי אבהאנדלונגען — צוויי דורות, דער אבגעלעבטער, דער פערשווינדענדער, דער אויפלעבענדער, דער קומענדער.

## IV

### דער אידישער משיח און די גאולה שלמה.

מילא, אז מען בעהאנדעלט אונז אין לעבען אנדערש ווי אנדערע, מילא, אז מען געהט צו אונז צו אין לעבען אהן דעם נויטיגען דרך־ארץ — זיינען מיר שוין דערצו געוואוינט געווארען. מיר אליין האבען דורך אונזערע איינענע בעציעהונגען צו אונז אליין

נורם געווען, אַז אויך די אַרומיגע זאָלן אויף אונז קוקן פון אויבן אַראָב. דורות לאַנג האָבן אונזערע „גרויסע" און „געבילדעטע" געפּרעדיגט פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז מיר זיינען עפּעס אַ מין נאַציאָנאַלער טומטום, אַ פאָלקס־אַנדרוגינוס, עפּעס יאָ אַ פאָלק און ניט אַ פאָלק, עפּעס יאָ אַ געמיינשאַפט און ניט אַ געמיינשאַפט. און די וועלט האָט זיך אָנגעהויבן פערהאַלטען צו אונז ווי צו אַן ערשיינונג, וועלכע איז אָפטמאָל טראַגיש, אָפטמאָל קאָמיש, אָבער שטענדיג אונקלאָר, שטענדיג רעטזעלהאַפט, שטענדיג ספקות ער־וועקענד. און די וועלט האָט ליעב דאָס פּשוט'ע, די וועלט האָט ליעב צו וויסען, מיט וועמען זי האָט צו טהאָן, די וועלט האָט מורא פאַר סודות. עס איז שוין גענוג פאַר איהר, ווען זי מוז ברעכען דעם מח איבער די געהיימניספוּלע י ע נ ע ו ו ע ל ט, זי וויל דערי־בער, אַז לכל הפּחות ד י ו ו ע ל ט זאָל זיין אָפען פאַר איהר.

די פּראַקטישע אַסימילאַציאָן האָט געבראַכט מיט זיך אַן אי־נערען חורבן. די אַסימילאַטאָרישע א י ד ע אָ ל אָ ג י ע האָט פערגיפטעט די בעציהונגען צווישען אונז און אונזערע שכנים. אין נעוועהנליכען לעבען זיינען מיר מענשען מיט אַלע מענשען גלייך, מיר האָבען דעם זעלבען גרויסען יצר־הרע און דעם זעלבען קליי־נעם יצר־טוב, ווי די אומות העולם. פּונקט ווי זיי יאָגען מיר זיך נאָך דעם פינקעלנדען און קלינגענדען טהייערן מעטאַל, און פּונקט ווי זיי האָבען מיר אַ חשק צו לעבען אין קאָמפאָרט. פּונקט ווי זיי האָבען מיר אַן אַפּעטיט צו מותרות. פּונקט ווי זיי און אפשר נאָך אַ ביסעל מעהר, ווייל ניט אַלע וועגען, וועלכע פיהרען צו דער בע־פריעדיגונג פון דעם מענשליכען ערהגייץ, זיינען פריי פאַר אונז, ווייל אונזער ענערגיע קאָן אָנגעווענדעט ווערען נאָר אויף בע־שרענקטע געביעטען פון דעם עפענטליכען לעבען. יעדענפאַלס אָבער וועט קיינער ניט צונעבען נאָך די אויסערע סימנים פון אונ־זער לעבען, אַז מיר נעהמען איין אַ העכערע מדרגה, אַ בעזונדערע שטעלונג אין דער מענשליכער געזעלשאַפט.

קומען אָבער אונזערע „פּרעדיגער" און ווילען איינ'שמועס'ען אונז אַליין און די גרויסע אַרומיגע וועלט, אַז מיר זיינען אַ פאָלק פון כהנים, מאָדערן געשפּראָכען — אַ טהעאָלאָגישעס, אַז מיר זיי־

נען טרעגער פון א מיסיאָן, אז מיר האָבען די אויפגאבע מחזיר למוטב זיין די גאנצע וועלט. און מיט דיעזער פרעדיגט קומען גאנץ אָפּט ארויס ניט נאָר געשוואָרענע פרעדיגער — דאָס וואָלט מען נאָך אפשר פערשטאנען — נייַן, באנקירען, פאבריקאנטען און סתם סוחרים פערוואנדלען זיך מיט אמאָל אין שלוחים פון קודשא־בריך־הוא און חזר'ן איבער א גאנצע וואָך דאָס, וואָס זיי האָבען פון זייער פרעדיגער געהערט שבת — פערצייהונג, ניט שבת, זונטאג האָבען זיי דאָס געהערט. און די ארומיגע וועלט פאסט דאָס אויף ווי א וויטץ. זי קען די באנקירען, די פאבריקאנטען און די סוחרים און זי גלויבט ניט אין זייער טהעאָלאָגישע מיסיאָן און מאכט זיך לוסטיג איבער זייער טהעאָלאָגישען קרעדים.

אָבער, ווי געזאָגט, מיר דארפען זיך ניט בעקלאָגען, ווארום מיר אליין האָבען אין א געוויסען זין געשאפען די געזעלשאפטליכע בעציהונגען, וועלכע עקזיסטירען צו אונז. עס פערדריסט אונז נאָר, ווען מיר זעהען, ווי ערנסטע מענשען, וויסענשאפטלער, וועלט־פּאָליטיקער, טרעטען אויף צו צום אידישען פּראָבלעם מיט אַן אונפערשטענדליכער אויבערפלעכליכקייט, וועלכע זיי וואָלטען זיך בשום אופן ניט ערלויבט, ווען זיי וואָלטען צוגעטראָטען צו אַן אנדער פּראָבלעם.

אין זיין אויבענדערמאָנטען ווערק „ראסע און יודענטהום" בע־שעפטיגט זיך קויטסקי ניט נאָר מיט דער אידישער לאגע אין דער געגענוואַרט, נאָר ער פערזוכט אויך אָנצוצייכענען דעם וועג פון דער אידישער ענטוויקלונג אין דער נאָהענטער צוקונפט. איך זאָג ענט־וויקלונג, אָבער עס רעדט זיך נאָר אזוי, וואָרום קויטסקי זאָגט נביאות, אז דאָס אידישע פאָלק מוז אונטערגעהן, מוז איינגע־שלונגען ווערען פון דער ארומיגער סביבה. דאָס הייסט, קויטסקי בעטראכט דאָס גאנצע אידישע לעבען ניט ווי א פּראָצעס פון ענט־וויקלונג, נאָר ווי אַן אבוויקלונגס־פּראָצעס. דאָס אידישע פאָלק לעבט ניט מעהר. עס ד ע ר ל ע ב ט זיינע לעצטע טעג, און דאָס אויפפלאקערן פון דעם אידישען נאציאָנאלען בעוואוסטזיין איז נאָר די לעצטע אָנשטרענגונג פאר דער גסיסה, ווי דער פלאַם פון א וואולקאַן איידער ער ווערט פערלאָשען.

און אויף וואָס בעגרינדעט קויטסקי זיינע נביאות? אויף וואָס שטיצט ער זיך? פון וואַנען נעהמט ער זיך די וויסענשאַפט־ליכע גאוה צו רעדען מיט אַזאַ זיכערן טאָן, גלייך ווי די געשיכטע האָט איהם ענטפּלעקט אַלע איהרע סודות און אריינגעפיהרט איהם אין איהר צוקונפט־קאַמער ווי מען פיהרט אריין אַ בן־בית?

די געשיכטע האָט איהם קיין סודות ניט ענטפּלעקט און נייע בעווייזען האָט ער ניט. קויטסקי האָט ארויסגעפונען אַלטע אַר־גומענטען, פערשימעלטע סברות, אָבגעלעבטע מיינונגען און אויף זיי בויט ער זיין טהעאָריע. קאַוטסקי האַלט זיך נאָך פעסט ביי דער אַלטער היפּאָטהעזע, אַז אַ דאַנק דעם אויסערען דרוק קאָן זיך אַ פאָלק ערהאַלטען, אַז דער אויסערער דרוק בינדט צוזאַמען די פאָלקס־עלעמענטען, וועלכע וואָלטען זיך אין גאַנצען אויפגעלעזט, ווען מען וואָלט זיי נאָר געגעבען די מעגליכקייט פון פרייער בע־וועגונג. דעריבער זעהט ער די איינציגע ערהאַלטענדע קראַפט פון דעם אידישען פאָלק אין צוזאַמענגעשפּאַרטען געהעטאָ־לעבען. דאָס געהעטאָ איז אָבער ענטשטאַנען ווייל דער גע זע צ געבער האָט געוואָלט אָבזונדערען די אידישע בעפעלקערונג פון דער הערשענ־דער סביבה. עס קומט אויס אויף אַזאַ אופן, אַז דער הערשער, דער אונטערדריקער האָט קעגען זיין אייגענער כונה דערצו בייגע־טראָגען, אַז די אידען זאָלען זיך ערהאַלטען, דער אידישער קיום איז מעהר ניט ווי אַ צו־להכעיס קיום.

און קויטסקי בויט אָן איינפאַכען סילאָגיזם:

א) דער הערשער האָט געשאַפען דאָס אידישע גהעטאָ.

ב) צוליעב דעם לעבען אין גהעטאָ האָט זיך דאָס אידישע פאָלק ערהאַלטען.

ג) מיט דעם פערשווינדען פון דעם גהעטאָ מוז אויך דאָס אידישע פאָלק פערשווינדען.

און אַזוי ווי די מענשהייט מאַכט פאָרטשריט און די הער־שאַפט נעהט איבער פון דעם טיראַן אָדער פון דער קאַסטע אין די הענד פון דער דעמאָקראַטיע, איז דאָך ניטאָ קיין ספק, אַז די גהעטאָס וועלען אָבגעשאַפט ווערען, און ממילא וועלען פערשווינדען

יענע פעלקער גרופען, וועלכע האָבען זיך געהאַלטען נאָר צוליעב די גהעטאָס.

די בעפרייאונג פון די אידען פון גהעטאָ מוז ברענגען מיט זיך זייער אויפלעזונג, און וואָס גרינדליכער עס וועט זיין די בעפרייאונג, אלץ גרינדליכער וועט זיין די אויפלעזונג. אזוי פסק'ענט קויטסקי („ראַסע און יודענטהום", זייטע 92).

נאָך מיט עטליכע צעהנדליג יאָהר צוריק האָט א רוסיש־אידישער געלעהרטער, דער ליידער צו פריה פערשטאָרבענער אָרשאַנסקי, ארויסגעגעבען א גרינדליך ווערק איבער די רוסישע געזעצגעבונג בנוגע צו די אידען. דער מחבר שטעלט זיך אָב אויף דעם אידישען גהעטאָ אלס געזעלשאַפטליך־היסטאָרישע ערשיינונג און אונטערזוכט מיט וויסענשאַפטליכע מעטהאָדען די אורזאַכען, וועלכע טראָגען דערצו ביי, אז דאָס גהעטאָ זאָל ענטשטעהן. און אָרשאַנסקי קומט צו א גאַנץ אנדערען בעשלוס. ער ועפינט, אז צוערשט ענטשטעהט דאָס גהעטאָ צוליעב ריין פ ס י כ אָ ל אָ ג י ש געזעלשאַפטליכע מאָטיווען. צוליעב דער נ י י ג ו נ ג פון אַן א י י נ ה י י ט ל י כ ע ר בעפעלקערונגס גרופע, וועלכע וויל זיך אויסלעבען אין אַן איינענער סביבה, אָ ה ן ק י י ן ש ו ם צ ו ו אַ נ ג פ ו ן א ו י ס ע ן. צוערשט שליעסט זיך אָב די גרופע פון אינוועניג און ערשט שפּעטער קומט דער הערשער און שליסט זי אָב פון דרויסען. עס ווידערהאָלט זיך די אלטע געשיכטע מיט ג ש ן. צוערשט קומען די אידען און פערלאַנגען, אז מען זאָל זיי ערלויבען צו וואוינען אין א בעשטימטען תחום מכמה ומכמה טעמים, דערנאָך קומט פרעה און איז ג ו ז ר, אז זיי זאָלען בלייבען וואוינען נאָר אין דעם בעשטימטען תחום.

אָרשאַנסקי'ס טהעאָריע האָט דאמאָלס איבערראשט פיעלע וויסענשאַפטלער, אָבער זייט יענער צייט האָט יעדער פאָרשער אויפגענעבען די אלטע אנשויאונג וועגען דער ענטשטעהונג פון א גהעטאָ.

זייט יענער צייט זיינען ענטשטאַנען די גרעסטע אידישע גהעטאָס אין דער געשיכטע דוקא אין אזוינע מדינות, וואו די אידען האָבען ניט געהאט צו ליידען פון אַן אויסערען דרוק, וואו זיי האָבען

האט דאס רעכט זיך פריי צו בעוועגען און צו פערטהיילען זיך איבער דאס גאנצע לאנד. און ניט נאר די אידען אליין האבען גע־בילדעט נייע גהעטאס ביי פרייע בעדינגונגען. די אידען זיינען אין דער הינזיכט ניט יוצא מן הכלל. די נייע געשיכטע איז בעקאנט געווארען מיט דייטשע, איטאליענישע און פערשיעדענע סלאווישע גהעטאס.

עס איז ניט דא דער פלאץ אבצושטעלען זיך ברייטער אויף די אורזאכען, וועלכע צווינגען די איינוואנדערער צו גרופירען זיך נאך דער פאלקס־שייכות, ווען אפילו די ריינע עקאנאמיק איז קעגען אזא גרופירונג. עס איז פאר אונז געננג נאר אנצואווייזען, ווי־געפעהרליך דאס איז, ווען מען בויט א גאנצען בנין אויף א צו־פוילטען פונדאמענט.

און דאס האט געטהאן קויטסקי אין זיין נייעם ווערק זוענען די אידען־פראגע. ער האט געבויט אויף א פאלשער הנחה, און זיין גאנצע נביאות האט דעריבער קיין שום ווערטה ניט. ער האט פערביטען אורזאכע און פאלגע, ער האט אנגענומען דעם אידישען קיום אלס פאלגע פון אויסערען דרוק און האט ניט בעגריפען, אז דער דרוק איז געקומען דורך דעם קיום. דאס הייסט שטעלען די ערשיינונגען מיט'ן קאפ אראב, זעהן דעם היסטארישען פראצעס ווי א נעגאטיוועס בילד.

דיעזער טעות איז שוין געננג. ער איז מבטל דעם גאנצען בנין, ווארום דאס איז ניט א טעות אין דאך אדער אין דער אויסערער ארכיטעקטור, דאס איז א טעות אין פונדאמענט, אין ווינקעל־שטיין. דער גאנצער בנין שטעהט אויף היהנערשע פיסלעך און פאלט אום ביי דער ערשטער קריטיק ווי א קארטען־הויז.

אינטערעסאנט איז אויך, ווי קויטסקי זוכט אונז צו טרייס־טען. סוף־כל־סוף פרעדיגט ער דאך אונזער אונטערגאנג, פיהלט ער זיך פערפליכטעט צו זאגען מכח אונז איינינע בערוהיגענדע ווער־טער, און ער זאגט זיי בזה הלשון:

„דיעזעס פערשווינדען בעדייט ניט אין קיין פאל א טראגישען פראצעס, ווי למשל דאס אויסשטארבען פון די אינדיאנער אדער פון די טאסמאניער."

„דער אייביגער וואנדערער (אהאסווער) וועט דאביי ענדליך קומען צו רוה. ער וועט פ אַ ר ט ל ע ב ע ן א י ן ד ע ם ז כ ר ו ן ווי דער גרעסטער דולדער פון דער מענשהייט, וועלכער האָט מעהר ווי אלע פון אידר געליטען און מעהר ווי אלע איהר געשענקט."

דאָס הייסט: שרעק זיך ניט, אויף דיין קבר וועט אויס־וואקסען א בלומעלע, פערליעבטע וועלען פערביינגעהן און וועלען האָבען פון דעם בלומעלע א ריח ניחוח און וועלען זיך דערמאָנען אָן דיר מיט א געפיהל פון דאנקבארקייט.

וואָס זיינען מיר שוין ניט געווען: מיסט פאר די פרעמדע פעלדער, אויל פאר די פרעמדע רעדער, א ריח ניחוח פאר די פרעמ־דע נעזער, א קיטצעל פאר די פרעמדע נערוועו, אָן א נ ד ע נ ק ע ן פאר די גאַנצע מענשהייט.

אויסגערעכענט מוז קומען קויטסקי, דער מארקסיסט, און אלס מארקסיסט אָן עולם־הזה׳ניק, און אויך ער געפינט פאר אונז ניט קיין אנדער נחמה ווי א ליכטיגען גן־עדן.

אפנים די וועלט לאכט נאָך פון אונז.

26—17 יוני, 1915.

## דער ציוניסטישער אני מאמין פון אַ סאָציאַליסט

דר. קוועסעל׳ס אָבהאנדלונג „די אידישע נײי־קאָלאָניזאציאָן פאלעסטינא׳ס“, ענטהאלט אין זיך דריי שטעלען, וועלכע זיינען איג־טערעסאנט און כאראקטעריסטיש, ווייל זיי בעווייזען, ווי אַן אויפ־ריכטיגער סאָציאַליסט, אַ זעלבסטשטענדיג דענקענדער סאָציאַליסט, וועלכער נויטיגט זיך ניט אין אַ פרעמדען הכשר אויף זיין סאָציאַ־ליסטישע געזינונג, טרעט צו צום ציוניזם און צו דעם, וואָס ער האָט געשאפען אין די לעצטע 30—40 יאָהר. אלס זעלבסטשטענדיגער סאָציאַליסט מעסט ער ניט די אידעען נאָך זייער ברייט און לענג, נאָר נאָך הויך און טיעפקייט. נאָך דער ארט און ווייזע, ווי מיר טרעטען צו צו אַן אידעע און ווי מיר שעצען זי אָב, קאָנען מיר אורטהיילען איבער דעם אָבשעצער. אויבערפלעכליכע מענשען, וועלכע זיינען ניט מסוגל אריינצודרינגען אין די טיעפענישען פון היסטאָרישע ערשיינונגען, און זעהען ניט זייער אינערען זין, האָבען צו טהאָן נאָר מיט׳ן שטח פון דער אידעע. זיי ווארפט זיך אין די אויגען נאָר די אויבערפלעכע, טיעפער געהען די שטראהלען פון זייער גייסטינען אויג ניט דורך. נאָר די טיעפערע דענקער זיינען אימשטאנד צו בעפרייען זיך פון שטח ביי זייער אָבשאצונג פון דעם ווערטה פון פערשיעדענע אידעען, דאָס זיינען די, וועלכע קאָנען זיך גרונטעווען אָדער קלע־טערען אין די הויך. ווען עס וואָלט געווען ערלויבט אויסצודריקען זיך אין דיעזען פאל מאטעמאטיש, וואָלט מען געקאָנט איינטהיילען די בעציהונגען פון פערשיעדענע אָבשעצער פון דער אידעען־וועלט אין צוויי גרופען. די ערשטע גרופע בעוועגט זיך אין דער וועלט פון צוויי דימענזיאָנען (לענג און ברייט); די צווייטע האָט דריי דימענזיאָנען (לענג, ברייט און הויך). דער אונטערשיעד צווישען

די צוויי גרופּען איז אונגעהייער גרויס, ווי צווישען דעם פּרימיטי־
ווען און דעם פאָלקאָמענעם.

דר. קוועסעל געהערט אונבעדינגט צו דער צווייטער גרופּע.
ער בעאורטהיילט די וועלט־ערשיינונגען ניט נאָך די צווייגען, ער
דרינגט אריין ביז צום שורש, איהם אינטערעסירט די טרייבענדע
קראַפט און איהר שענקט ער זיין גאַנצע אויפמערקזאמקייט. און
ווען ער קומט צום ציוניזם און צו דעם וואָס האָט זיך אין די לעצטע
יאָהר־צעהנטען נייע ענטוויקעלט אין פּאלעסטינא, שטעלט ער זיך
ניט אָפּ אויף דעם שטח פון דעם ישוב, צעהלט ניט די איינצעלנע
קאָלאָניסטען, די איינצעלנע שולען א. ז. וו. — ער פאסט אויף דעם
גאַנצען ישוב אלס דעם העכסטען אויסדרוק פון א טיעף געהענדען
נאציאָנאלען דראַנג נאָך אן „אומשיכטונג" — ווי ער דריקט זיך
אויס — פון דעם אידישען לעבען, נאָך א נייגעשטאַלטונג פון דער
אידישער צוקונפט. דאריבער בעהאַנדעלט ער מיט דעם זעלבען
ערנסט די ווירטשאפטליכע, ווי די גייסטיגע זייט פון דער נייער
אידישער ענטוויקלונג אין פּאלעסטינא. ער מעסט ניט דאריבער די
צוקונפט נאָך דער קליינער געגענוואַרט. אין געגענטייל, ער זעהט
אין דער געגענוואַרט די סמנים פון דער גרויסער צוקונפט, ער בע־
טראַכט זי ווי דעם זאָמען, וועלכער ענטהאַלט אין זיך די גרעסטע
ענטוויקלונגס־מעגליכקייטען. נאָך מעהר. ער פארשטעהט, אז די
נייע גייסטיגע ענטוויקלונג אין פּאלעסטינא, ווייל זי האָט ניט
געהאַט אזוי פיעל שטערונגען אויף איהר וועג ווי די ווירטשאַפט־
ליכע, געהט פאָראויס מיט ריעזען שריט און דערנעהנטערט זיך
דעם ענדציעל.

„מען קאָן פיעלייכט איבערהויפּט זאָגען, אז דאָס וואָס האַלט
נאָך ערשט אין ווערען אויף'ן ווירטשאפטליכען געביעט, איז שוין
אויף דעם גייסטיגען געביעט אין פיעלע פּרטים דערגרייכט געוואָרען.
איך דענק דערביי הויפּטזעכליך אָן דער ערשיינונג, וועלכע גרענעצט
כמעט אָן דאָס וואונדערבארע, ווי א פאָלק געווינט ווידער זיין
שפּראַך, וועלכע עס האָט פערלאָרען אין גלות מיט 15 הונדערט
יאָהר צוריק און פעראייניגט דורך די ניי־געוואונענע שפּראַך די
אשכנזים און די ספרדים. אין פּאלעסטינא וואקסט א נייער דור,

וועלכער האָט נאָר איין שפראַך, און זי געהערט  נ א נ ץ  דער יודענהייט, גייסט פון איהר גייסט, די הייליגע שפּראַך פון די ענ־טערען: די העברעאישע. עס קלינגט זעלטזאַם ווען מיר הערען, ווי די קינדערגערטנערינען זינגען און ריידען מיט די קליינע קינדער העברעאיש. דורך די קינדער־ליעדער איז די העברעאישע שפּראַך אריינגעדרונגען אין די ברייטערע פאָלקס־שורות. אויך די אידישע אינטעליגענץ ארבייט מעכטיג פאר דער ווידערגעבורט פון דער העברעאישער שפּראַך און זי קומט אריין אין גרויס צאָרן, ווען מען וויל פערפלאַנצען אין אידישען טעכניקום אָן אַנדער אונטערריכטס־שפּראַך אנשטאָט העברעאיש. געוויס געהט עס אָפּטמאָל א ביסעל שטורמדיג צו ביי דער ווידערגעבורט פון דער העברעאישער שפּראַך. מען דאַרף אָבער ניט פערגעסען, אַז אין דער וועלט־געשיכטע געהט יעדעס מאָל צו עטוואָס קולות'דיג, ווען עטוואָס נייעס ווערט געבאָרען. גאָר אָהן פאנאטיזם האָט זיך נאָך קיינמאָל קיין ענדערונג אין פעלקער־לעבען ניט פערווירקליכט. א מיטעל־פונקט פאר די אידישע קולטור זאָל די געפּלאַנטע אידישע אוניווער־זיטעט אין ירושלים ווערען... זעלבסטפערשטענדליך, איז עס נאָר א התחלה, די התחלה צייגט אָבער מיט וועלכען ערנסט די קול־טורעלע ארבייט איז אויפגענומען געוואָרען".

אזוי שעצט איין דעם ווערטה פון דער קולטורעלער ארבייט אין פּאלעסטינא אַן אויפריכטיגער און א זעלבסטשטענדיג־דענ־קענדער ניט־אידישער סאָציאַליסט.

ניט וועניגער אינטערעסאַנט איז דר. קוועסעל'ס אורטייל איבער דעם איינפלוס, וועלכען דער  פ ע ר ו ו י ר ק ל י כ ט ע ר  ציוניזם וועט האָבען אויף די סאָציאַלע שטעלונג פון די אידען אין דער גאַנצער וועלט. דאָס איז דער פונקט, וועלכער יאָגט אָן א שרעק אויף אַלע אידישע אסימילאַטאָרען. זיי האָבען מורא, אז ווען די אידען זאָלען גרינדען אַן אויטאָנאָמעס לעבען אין פּאַ־לעסטינא, וועלען זיי, די אסימילאַטאָרען, פערלירען זייער לעצטען שטיצפּונקט אין דער ארומיגער געזעלשאַפט אין די לענדער, וואו זיי וועלען בלייבען לעבען. אין דעם זעלבען טעות פאַלען גאַנץ אָפּט אריין אויך אנדערע ניט אסימילאַטאָריש־געזינטע אידען. זיי

פערשטעהען ניט, אז די נידעריגערע געזעלשאפטליכע מדרגה, וועלכע די אידען נעהמען איין אין דער גאנצער וועלט, איז ערקלערליך גראד דורך דעם אומשטאנד, וואס דער איד קאן ניט אנווייזען אויף א שטיקעל פלאץ אונטער דער זון, וואו זיין פאלק איז סאווערען, אז גראד ד ע ר י ן ליעגט די אורזאכע פון דער געזעלשאפטליכער קנעכטשאפט.

„אין דייטשלאנד גלויבט מען אין דער בעדייטונגס־לאזיגקייט פון דעם ציוניזם, ווייל מען זעהט ניט אין זיין פערווירקליכונג די פערענטפערונג פון דער אייראפעאישער אידען-פראגע. געוויס קאן דער ציוניזם ניט בייטראגען, אז מען זאל פאר די אידען עפענען אלע שטעלען, וועלכע זיינען פאר זיי איצט פערשלאסען. דאגעגען שיינט מיר, אז די דיכטערין ריקארדא הוך האט דורכאויס רעכט, ווען זי ערווארט פון ציוניזם די הויבונג פון דער אידישער געזעל־שאפטליכער שטעלונג אויך אין דייטשלאנד. די גרינדונג פון א אידישען געמיינוועזען אין דער אלטער היימאטה פון אידישען פאלק ערפילט זי, די דיכטערין, מיט בעוואונדערונג, און זי וויל האפען, אז אלע נאציאנען, וועלכע האבען ארויסגעציינט פעראכטונג צו די אידען כל־זמן זיי זיינען בעטראכט געווארען ווי אונגעבעטענע איינדרינגלינגע, וועלען בעקומען בעוואונדערונג פאר דאס נייע, ווידערגעבארענע, זעלבסטשטענדיגע פאלק, וואס האט אזוי פיעל געגעבען דער מענשליכער קולטור. די מורא פון די אסימילאטארען, אז די פערווירקליכונג פון דעם ציוניזם וועט פערשטארקען אין דייטשלאנד דעם אנטיסעמיטיזם — בעדייטעט א גראבען טעות אין דער ריכטיגער אויפפאסונג פון דער פעלקער־פסיכאלאגיע".

פאר די אסט־אייראפעאישע אידען זעהט דר. קוועסעל אין דער פערווירקליכונג פון דעם ציוניזם דעם ריכטיגען וועג, ווי צו לעזען די גרויסע אידען־פראגע. פון דיעזען שטאנדפונקט אויס געזעהען, קאן מען דעם ציוניזם צושרייבען דעם פערדיענסט, אז ער האט געפונען דעם וועג, וועלכער קאן פיהרען צו דער לעזונג פון דער אסט-אייראפעאישער אידען־פראגע. זעלבסטפערשטענדליך, קאן עס ניט מאמענטאן געשעהן, דאראן איז שווער צו דענקען.

אבער — אוז דא קומט דר. קוועסעל צו זיין ציוניסטישען

„אני מאמין“, —ווי עס זאָל ניט אויספאלען דער קאָלאָניזאטאָר־רישער ערפאָלג פון דעם ציוניזם אין פאלעסטינא, דער ציוניזם בלייבט אין יעדען פאל א בעוועגונג פון עדעל־דענקענדע, פון אין בעסטען זינען ס אָ צ י א ל ־ און נאציאָנאל געזינטע מענער און פרויען, וועלכע ווילען, אז זייער נאציאָנאלע גייסטינקייט זאָל ווייטער אויסגעבילדעט ווערען אין אינטערעס פון דער גאנצער קולטור־מענשהייט, אז די געקנעכטעטע אָסט־אייראָפעאישע אידען זאָלען בעפרייט ווערען פון דעם געפיהל פון היימאטהלאָזינקייט און זאָלען בעקומען א נ י י ע ש ט א ם ־ היימאטה, אין וועלכער זיי זאָלען ארויסגעהן פון דער טיעפער נאכט פון דעם סאָציאלען און נאציאָנאלען עלענד צו פרייהייט און מענשען־ווירדע“.

אזוי רעדט א מאן, א זעלבסטשטענדיג דענקענדער סאָציאליסט, אן עדעלער מענשען פריינד.

28 דעצ., 1915.

# נאַציאָנאַלע צולאָזענקייט און גלות פּסיכאָלאָגיע

א מערקווירדיגע זאַך. מיר זיינען שוין אזוי צוגעוואוינט צו א פערקעהרטען דאזיין און פערקעהרטע לעבענס־פאָרמען, אז ווען מיר זעהען עטוואָס וואָס איז נאטירליך, גלייך, מענשליך בנוגע צו אונז, מאכען מיר גרויסע אויגען און מיר ווערען פערוואונדערט און ערשטוינט. אונז גלויבט זיך עפּעס אליין ניט, אז אויך אונזער לעבען קאָן אָפּטמאָל רעגולירט ווערען פון גלייבע, נאטירליכע גע־זעצען, אז אויך מיר, דער גרויסער „יוצא מן הכלל" אונטער די נאציאָנען און פעלקערשאפטען, קאָנען זיין אָפּטמאָל אונטערוואָרפען דעם אלגעמיין מענשליכען, ניט זיין דוקא די אויסנאהמע.

מיר טרעפען אָן א בעקאנטען אין א שטאָדט אויסער דעם „תחום", און ער דערצעהלט אונז, אז אין 24 שעה מוז ער פערלאָזען דעם אָרט, און מיר פערשטעהען איהם און פרעגען ניט קיין שאלות. מיר טרעפען אָן א צווייטען בעקאנטען אין דער זעלבער שטאָדט און ער דערצעהלט אונז ניט, אז מען טרייבט איהם ארויס, און מיר פערוואַרפען איהם מיט קשיות: ווי אזוי, אויף וועלכער אסמכתא און אויף ווי לאנג?

מיר זעהען אונצעהליגע אידישע קינדער, בעגאבטע און פלייסיגע. זיי לערנען „אין דער היים". די ניט־רייכע עלטערען מוזען זיך מקריב זיין, צוויי מאָל מעשר פון זייער גאנצער אָרימזעליגער פרנסה מוזען זיי אויסגעבען פאר שכר למוד. מיר פרעגען ניט קיין שאלות, מיר געפינען אז די פערשווענדונג איז נאָרמאל. מיר טרעפען אָן דעם שכנ'ס א קינד, אויסגעפּוצט אין דער שול-אוניפאָרם און מיר רינגלען ארום די עלטערען מיט קשיות: ווי אזוי, אויף וועלכער אסמכתא און וויפיעל שתדלנות און וויפיעל איבערהויפּט האָט עס געקאָסט?

איך האָב געקאָנט פערלענגערען די שורה פון די קשיות, אויסציהען זי אונענדליך לאַנג. אָבער עס איז ניט נויטיג. איך האָב זיך אָבגעשטעלט אויף טיפּישע ביישפּיעלען, און יעדער, ווער עס איז נור עטוואָס בעקאַנט מיט די בעדינגונגען פון אונזער פערקעהרטען לעבען אין מזרח־אייראָפּא קען אליין ציהען די ביישפּיעלען אָהן אַ שיעור.

דאָס אַלעס וואָלט אָבער נאָך געוועזן אַ האַלבע צרה. מען איז אונטערדריקט און מען ליידט פון דעם צווייטען, פון דעם פ ר ע מ ד ע ן. דער פרעמדער האָט די קראַפט, ער בעזיצט די מאַכט און פאָהרט רייטענדיג אויף דעם שוואַכערען. דער שוואַכערער ראַנגעלט זיך אויף ווי ווייט זיינע כחות ערלויבען איהם, ער פּראָטעסטירט, ער אַפּעלירט אים נאָמען פון יושר און מענשליכקייט, ער פערלירט אָבער ניט דערביי זיין אייגענעם אינערען ווערטה. דער גזלן קאָן בערויבען, ער קאָן אויך מאָרדען, דער גזלן קאָן אָבער קיינעם ניט ב ע ל י י ד י ג ע ן, אפילו זיין אייגענעם קרבן ניט.

אין אונזער אידישען פערקעהרטען לעבען זיינען אָבער פאַראַנען ערשיינונגען, וועלכע מוזען ווירקען אויף יעדען דענקענדען אידען־מענשען פיעל ערגער, שטעכענדער, ברענענדער ווי אַלע אויסערע פערפאָלגונגען און אונטערדריקונגען, וועלכע קומען פון דער געגנערישער זייט. אין עצם ענטהאַלטען אויך זיי אין זיך די עלעמענטען פון ע נ ט ע ר ע כ ט ו נ ג און אַלס צונאָב טראָגען זיי אין זיך אַלע סימנים פון אַ טיעפער בעליידיגונג, גראַד ווייל זיי דריקען אויס די בעציהונגען פון א י י ג ע נ ע, ווייל זיי דריקען אויס ניט נאָר בייזהייט, נאָר אויך פעראַכטונג, דאָרט וואו מען האָט געקאָנט ערווארטען „על פי דרך הטבע“ מיטגעפיהל און אַכטונג.

מיר בעריהרען דאָ איינע פון די ברענענדסטע גלות־פראַגען.

אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט געהערט די אינטעליגענץ איהר פאָלק. ווילענדיג און אפילו ניט ווילענדיג דיענט זי זיינע אינטערעסען, ווילענדיג און אפילו ניט ווילענדיג פערמעהרט זי זיין מאַטעריעלעס און גייסטיגעס פערמעגען. ניטאָ קיין אנטלויפען, ניטאָ קיין ענטרינען, ניטאָ קיין זיך בעפרייען פון די

חובות, וועלכע דאָס פאָלק לענט ארויף אויף דעם איינצעלנעם. די אינטעליגענץ קאָן טויזענד מאָל אָנגעשטעקט ווערען פון אנטינאַציאָנאלע אידעען, זי קאָן זיך בעגייסטערען פאר קאָסמאָפּאָליטישע שטרעמונגען — דאָס אלעס בלייבט אָבער נאָר אין דער טעאָריע, קומט עס צום פּראקטישען לעבען, מוז זי בלייבען נאציאָנאל אין איהרע האנדלונגען. די שפּראך, די שולע, און דער גאנצער לעבענס-צושניט, דער האנדעל און יעדער אנדערער פרייער בערוף, די קונסט און די וויסענשאפט — קאָנען ניט איבערשפּרינגען די נאציאָנאלע מחיצה. די ערשטע בלייבען שטענדיג ריין נאציאָנאל, די לעצטע קאָנען אויך זיין אינטערנאציאָנאל, דאָס הייסט, זיי קאָנען ארויסגעהן פון זייערע נאציאָנאלע גרעניצען און בעקומען א בעדייטונג אויך פאר אנדערע נאציאָנאלע גרופּען, אָבער אויך אין אזא פאל בלייבט דער גרעסטער חלק פון זייער פּראָדוקטיוויטעט אין דער נאציאָנאלער גרופּע, פון וועלכער זיי געהען ארויס. ווען דער גרויסער סוחר, דער קינסטלער, דער וויסענשאפטלער אָדער דער שטאאטסמאן בעקומט א וועלט-נאָמען, אן אינטערנאציאָנאלע בעדייטונג, פּערדיענט פון איהם מעהר פון אלעמען זיין אייגענע נאציאָן. אלעס וואָס ווערט געשאפען און האט א דויערענדען ווערטה, טראָגט אויף זיך א נאציאָנאלע שוטץ-מארקע.

מיר אָבער בעזיצען א גרויסע אינטעליגענץ, וועלכע וויל גאָר ניט האָבען צו טהאָן מיט איהר פאָלק. זי האט זיך פון איהם לחלוטין אָבגעקעהרט און דיענט אָדער איהרע אייגענע קליינע פּערזענליכע אינטערעסען, אָדער די אינטערעסען פון פרעמדע פעלקער. זי האט געשאפען פאר זיך א געפעהרליכע טהעאָריע, א טהעאָריע, וועלכע גיט פון איין זייט א הכשר אויף גלייכגילטיגקייט און פון דער אנדער זייט ערלויבט זי דעם איינצעלנעם ארויסטרעטען פון זיין אייגענעם נאטירליכען כלל און צושטעהן צו פרעמדע גרופּען.

אין מאטעריעלער הינזיכט איז דאָס אידישע פאָלק דאָס פּראָלעטאריער-פאָלק אונטער די אומות העולם. מיר קאָנען האָבען טויזענד ראָטשילדס, בלייכרעדערס, בראָדסקיס און ווי זיי הייסען דאָרט, און דאָך בלייבט דאָס אידישע

פאָלק אלס גאַנצע דאָס אָרימסטע אויף דער וועלט, וואָרים אויך דאָס פערמעגען פון די אידישע גבירים איז מ ש ו ע ב ד צו אַנדערע פעלקער. אין קריטישען מאָמענט מוזען זיי מיט זייער פערמעגען דיענען פרעמדע אינטערעסען, זייער אייגענעם פאָלק האָט ניט די מאַכט צו פ אָ ד ע ר ע ן פון זיי עטוואָס, עס קאָן נאָר פ ע ר ל א נ ג ע ן א נ ד ב ה. עטוואָס אַנגעגרייטעס אויף דעם פאַל פון אַ קאַטאַסטראָפע, פון אַ נאַציאָנאַלען אונגליק האָט דאָס אידישע פאָלק ניט.

מען וועט אנטקעגען דעם איינווענדען און זאָגען: אַ גלות־פאָלק קאָן זיך ניט אַנדערש איינריכטען. דער שטאַאַט, די הערר־שענדע נאַציאָן וועט ניט צולאָזען, אז מ'זאָל זאַרגען פאר'ן איי־גענעם כלל. דאָס וואָלט אָבער געוועזען מעהר ניט ווי אַן אויסרעד, מעהר ניט ווי אַ פוילער תירוץ. אויך אין גלות האָט דער אידישער כלל געקאָנט אין דער אָדער אין יענער פאָרם מעהר זאָרגען פאר זיין אייגענע צוקונפט. די אורזאַכע פון דער אידישער כלל־זאָרג־לאָזיגקייט ליעגט ניט אין די אויסערע בעדינגונגען אליין, זי ליעגט אויך אין אונזער נ א צ י אָ נ א ל ע ר צ ו ל אָ ז ע נ ק י י ט, אין די ערלייכטערונגען, וואָס מיר האָבען אליין פאר זיך געשאַפען, וועלכע ערלויבען יעדעם איינצעלנעם פון אונז אָבצוטרייסלען זיך פון אלע חובות צום כלל.

אין נייסטינגען הינזיכט שטעהט עס מיט אונז ניט פיעל בעסער. נור אַ קליינער חלק פון אונזער אינטעליגענץ ווענדעט אָן זיינע שעפּפערישע כחות אין זיין אייגענעם נאַציאָנאַלען קרייז. אונזערע טאַלענטירטע שריפטשטעלער, קינסטלער, וויסענשאַפטלער איז שטאַאַטס־מענער שטעהען אין דיענסט פון פרעמדע פירמען, און מיר אליין בעטראַכטען דאָס אלס נאַטירליכע ערשיינונג. אונזערע גרויסע פערמעהרען דעם קרעדיט פון פרעמדע נאַציאָנאַלע גרופּען, און פאר אונז אליין בלייבען נור שיריים, נור די, וועלכע האָבען לעת עתה נאָך ניט געהאַט די מעגליכקייט זיך אָבצורייסען.

און דאָס טרויעריגסטע דערביי איז, וואָס מיר האָבען זיך צו־געוואוינט צו דער נעגאַטיווסטער ערשיינונג פון אונזער כלל ־לעבען און בעטראַכטען זי אלס נ אָ ר מ אַ ל. און ווען מיר זעהען,

אז איינער פון די גרויסע ק ע ת ר ט זיך אום צו זיין פאָלק און וויל ווידמען זיין טאַלאַנט און זיין איינפלוס די אינטע־רעסען פון זיין א י י ג ע נ ע ם פאָלק — וואונדערען מיר זיך און פרעגען טויזענד קשיות. מיר פרעגען זיך, וועלכע פ נ י ו ת האָט דער גרויסער, וואָס האָט איהם ג ע ־ צ װ א ו נ ג ע ן אומצוקעהרען זיך, וואָס זוכט ער ביי זיין פאָלק, וואָס איז ער אויסען, וואָס וויל ער דערגרייכען און אזוי ווייטער.

די אלטע גלות פסיכאָלאָגיע. מיר טראָגען אונזער יאָך א גאַנץ יאָהר. מאכען מיר אָבער איין מאָל אין יאָהר א סדר, (אלעם איז ריין און דער טיש איז פיין געדעקט), און ווילען דערצעהלען א מעשה פון בעפרייאונג — לערנען מיר אונזערע קינדער צו פרעגען פיער קשיות.

און דער בעסטער תירוץ איז: עבדים היינו.

11 יולי, 1915.

## צוריק פון דעם „כותל מערבי" פון דער אסימילאציאן.

פיעלע פרעגען: ווי אזוי קומען זיי צוריק, די דערווייטערטע, די אבטריניגע, די אידיש אינהאלטלאזע, די גאנץ אסימילירטע? וועלכע קראפט צווינגט זיי ארויסצוגעהן פון א פרעמדער וועלט, וועלכע איז געווארען פאר זיי אן איינענע, און אריינצוגעהן אין אן איינענע וועלט, וועלכע איז פאר זיי געווארען א פרעמדע? ווער איז דער כשוף־מאכער, וואס שטעהט הינטער'ן פארהאנג און קאמאנדירט אריבער דערוואקסענע מענשען, שטאלצע, מיט פעסטע נאטורען, פון איין וועלט אין די אנדערע?

איז עס די גרויסע נויט, די אונגעהויערע קאטאסטראפע, וועלכע האט זיך אויסגעגאסען אויף דעם אידישען קאפ? איז עס דאס גרויסע רחמנות־געפיהל, וועלכעס האט אנגעריהרט די אידישע זעעלע? — היינט פאר וואס קומען זיי ניט, די דערווייטערטע, די אבטריניגע, אלע אויף אמאל? פאר וואס טהוט ניט תשובה די גאנצע אידישע אינטעליגענץ? פארוואס קעהרען זיך אום לעת עתה צו זייער פאלק נאר איינצעלנע, און טויזענדע און טויזענדע בלייבען פערשטייפט אין זייערע אלטע גוסס'דיגע טהעאריען און אין זייער עקשנות ווילען זיי ניט הערען דעם רוף פון דער צייט?

און פאר וואס קומען צוריק דוקא ד י איינצעלנע, פון וועלכע מיר האבען זיך שוין לאנג מיאש געווען, דוקא די, וועלכע זיינען געשטאנען אם ווייטסטען פון זייער פאלק, וועלכע האבען א לעבען־לאנג קיין שום שייכות ניט געהאט ניט צו זיינע ליידען, ניט צו זיינע פריידען, ניט צו זיין פערגאנגענהייט, ניט צו זיין צוקונפט? פאר וואס עקשנ'ען זיך מעהר ווי אלע אט דוקא די, וועלכע שטעהען נאך מיט איין פוס אין דער אידישער גאס, די

האלב אסימילירטע, די פערטייטשטע ישיבה־בחורים, די צושפּאָלטענע, אידיש לעבענדע און נוי'ש דענקענדע משכילים?

ווער עס האָט נאָר צו טהאָן מיט דער אידישער ווירקליכקייט און ווער עס האָט זיך בעשעפטיגט מיט אונזער אידישער מיסי־אָן, איך מיין, ווער עס האָט זיך אבגעגעבען מיט בעקעהרונגס־אר־בייט צום אידישען פאלקסטהום אונטער די אידען גופא (א מיסיאָן, וועלכע די אומות העולם קענען גאָר ניט), דער ווייס, אז עס איז פיעל לייכטער צו בעקעהרען א גאנץ־אסימילירטען ווי א האלב־אסימילירטען, עס איז פיעל לייכטער צו מאכען פון א גאנצען אויס־אידישען איד א גאנצען איד, ווי פון א האלב אידישען גוי דריי־פערטעל איד. צום גאנצען אויס־אידישען איד קומט איהר מיט גאנצע טענות, און זיי ווירקען אפּטמאָל. און ווען זיי ווירקען אויף איהם, זעהט ער איין זיין גאנצען טעות, און ווען ער איז זיך מודה אין זיין טעות, האָט ער לכל הפּחות דעם ווילען צו ווערען צוריק א גאנצער איד. ער זעהט זיך ארום, אז ער האָט זיך אליין געטראָגען אויף דער לינקער זייט, דרעהט ער זיך אום אין גאנצען. שווער איז אויסצוטענה'ן זיך מיט דעם האלב אסימילירטען. ער פערבאריקאדירט זיך אין זיין אידישער העלפט, ער האָט געשאפען פאר זיך א צוויי־העלפטען וועלט, ער האָט פערלארען דעם זינן פאר גאנצקייט. עס זיינען דאָ האלב אסימילירטע, וועלכע גיבען אייך אויסגאָב מיט פּסוקים אדער גאר מיט א גמרא. דאס זיינען די געפעהרליכסטע, די האָפּ־נונגסלאָזע. זיי כשר'ן מיט'ן פסוק דעם האלבען גוי, וואס שטעקט אין זיי, מיט דער גמרא ווילען זיי מכפּר זיין זייערע אנטי־אידישע האנדלונגען.

איך גלויב אבער, עס איז דאָ נאָך א טיעפערע אורזאכע, וועלכע צווינגט גראָד דעם וויי־טסטען צו אומקעהר, צו תשובה. איך וויל מאכען דעם פערזוך אָנצודייטען דיעזע אורזאכע. איך האָב פיעל נאָכגעדאכט איבער דיעזע ערשיינונג אין אונזער לעבען און בעזונדערס אין דער לעצטער צייט, און איך גלויב, אז איך האָב געפונען פאר איהם א פאסענדע ערקלערונג. זי ענטהאלט אין זיך קיין טהעאָריע, זי איז מעהר ניט ווי א השערה.

דאָס איז די השערה פון דעם „כותל המערבי". דאָס איז דער נאָמען, וועלכען איך וואלט איהר, מיין השערה, געגעבען.

ווען מיר שפּרעכען פון דער מענשהייט, פערשטעהען מיר דע־רונטער די א ו נ ז בעקאנטע ציוויליזירטע וועלט. די אונז בעקאנטע ציוויליזירטע וועלט ווערט געלייטעט ביז אויף דעם היינטיגען טאָג פון צוויי הויפּט שטרעמונגען. זיי זיינען ביידע אלט, ביידע אבער האָבען נאָך ניט פערלארען זייער כח און בעאיינ־פלוסען נאָך די מענשליכע ענטוויקלונג עד היום. דאס איז די מזרח־שטרעמונג, וועלכע איז ארויס מיט טויזענדע יאהרען צוריק פון אלטען אידען־לאנד און האָט זיך אויסגעגאָסען איבער דעם מערב, און די מערב־שטרעמונג, וועלכע איז ארויס פון אלטען גרי־כענלאנד און האָט געשטרעבט צום מזרח, דאס זיינען צוויי וועלט־אנשויאונגען, יעדע פון זיי שטרענג אין איהר אָרט, אבגעצוימט און ארומגעשליפען. דאס זיינען צוויי וועלטען.

יעדער דענקער, יעדער קינסטלער בעוועגט זיך אין איינער פון דיעזע צוויי וועלטען. פיעלע האָבען פערזוכט צו שאפען א דריטע וועלט, א שותפות'דיגע, זיי האָבען געזוכט די סינטהעזע — און זיי זיינען דורכגעפאלען. נאָך איינער פון די געניאלסטע משוררים פון פאריגען יאהר־הונדערט האָט געמוזט צוגעבען: יע־דער מענש מוז זיין אדער א איד, אדער א גריכע. דאס האָט גע־זאגט היינע אויף זיך אליין, ווען ער האָט זיך פערגליכען מיט געטהע. דעם זעלבען געדאנק, אנדערש אויסגעדריקט, געפינען מיר ביי פערשיעדענע דענקער און קינסטלער.

די פערברייטער פון דעם מזרח־געדאנק אין דער געשיכטע זיינען תמיד געווען די אידען. א צייט־לאנג האָבען זיי געשאפען אין איינעם מיט די אראבער, נאָר שוין זייט פיעלע, פיעלע יאָהר־הונדערטע זיינען זיי אין אייראָפּא די איינציגע פערטרעטער פון דעם מזרח, וועלכער האָט שטענדיג געזוכט צו בעפרוכטען דעם מערב.

אין דער אסימילאציאָן געהען די מזרח־טרעגער פון מ ז ר ח צ ו ם מ ע ר ב. דער אוראייניקעל פון אור־כשדים, דער אייני־קעל פון שרון און כרמל מוז זיך אויסליידיגען פון איין אייגענעם אינהאלט און אריינדרינגען אין א פרעמדער וועלט, אין א מערב־

וועלט. דער זיך אסימילירענדער איד מוז געהן געגען זיין אייגע־נע נאטור, ער מוז זיך אליין אויסבייטען, ער מוז ווערען אן אנדערער. געגען די אייגענע נאטור קאן מען אבער געהן נאר מיט'ן קאפּ, ניט מיט דעם ווילען, מיט אן אויסרעכנונג, ניט מיט'ן געפיהל, ווייל ווילען און געפיהל זיינען אליין נאטור קינדער. דע־ריבער איז יעדער אסימילאציאנס־פּראצעס פערבונדען מיט שניי־דענדע שמערצען. מעהר ניט דער איינצעלנער מערקט ניט אפּט־מאל די שמערצען, ווייל זיי פערטהיילען זיך אויף א גאנצע שורה פון דורות. מען ווערט זעהר לאנגזאם אפּעריערט, און צווישען איין שניט און דעם אנדערען האט מען געלעגענהייט אבצורוהען.

מען קאן אבער ניט די אייגענע נאטור אין גאנצען ארויס־רייסען. זי איז נאטור. מען פערשטופּט זי נאר אין א ווינקעל פון דער אייגענער נשמה, און זי ליעגט דארט פערבארגען דורות־לאנג. די אסימילאציאן קאן דעריבער קיין מאל ניט זיין אבסאלוט.

געהט דער אסימילאטאר פון מזרח צו מערב און מאכט דורך פערשיעדענע וואנדערונגען ביז ער דערגרייכט דעם לעצטען פּונקט. ער מיינט, ער איז שוין אין גאנצען אסימילירט און פערשטעהט ניט, אז דער לעצטער פּונקט איז גראד דער קריטישער פּונקט. ער איז געגאנגען אזוי ווייט, ווי ווייט איינער, וואס טראגט אין זיך אונבעוואוסט דעם מזרח, קאן געהן צום מערב. ווייטער געהט ער ניט. ער איז אנגעקומען צום „כותל המערבי" פון דער אסימילא־ציאן. זיין נאטור הויבט אן צו פּראטעסטירען. שוין צו ווייט וויל ער זי פערדרענגען, און זי הויבט אן צוריק צו דריקען.

ווייטער געהט ער ניט. ער איז געקומען צום קריטישען פּונקט, וואו עס הויבט זיך אן די נאטירליכע דיסטאנץ צווישען דער מערב־סביבה און דעם אסימילירטען מזרח־מענשען.

וואס קאן ער טהאן? בלייבען שטעהן אויף איין ארט — דאס איז דאך סטאגנאציאן, גסיסה, טויט.

האלטען דאס די שוואכע נאטורען טאקע ניט אויס. זיי מאטערען זיך ביז זיי פערשווינדען, און קיין סימן, קיין זכר בלייבט ניט פון זיי.

די שטארקערע אבער קעהרען זיך אום. פון כותל המערבי פון

דער אסימילאַציאָן לויפען זיי צוריק צום מזרח. עס דערוועקט זיך
אין זיי זייער אייגענע נאַטור, זיי הויבען זיך אָן צו דערמאָהנען. א
נייער חשק צום שאפען בעפלינעלט זיי.

פון מזרח זייט נעהט פאר זיי אויף א נייע זון.

13 יולי, 1915.

# געבילדעטע בטלנות און אמת'ע פאָלקס־געפיהלען.

די נעשעהעניסען אויף די מלחמה־פעלדער האָבען זיך אָנגעהויבען אָבצואוואויקלען מיט א קאָלאָסאלער, ניט גע'חלומ'טער שנעלקייט. עס קאָן זיין, אז מיר שטעהען שוין פאר דעם סוף פון דעם גרויסען, שרעקליכען וועלט־סכסוך. עס קאָן זיין, אז אָט באלד וועט מען שוין שמועסען וועגען פריעדענס־פערהאנדלונגען.

נאָר אונזער אידישע וועלט איז נאָך אלץ בעשעפטיגט מיט הכנות צו הכנות. לאנגזאם און פלעגמאטיש, ווי דער אַלטמאָדישער בעל־עגלה, געהן מיר ארום פון „פארשוין" צו „פארשוין" און האלטען נאָך אין איין דינגען זיך. מיר זיינען נאָך אונטער זיך ניט מושוה געוואָרען, מיר ווייסען נאָך ניט וואָס מיר זאָלען פערלאנגען, מיר ווייסען נאָך ניט וועמען מיר זאָלען שיקען. אפנים מיר האָבען צייט, אפנים מיר זיינען זיכער, אז אונזער חלק וועט ביי אונז קיינער ניט ארויסכאפּען.

און א טעות האָבען געהאט אלע יענע, וועלכע האָבען אין אָנהויב פון דער גרויסער וועלט־קאטאסטראָפע געגלויבט, אז לכל הפחות איצט, אין קריטישען מאָמענט, וועלען אויך ביי אונז פערשווינדען די אינערע קליינע און קלייגליכע פארטיי חשבונות, די אונפעראנטוואָרטליכע עקשנות פון די רעדעל־פיהרער און די קטנות המח פון די וואָרט־פיהרער. אז לכל הפחות איצט, אין קריטישען מאָמענט, וועט אויפטרעטען פאר דער גרויסער וועלט א געשלאָסענע אידישע איינהייט און וועט פאָרלעגען פאָדערונגען שטאָלץ און זעלבסט־בעוואוסט, ווי א פאָלק צו פעלקער גלייך.

חלמא טבא חזית. עס איז געוועזן א חלום. מיר שטעהען נאָך היינט אויף דעם זעלבען פלאץ, וואו מיר זיינען געשטאנען מיט א

יאָהר צוריק, צוטהיילט און צוברעקעלט, אונאָרגאַניזירט און אונבע־האָלפען, אָהן אַ פּלאַן און אָהן אַ פּראָגראַם. מיר ווארטען ביז דער פּאָליטישער האָריזאָנט וועט קלאָר ווערען, מיר ווארטען ביז עס וועלען זיך אויס'טענה'ן די גרויסע, מיר ווארטען ביז מען וועט אונז פרעגען: אויף וואָס ווארטען מיר.

אַט אַזוי האַנדעלט אַ פאָלק, וואָס האָט זיך צונעוואוינט צו פּ אָ ל י ט י ש ע ש י ר י י ם, וואָס האָט פערלאָרען זיין זעלבסט־ווערטהע אין זיינע אייגענע אויגען און בעטראַכט זיך מעהר ניט ווי אַ צוגאָב צו די אַנדערע. אונזער גרויסקייט איז אריין אין קליינינ־קייטען, און מיר זיינען קליינליך, ווען עס האַנדעלט זיך ווענען גרויסע אויפגאַבען.

ביז היינטיגען טאָג קאָן מען זיך ביי אונז ניט אויסגלייכען ווענען אַן אַלגעמיינער פּלאַטפאָרם, אויף וועלכער עס זאָל איינבע־רופען ווערען אַן אַמעריקאַניש אידישער קאָנגרעס. מען איז אייפער־זיכטיג, מען האָט מורא, טאָמער וועט דערביי עטוואָס פערדיענען — דאָ האַנדעלט זיך ווענען אַ מאָראַלישען פערדיענסט — אַ בע־שטימטע פּאַרטיי, וועלכע איז פון אַלע זייטען בעקעמפּפט געוואָרען ביז איצט.

מען האָט מורא אריינצונעהמען אין פּראָגראַם דעם פונקט מכח ארץ־ישראל, מען קאָן ניט פועל זיין ביי זיך צו פערשאַפען אַזאַ נחת־רוח דער ציוניסטישער פּאַרטיי.

און מען אָפּערירט ביי אונז מיט בעגריפען און ווערטער, וועל־כע זיינען נאָר געאייניגט צו פערדונקלען דאָס קלאָרע בעוואוסטזיין פון די אידישע מאַסען. מענשען און אָרגאַניזאַציאָנען, וועלכע האָבען זיך שטענדיג נאָר לוסטיג געמאַכט איבער די בעל־הבית'ישע כלל ישראל פּאָליטיק, וועלכע האָבען זיך בעמיהט מיט אַלע כחות איינצוענגען דעם האָריזאָנט פון די מאַסען, ניט צולאָזען זיי צו די נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען פון זייער פאָלק — די זעלבע מענשען פערבאַריקאַדירען זיך א י צ ט הינטער דער כלל ישראל פּאָליטיק און טענה'ן, אַז ארץ ישראל, דאָס הייסט די ארץ ישראל פראגע איז מעהר ניט ווי אַ פּאַרטיי־אַנגעלעגענהייט, און מען טאָר זי דער־ריבער ניט איינשליסען אין קאָנגרעס־פּראָגראַם, ווייל דער גאַנצער קאָנגרעס וועט דאַן בעקומען דעם כאַראַקטער פון אַ ציוניסטישען

קאַנגרעס. און אַז די ארץ ישראל פראַגע איז מעהר ניט ווי אַ פּאַר־טיי אנגעלעגענהייט געהם מיט קלאָרהייט ארויס פון דעם אומ־שטאַנד, וואָס ביז איצט האָבען זיך נאָר די ציוניסטען בעשעפ־טיגט מיט איהר. בכן מוז מען אָננעהמען אַזאַ פּראָגראַם, וועלכעס זאָל ניט ענטהאַלטען אין זיך קיין שטרייט־פּונקטען. דער קאָנגרעס מוז זיין אַ „דבר השוה לכל נפש“.

עס קלינגט כמעט ווי לאָגיש. אָבער כמעט לאָגיש קלינגט אויך יעדער סאָפיזם. און מעהר ווי אַ סאָפיזם ענטהאַלט אין זיך אויך ניט די בעגרינדונג, פאַר וואָס דער פּונקט ארץ ישראל זאָל אויסגעשלאָסען ווערען פון קאָנגרעס־פּראָגראַם.

די ציוניסטען פערלאַנגען די מעגליכקייט פון דער שאַפונג פון אַ היים אין ארץ ישראל, ניט פאַר אַ בעשטימטען חלק פון אידישען פאָלק, נאָר פאַר דאָס אידישע פאָלק. דער אומשטאַנד, וואָס ביז אהער האָט זיך נאָר די ציוניסטישע פּאַרטיי בעשעפטיגט מיט דיעזען פּראָבלעם, גיט נאָך קיינעם ניט דאָס רעכט צו בעטראַכטען די ארץ ישראל פראַגע אַלס אַ פּאַרטיי אנגע־לעגענהייט. דער כאַראַקטער פון אַן אידעע און איהר קוואַליפיצי־רונג הענגען ניט אָב פון די, וועלכע זיינען זיך עוסק מיט איהר דורכ־פיהרונג, נאָר פון דעם אינהאַלט און דעם היקף פון דער אידעע גופא. די ציוניסטען בילדען, דאָס איז אמת, אַ פּאַרטיי אין פּאָ־ליטישען זין, אָבער ציוניזם קאָן בשום אופן ניט בעטראַכט ווערען אַלס פּאַרטיי־אנגעלעגענהייט, ווייל זיין אָביעקט איז דאָס אידישע פאָלק אין זיין געזאַממטהייט.

איך וויל זיך איצט ניט אריינלאָזען אין לאַנגע חקירות. איך ערלויב מיר נאָר אָנצואווייזען, אַז די מיינונג, אַז אפילו דער קלאַסען קאַמפּף קען זיך נור דאַן פריי ענטוויקלען, ווען דער ארבייטער פיהלט זיך פריי אין זיין איינענער נאַציאָנאַלער סביבה, געהערט ניט מיר און ניט פון די ציוניסטען איז זי אויסגעטראַכט געוואָרען. דיעזע מיינונג האָט וויסענשאַפטליך בע־גרינדעט און פיין פאָרמולירט דער בעריהמטער דענקער און סאָ־ציאַל־דעמאָקראַט זשאָרעס.

און עס איז מעהר ניט ווי אַ שפּיעל אין סאָפיזמען און פּובלי־

ציסטישע אחיזת־עינים, ווען מען וויל איינריידען די אידישע מאַ־
סען, אז די פראגע ווענען די שאפונג פון א היים פאר דאָס אידישע
פאָלק איז נוגע נאָר די שקל־צאָהלער.

יעדער רעכט־דענקענדער איד, צו וועלכער פארטיי ער זאָל ניט
געהערען, האָט איצט אדרבא געמוזט זעהען, אז אונזער פ א ל ק
זאָל זיך ניט ערווייזען צו קליין פאר דעם גרויסען היסטאָרישען
מאָמענט, וועלכען די גאַנצע מענשהייט לעבט דורך, און ניט לע־
נען שטעקענס אין די רעדער אויף דעם וועג פון דער אידישער
בעפרייאונג. פון דער פאָרמולירונג פון אונזערע פאָדערונגען וועט
אָבהענגען אונזער שטעלונג אונטער די פעלקער. קיין בעפרייאונג
קומט ניט פון דרויסען, פון דרויסען קאָן נור קומען דער הסכם און
די אונטערשטיצונג. צוערשט מוז אָבער קומען פון די אידען דער
ווילען צו בעפרייאונג. דיעזער ווילען, וואָס נאָר ער אליין קאָן אונז
ארויסשלעפען פון גלות, איז צוליעב די טויזענד־יעהריגע קנעכט־
שאפט פערקראָכען ביי אונזער פאָלק אין די פערבאָרגענע ווינקלען
פון זיין נשמה. אין מאנכע פאָלקס־טהיילען איז ער אטראָפירט גע־
וואָרען. אונזער אויפגאבע קאָן נאָר זיין צו וועקען דעם איינגע־
שלאָפענעם ווילען און ניט צו דערשטיקען איהם, וואו ער ברעכט
זיך דורך א וועג און נעהמט אָן א בעשטימטע פאָרמולירונג.

און עס איז מעהר ניט ווי ענגהערציג און אויבערפלעכליך צו
בערויפטען, אז די ציוניסטען האָבען קינסטליך ארויסגערופען א
דראנג נאָך ארץ ישראל. אין דיעזען פאל האָבען די ציוניסטען נאָר
פאָרמולירט דעם פערבאָרגענעם פ א ל ק ס - ווילען, זיי האָבען
ארויסגעזאָגט הויך, וואָס דאָס פאָלק האָט געטראָגען אין זיין הארצען
אין דעם משך פון לאנגע דורות און וואָס דאָס פאָלק טראָגט נאָך
ביי זיך ביז היינטיגען טאָג ווי זיין הייליגסטע ירושה.

קומט מען און מען טענה'עט: דאָס זיינען סענטימענטען, און
מען וויל דערמיט מבטל זיין די גאַנצע קראַפט און די בעדייטונג
פון אזא פאָלקס־ווילען. ניט בעאַכטען די בעדייטונג פון פאָלקס־
געפיהלען, אָבלאַכען פון פאָלקס־סענטימענטען איז אָבער מעהר ניט
ווי בלומרשט געבילדעטע בטלנות. די מאָדערנע וועלט, די מאָדערנע
פעלקער־וויסענשאפט רעכענט זיך דוקא אָט מיט די פאָלקס־געפיה־

לען און מיט די ירושה־סענטימענטען ווי מיט דער הויפט טרייבענ־
דער קראפט אין לעבען פון די נאציאָנען.

און אחרי כל אלה, וואָס האָט מען זיך אזוי דערשראָקען? דאָ האנדעלט זיך נאָר דערווייל וועגען א פונקט אין פראָגראם. מען בויגט דאָך אויף קיינעם ניט אָן דערווייל דעם בארג סיני און מען צווינגט דאָך קיינעם ניט אָנצונעהמען די ציוניסטישע תורה. וועט דער קאָנגרעס ניט וועלען געהמען א שטעלונג צו דער פאלעס־טינא־פראגע, וועט ער שוין געפינען א מיטעל ווי אראָבצונעהמען זי פון דער טאגעס־אָרדנונג. דער קאָנגרעס איז דאָך זעלבסטשטענ־דיג אין זיינע בעשליסע, ער קאָן אפילו אָננעהמען א בעשלוס, אז די אידען ברויכען גאָר ניט קיין פערטרעטונג איבערהויפט.

דער שרעק איז בכן אָן אומזיסטער און די בעגרינדונג פון דער אויסשליסונג פון דער פאלעסטינא פראגע איז א פאלשע. זי איז געריכטעט ניט נאָר אנקעגען דעם ווילען פון אן איינצעלנער פארטיי, זי ווידערשפרעכט דעם היסטאָרישען ווילען פון דעם געזאמטען אידישען פאָלק, און זי איז דיקטירט פון אן אסימילאטאָרישער טענדענץ.

מען ברויכט ניט צו זיין דוקא נאציאָנאל געזאָנען, אום צו פערלאנגען גלייכע בירגערליכע, פאָליטישע און אפילו קולטורעלע רעכטע פאר די אידישע בעפעלקערונג אין די מזרח־לענדער. דאָס זיינען עלעמענטארע פאָדערונגען. מען האָט געקאָנט ער־ווארטען, אז די אידישע אינטעליגענץ וועט זיך אין איצטיגען מאָ־מענט דערהויבען צו א העכערער נאציאָנאלער מדרגה און וועט אָנ־הויבען צו קלעהרען פון מעגליכקייטען פאר די שאפונג פון א זעלבסטשטענדיגער צוקונפט. מען האָט געקאָנט ערווארטען, אז די איצטיגע קאטאסטראָפע וועט אונז אויסקורירען פון אונזער הויפט־פעהלער — פון אונזער פאָליטישער קורצזיכטיגקייט.

געזינטערע, רייכערע און זעלבסטשטענדיגערע נאציאָנען זיינען מקריב פיעל קרבנות אין דער געגענווארט כדי צו שאפען א בעסערע, נערוימערע, ענטוויקלונגס מעגליכערע צוקונפט פאר די אור־אייניקלעך און זיי ריכטען זייערע בליקען גאנץ ווייט, אי געאָ־גראפיש ווייט, אי ווייט אין דער צייט. צו אונז אָבער קומט מען

מיט קלוגע עצות: קוקט ניט אזוי ווייט, זאָרגט צוערשט פאר דעם מאָרגען. דאָס טרויעריגע דערביי איז, וואָס די בעלי עצות פער שטעהען ניט זייער אייגענע פּאָליטישע בעגרענצטהייט. זיי פער־שטעהען ניט, אז מיט דער פערשמעלצונג פון די היסטאָרישע פּער־ספּעקטיווען האקען זיי אונטער די פליגלען פון פאָלקס־גייסט און לעגען ארויף א בלייענעם געוויכט אויף די שאפענדע פאָלקס קראפט.

10 אויגוסט, 1915.

# די אידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטי און די פלוטאָקראַטי.

די אידיש־ראדיקאלע פרעסע פון נויאָרק האָט אויפגעהויבען א גאנצען שטורם מכח די ציוניסטישע נעפאהר, וועלכע שוועבט איבער דאָס אמעריקאנער יודענטהום, און ווי א טרייע היטערין פון די אידישע אינטערעסען האלט זי אין איין מתרה זיין דעם גרויסען עולם, בעזאָנדערס די ארבייטער מאסען, אז זיי זאָלען בעטראכטען און בעהאנדלען דעם מאָמענט נאָר פון ריין געשעפטליכען שטאנד־פונקט און זיך ניט לאָזען חלילה פערפיהרען פון די נאציאָנאליסטיש־שאָוויניסטיש־ציוניסטישע חלומות. פערלאנגען בירגערליכע גלייכ־בערעכטיגונג פאר די אידען אין די לענדער, וואו זיי זיינען נאָך ניט עמאנציפירט — דאָס איז דער געשעפטליכער שטאנדפונקט. אזא פאָדערונג איז פאר יעדען קלאָר. פערלאנגען נאציאָנאלע גלייכבע־רעכטיגונג איז שוין פון געשעפטליכען שטאנדפונקט אפילו ניט אזוי קלוג, אָבער מען קען נאָך מיט א קנייטש מסכים זיין אויך צו אזא פאָדערונג. ווייל מען אָבער געהן נאָך ווייטער און פערלאנגען, אז די אידען זאָלען בעקומען עמיגראציאָנס־פרייהייט נאָך דעם אָריענט, בעזאָנדערס נאָך ארץ ישראל, וואו זיי זאָלען האָבען די מעגליכקייט זיך עקאָנאָמיש־קולטורעל פריי צו ענטוויקלען און שאפען פאר זיך מיט דער צייט א געזיכערטע היים — אזא פאָ־דערונג טאָר מען ניט צולאָזען, ווייל זי איז זעהר נאָהענט צום ציוניסטישען פראָגראם, און דעם ציוניזם מוז מען בעקעמפפען, ווייל.... ווייל מיר זיינען געגנער פון ציוניזם, ווייל מיר טאָרען ניט נאָכגעבען, אז די ציוניסטען זאָלען דורך אונזער בעטייליגונג האָבען א נייעם נצחון.

בכן מוז מען שרייען און רעש'ן און ווארנען די אידישע יועלט

פאר דער גרויסער סכנה, וועלכע רוקט זיך אָן אויף איהר פון דער ציוניסטישער מחנה.

פון דער אנדער זייט שטעהט אן אנדער גרופע פון געשוואָרענע שומרים, די אלטע פיהרער, וועלכע האָבען גענומען אויף זיך די הייליגע מיסיאָן צו דערשטיקען יעדע נאציאָנאלע רעגונג אין דער אידישער געזעלשאפט, וועלכע האָבען נאָר איין הייסען וואונש: וואָס שנעלער דורכמאכען דיזעם אסימילאציאָנס־פּראָצעס און איינ־געשלונגען ווערען פון דער ארומינגער סביבה אזוי, אז עס זאָל קיין זכר און קיין סימן ניט בלייבען פון דער אידישער איינהייט. אויך די גרופּע האלט אין איין ווארנען, און וואו זי קאָן, פערזוכט זי צו געבען דעם ציוניזם א טויט־קלאפּ. אויך דיזע גרופּע רעדט אין נאָמען פון סוחרישער קלוגהייט און געשעפטליכען שטאנדפּונקט.

אָט אזוי קומען זיך צונויף צוויי ענטגעגענגעזעצטע גרופּען מיט ענטגעגענגעזעצטע אינטערעסען, די אויסגעשפּראָכען אסימי־לאטאָרישע פּלוטאָקראטיע און די שוואך נאציאָנאלע סאָציאל־דעמאָ־קראטיע, און רייכען זיך ברידערליך די הענד צו בעקעמפּפען כמעט מיט דיזעלבע ארגומענטען דעם דריטען שותפות'דיגען געגנער. דיזעלבע ערשיינונג האָט מען געקענט בעאָבאכטען נאָך גאָר אין אָנהויב פון דער ציוניסטישער בעוועגונג. דאמאָלס האָט מען ארויסגעלאָזען געגען דעם ציוניזם די בעוואפּענטע טהעאָלאָגיע, און עס איז געווען מערקווירדיג צו זעהען, ווי שטרענג אָרטאָדאָקסע רבנים האָבען זיך מתחבר געווען מיט די עקסטרעם רעפאָרמירטע פּרעדיגער און האָבען בעקעמפּפט דעם ציוניזם מיט דיזעלבע פּסוקים און מדרשים, אויפגעוויזען בפירוש פון די נביאים, תנאים און אמוראים, אז דער ציוניזם ווידערשפּרעכט דעם אידישען גייסט. איצט האָט מען אויפגעהערט צו שיסען מיט פּסוקים, ערשטענס איז דאָס ניט מאָדערן, צווייטענס איז די עם הארצות זעהר פערברייט געוואָרען, מען ארגומענטירט איצט מיט געשעפטליכער לאָגיק, אָבער די ערשיינונג בלייבט דיזעלבע.

די דיסטאנץ צווישען דער אידישער פּלוטאָקראטיע און דער סאָציאל־דעמאָקראטיע איז נאָך פיעלייכט גרעסער ווי צווישען די אָרטאָדאָקסע רבנים און זייערע רעפאָרמירטע אנטיפּאדען. דאָך

האלט עס די אידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פאר מעגליך איינצו־שלאָגן דעם זעלבען וועג, וועלכען עס וואנדעלט די אידישע פּלו־טאָקראַטיע. די טענה, אז זי וועט אויך ניט געהן מיט דער פּלוטאָ־קראטיע און וועט וועהלען א נייעם וועג פאר זיך, איז מעהר ניט ווי לעכערליך. אָרגאניזאטאָריש וועט זי אפשר געהן א בעזונדער וועג, אָבער אידעעל איז עס דער וועג פון דער פּלוטאָקראַטיע. דער וועג ווערט דאָ אָנגעצייכענט פון פּראָגראם, און פּראָגראמאטיש זיינען זיי ביידע וואונדערבאר הארמאָניש, ניטאָ איין שטרייט־פונקט, וועלכער זאָל קאָנען צושטערען דיעזע אינערע הארמאָניע. ביידע פערלאנגען ניט מעהר ווי בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג אין רוסלאנד און ביידע ווילען ניט הערען פון דער איינציגער פאָדע־רונג, וואָס קאָן אוועקשטעלען די אידען אין דער שורה פון די פעלקער.

מילא, מען קאָן נאָך פערשטעהן די אידישע פּלוטאָקראַטיע. זי האָט שטענדיג געדיענט דער אסימילאַציאָן, און שוין דער געדאנק אליין פון א אידישער נאציאָן האָט איהר אריינגעיאָגט שרעק און מורא. זי האָט דאריבער אויסגעארבייט א סיסטעם ווי מען זאָל פערטיידיגען די אידישע אינטערעסען, און קיינער זאָל ניט קאָנען חושד זיין, אז זי האָט עפּעס א שייכות צו די אידישע אָרגאניזא־ציאָנען, וועלכע ווילען ערהאלטען די אידען אלס נאציאָן. די אי־דישע פּלוטאָקראַטיע איז געבליבען טריי איהר אייגענער וועלט־אנשויאונג און איהר איינענעם סיסטעם אויף אין איצטיגען מאָ־מענט און זוכט מיט אלע תחבולות ניט צוצולאָזען, אז די אידישע מאסען זאָלען זיך אָרגאניזירען אויף א נאציאָנאלער גרונדלאגע. זי האָט מורא ניט אזוי פאר דעם פונקט ארץ ישראל ווי פאר דער טהאטזאכע פון א נאציאָנאלער אָרגאניזירונג, וועלכע קאָן זיי מאכען א מחק אין אלע זייערע חשבונות.

אָבער אז עס קומט א אידישע אָרגאניזאציאָן, וועלכע איז מודה אין נאציאָנאלע פּרינציפּען, לכל הפּחות מהעאָרעטיש, און אויך זי טרעט אויף אנטקעגען אן אלגעמיינע אידישע נאציאָנאלע פער־איינינונג צוליעב דעם אָדער יענעם פונקט פון פּראָגראם, וועלכער

געפעלט איהר ניט — איז דאָס און עס וועט בלייבען אַן אונפּער־שטענדליכקייט.

מיר ווילען קיינעם ניט נאַרען. מיר זאָגען בפירוש, אַז אפילו ווען דער פונקט ארץ ישראל זאָל אויסגעשטריכען ווערען פון פּראָ־וויזאָרישען פּראָגראַם פון אידישען קאָנגרעס, ווילען מיר זוכען מיט אַלע מיטלען, אַז דער קאָנגרעס זאָל אויסשפּרעכען זיין מיינונג וועגען דיעזער וויכטיגער פראגע, און עס איז קוים צו ערוואַרטען, אַז אַן אַלגעמיין אידישער קאָנגרעס זאָל זיך אָבזאָגען דערפון, ווייל אַ בעשטימטע פּאַרטיי וויל דאָס ניט. אַ נאַציאָנאַלע און דערצו נאָך אַ דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציאָן האָט נאָר איין וועג, ווי מבטל צו זיין דעם ווילען פון אַן אַנדער פּאַרטיי, דאָס איז דער וועג פון אַן אָפענעם, עהרליכען פּאָליטישען קאַמפּף. די כלי זיין פון אַזאַ קאַמפּף זיינען עפענטליכע וכוחים און איבערצייגונגס־קראַפט. די מאַיאָריטעט, און נאָר זי אַליין האָט דאָס לעצטע וואָרט און די מאָראַלישע מאַכט אָנצונעהמען החלטות. מורא האָבען פאַר מאַיאָריטעטס־בעשליסע און דאַריבער סטרייקען און ניט געהן צום קאָנגרעס איז ניט נאַציאָנאַל און ניט דעמאָקראַטיש.

אויסצודרעהען זיך און צו בעהויפּטען, אַז די דייטשע, פראַנצויזישע, ענגלישע א. ז. וו. סאָציאַל־דעמאָקראַטען מוזען זיך נאָך בעטייליגען אין דער לעזונג פון אַלגעמיין נאַציאָנאַלע פראַגען, ווייל די מלוכה צווינגט זיי דערצו, אָבער ביי אונז אידען פעהלט די שטאַאַטס־מאַכט און דעריבער זיינען מיר פרייער, אונבעשרענק־טער אין אונזער וואהל, אַז מיר ווילען געהען מיר, און אַז מיר ווילען געהען מיר ניט, — אַזאַ ארגומענט האָט מיט אַ פּאָר טעג צוריק ארויסגעשטעלט אַ אידישע סאָציאַליסטישע צייטונג — איז ניט נאָר ניט סאָציאַליסטיש, עס איז אויך ניט שעהן. דאָס הייסט אויסנוצען די אידישע נאַציאָנאַלע אונבעהאָלפענהייט, דאָס הייסט שטעלען די פּאָליציי־מאַכט העכער אַלס די מאָראַלישע מאַכט.

ליידער איז דאָס אַזוי. ביי אַנדערע פעלקער משפּט מען פאַר אַ נאַציאָנאַלע מסירה ווי פאַר האָכפעראַטה, ביי אונז איז דאָס ניט שטראָפבאר, ביי אונז קומט פאָר, אַז אָנגעזעהענע „פיהרער" ערלויבען זיך צו פער'מסר'ען דעם כלל, און קיינער טרייבט זיי

ניט אוועק פון זייער אויבען־אָן. נאָר אַט טאקע צוליעב דעם און צוליעב נאָך פיעלע, פיעלע טרויעריגע ערשיינונגען אין אונזער אינערען לעבען, ווילען מיר זיך דאָך אָרגאניזירען. אַט טאקע צוליעב דעם ווילען מיר שאפען א נאציאָנאלע אָרגאניזאציאָן, פאר וועלכע עס זאָלען זיך מוזען בויגען די איינצעלנע גרופען און פאר־טייען, ווי רייך זיי זאָלען ניט זיין, ווי שטארק עס זאָל ניט זיין זייער כח און איינפלוס. מיר ווילען אָבגעבען דעם פאָלק, וואָס איהם געהערט: דאָס רעכט צו אורטיילען און צו בעשליסען איבער זיין אייגענעם גורל.

איין מאָמענט קאָן אונז בעפרידיגען אין דיעזען גאנצען סכסוך. עס וועט צונויפגערופען ווערען אַן אַלגעמיין אידישער קאָנגרעס. יעדע איינצעלנע פארטיי האָט שאנסען צו געווינען דערביי, אָבער אויך צו פערלירען. און מערקווירדיג — די ציוניסטען האָבען קיין מורא ניט: דערשראָקען האָבען זיך נאָר די אסימילאטאָרען פון איין זייט און די ראדיקאלען פון דער אנדער זייט. א סימן אז דאָס הארץ זאָגט זיי, ווי אַן אלגעמיין אידישער קאָנגרעס וועט זיך שטעלען צום נאציאָנאלען פראָבלעם בכלל און צום פונקט ארץ ישראל בפרט.

עס איז געווען א צייט, ווען די אידישע סאָציאליסטען האָבען געפיהרט מלחמה געגען דעם נאציאָנאלען געדאנק. עס איז גע־קומען א נייע צייט און האָט געכשרט דעם געדאנק, און די סאָציאליסטען האָבען געמוזט נאָכגעבען. דער פערלאנג נאָך א אידישע היים איז די לאָגישע קאָנסעקווענץ פון דעם נאציאָנאלען געדאנק. עס וועט קומען נאָך א נייערע צייט, און אלע סאָציא־ליסטען וועלען מוזען מודה זיין אין דער נויטווענדיגקייט פון א אידישע היים.

ניט געהן צו אן אלגעמיינעם אידישען קאָנגרעס איז א שוואכער מיטעל, פונקט ווי פערהאנדלונגען הינטער פערריגעלטע טהירען.

31 אוגוסט 1915.

## וואָס פאָדערען מיר און וואָס פערלאַנגען מיר

פיעל שלימער ווי די אויסערע אבהענגיגקייט איז די אנערע אונזעלבסטשטענדיגקייט. די אויסערע אבהענגיגקייט איז ניט בעקוועם, זי לאָזט ניט צו, אז דער מענש זאָל קאָנען פערווירקליכען זיין פרייען ווילען, זי לאַסטעט ווי א יאָך, זי דריקט, זי קנעכטעט. ביי אַל דעם אָבער ענטהאלט זי אין זיך ניט קיין חרפה. עס איז אן אונגליק, אָבער ניט קיין שאנדע, ווען מען קאָן ניט גובר זיין די ברוטאלע מאכט פון א שטארקען געגנער. מען קאָן זיך דערביי פיהלען אינערליך פריי, ניט פערלירען די ווערדע פון דעם שטאָלצען מענשליכען איך און זאמלען כוחות פאר דעם פאסענדען מאָמענט, ווען דער פראָטעסט קאָן האָבען שאנסען אויף אן ערפאָלג. מאקס נאָרדוי האָט אויסגעדריקט דיעזען געדאנק אין דעם קורצען אפאָריזם: ווארטען איז ניט קיין שאנדע. יעדענפאלס מוז מען דארונטער פערשטעהן ניט א פאסיוועס ווארטען, נאָר א ווארטען פון אָנשטרענגונג און פון כחות זאמלען.

די אינערע אונזעלבסטשטענדיגקייט אבער ענטהאלט אין זיך אי אן אונגליק אי א שאנדע. אינערליך אונזעלבסטשטענדיג זיין — דאס הייסט ניט גלויבען אין די אייגענע כוחות, דאס הייסט ניט האָבען קיין דרך ארץ פאר זיך אליין, דאָס הייסט אוועקצושטעלען זיך אין די שורה פון די שוואכע, אונבעהאָלפענע, וועלכע האָבען נאָר קיין האָפנונג ניט אמאָל שטארק און זעלבסטשטענדיג צו ווערען. דער אינערליך אונזעלבסטשטענדיגער לעבט אין שטענדיגען צווייפעל, ער האָט תמיד מורא צו מאכען א דרייסטען שריט, עס פעהלט איהם די זיכערהייט, ער בעזיצט ניט די פעהיגקייט צו ריזיקירען, בעגעגענט ער אויף זיין וועג א קליין בערגעלע צדער א טיעפען טהאָל, געהט ער ארום און ארום, ווארים יעדעס בערגעלע איז פאר איהם צו הויך, און יעדער טהאָל צו טיעף.

די גנזועלשאפט, — און זי בעשטעהט כמעט שטענדיג מעהר פון שונאים ווי פון פריינד פון דעם איינצעלנעם, — קאָן אין בעס־טען פאל אויף אזוי וויט אכטען דעם איינצעלנעם, ווי וויט דער איינצעלנער אכטעט זיך אליין. ניטאָ קיין גוטע מענשען, וועלכע פערשאפען דעם איינצעלנעם א פלאץ אין דער גנזועלשאפט אויס יושר געפיהל. יעדער מוז זיין פלאץ אין דער גנזועלשאפט עראָבערן, ער מוז זיין פלאץ איינגנעהמען. און עס איז דאריבער ניט קיין וואונדער, ווען די גנזועלשאפט בעהאנדעלט דעם אינערליך אונ־זעלבסטשטענדיגען ווי א צווייט־קלאסיגען אדער א דריט־קלאסי־גען מענשען און צייגט איהם אָן א פלאץ אויף אן אונטערער שטו־פע, אפטמאָל זאגאר אויף יענער זייט מחיצה.

מיר ווילען וויט נאָך בייישפיעלען ניט געהן . מיר נעהמען די עלעמענטארסטע פאָרם פון מענשליכער אינערער אונזעלבסט־שטענדיגקייט. זי איז יעדען בעאָבאכטער פון סאציאלע בעציהונ־גען בעקאנט, זי אויסערט זיך אין קריעכערטהום. מענשען, וועל־כע אנערקענען זייער אייגענע ווערדע, פיהלען זיך אויטאָנאָם. ווען מען פיהלט זיך אויטאָנאָם, איז מען צופריעדען מיט דעם אייגע־נעם גנזועלשאפטס־קרייז, וואו מען איז א גלייכער אונטער גלייכע. ווען מען איז צופריעדען מיט דעם אייגענעם קרייז, האָט מען ניט די תשוקה, וועלכע פערוואנדעלט זיך אין א תאוה, ארייננצודרינגען דוקא אין א פרעמדען קרייז. דער פרעמדער קרייז האָט שוין אזא טבע, ווען ער בעמערקט, אז איינער קריכט צו איהם, שליסט ער זיך צו, און דער קריכער בלייבט פון דרויסען. דער אינערליך זעלבסטשטענדיגער, דער שטאָלצער קריכט ניט און ממילא קאָן ער ניט אויסגעשלאָסען ווערען.

איבערטריבענער שטאָלץ איז גאוה, די איבערשעצונג פון די אייגענע כחות איז נארישקייט, דאס הייסט ניט קאָנען חשבון׳ען, ניט האָבען קיין ידיעה אין דער לעבענס־אריפמעטיק. אבער ער־גער פון אלץ איז דער אייגענער ביטול. ווער עס איז זיך אליין מבטל איז פאר די אנדערע בטל ומבוטל.

און אז מיר הערען זיך איצט צו צו דעם וואס געהט פאר אין אונזער אינערען לעבען, מערקען מיר צוויי ענטגעגענגעזעצטע

שטרעמונגען. פון איין זייט די אבלעבענדע, טראַדיציאָנעלע גלות שטרעמונג, בעגרינדעט אויף אינערע אונזעלבסטשטענדיגקייט, אויף אונטערשעצונג פון די אידישע פאָלקס־כחות, נאָך מעהר, אויף אָבלייקענונג פון די אידישע פאָלקס־כחות, און פון דער אַנ־דער זייט א יונגע, אבער דערפאַר א פיעל שטאַרקערע שטרעמונג בעגרינדעט אויף זעלבסט־אַכטונג און זעלבסט־בעפרייאונג.

פון איין זייט גיט מען אונז אַן עצה: טרעט ניט אויף ווי א פאָלק, בלייבט בעסער איינצעלנע, פאַנאַנדערגעשרויבטע, מאכט ניט קיין טומעל, וועט איהר זיך ניט ווארפען אין די אויגען. רעדט ניט מכח נאַציאָנאַלע רעכט, רעדט ניט מכח קולטורעלער אויטאָ־נאָמיע, ציהט ניט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די פעלקער. אין גוט אידיש פערטייטשט הייסט עס: פאַלשטענדיגער נאַציאָ־נאַלער בטול היש. עס מאכט ניט אויס, ווי די עצה ווערט בע־גרינדעט, מיט סוחרישע מאָטיווען אדער מיט פאַלש פערשטאַנע־נעם ראַדיקאַליזם, זי בלייבט וואס זי איז — א כשר קינד פון קנעכטישער געזינונג.

ווען די עצה זאָל אָנגענומען ווערען אין איצטיגען וויכטיגען היסטאָרישען מאָמענט, ווען דאס אידישע פאלק זאל ערלויבען, אז מען זאָל קומען און רעדען אין זיין נאָמען אזוינע דבורים — וואלט דאָס געווען דאָס גרעסטע אונגליק, וואָס האָט אונז נאָר געקאָנט פאַסירען.

דערמאָהנט זיך נאָר וואס איהר טהוט. ווענען בירגערליכע רעכט האנדעלט זיך נאָר אין רוסלאנד. און אויך אין דיעזער בע־ציהונג איז קרוב לודאי, אז דער שווערפונקט פון די אידישע מאַ־סען ווערט איצט פערלעגט פון מזרח אייראָפּא אין מערב אייראָ־פּא, און אין מערב אייראָפּא זיינען די רעגיערונגען פיעל מעהר פאָרטגעשריטען פון אייך. זיי, די רעגיערונגען, האָבען איינגע־זעהן, אז מיט בירגערליכע רעכט אליין קאָן מען בשום אופן ניט פערענטפערען די קאָמפּליצירטע און זעהר וויכטיגע פראגע, ווי מען זאָל לכתחילה פערמיידען די רייבונגען צווישען די פערשיעדענע נאַציאָנאַלע גרופּען. זיי, די רעגיערונגען, זוכען נייע וועגען, ווי צו זיכערען די ענטוויקלונגס־מעגליכקייטען פון די נאַציאָנאַלע

מינדערהייטען. און אין אזא מאָמענט וועט איהר ערשיינען אין אייער גאנצער פאָליטישער ארימזעליגקייט און וועט זאגען בזה הלשון: אדוני פריץ, זייט זיך כ'לעבען ניט מטריח, ווארים מיר זיינען די פערטרעטער פון אידישען פאָלק, און אונזער בקשה געהט גאָר ניט אזוי ווייט. מיר ווען שוין גליקליך זיין, ווען איהר וועט די אידען אומעדום בעטראכטען ווי בירגער.

ווי וועט מען קוקען אויף אונזער פאָלק, ווען זיינע פערטרעטער וועלען דיענען אלס מוסטער.

פון דער אנדער זייט זאגט מען אונז: זייט ווירדיג דעם היסטאָרישען מאָמענט, וועלכען איהר מאכט דורך. זייט ניט מבטל אייער איך. זייט מענשען און רעדט אויף א מענשליכען לשון. בירגערליכע רעכט — מיר בעטען ניט ביי אייך א חסד. מיר מאָהנען פון אייך די גזלה, ווארים מיר זיינען שטענדיג געווען בירגער, שטענדיג געצאָהלט, אי מיט אונזער פערמעגען, אי מיט אונזערע נפשות. נאציאָנאלע רעכט — מיר אפעלירען צו אייך אין נאָמען פון יושר און פאָרטשריט. בויט ניט דאָס גליק פון איין נאציאָנאלער גרופע אויף דעם חשבון פון אונזער חורבן, עס וועט זיין ניט גוט, ניט פאר אונז, ניט פאר אייך. מיר ווילען זיין גוטע בירגער, און כדי צו זיין גוטע בירגער מוזען מיר זיין פולע, גאנצע מענשען. פול און גאנץ קאָנען מיר זיין נאָר ווען מען צווינגט אונז ניט צו פערלייקענען אונזער אייגענע נאטור, און אונזער נאטור איז מיט טויזענד פעדים פערבונדען מיט אונזער פאָלק, מיט אונזער געשיכטע, מיט אונזער קולטור. בעהאנדעלט אונז ווי גאנצע מענשען און אויך גאנץ וועלען מיר דיענען דעם שטאאט.

און נאָך א וואונש האָבען מיר — און מיר אפעלירען צו אייך אין נאָמען פון א העכערען פרינציפ, אין נאָמען פון דער א ב ס אָ ל ו ט ע ר נאציאָנאלער גלייכבערעכטיגונג. מיר ווינשען, אז אונזער פאָלק זאָל האָבען די מעגליכקייט צו שאפען פאר זיך א היים אין זיין היסטאָרישער היימאט. מיר גלויבען און בעהויפטען אויפריכטיג, אז מיר וועלען ק י י נ ע ם ניט שאדען ראדורך. מיר זיינען גרייט ארייננצוטראגען אין אריענט אונזער גאנצען

ערנסט און אונזער גאנצע עקאָנאָמישע און קולטורעלע ערפאהרונג, וועלכע מיר האָבען אנגעזאמעלט אלס אלטעס קולטור־פאָלק. מיר וועלען דערצו בייטראגען, אז דער אריענט זאל אויפלעבען, און ווער עס זאל ניט זיין בעזיטצער וועט פון אונזער ארבייט קיין היזק ניט האָבען. מיר געהען ניט אנקעגען דעם פארטשריט, אונזער וואונש ליעגט אויף דער ליניע פון די העכסטע מענשליכע אידעאַלען, און מיר פערלאנגען פון די בעסטע און עדעלסטע, זיי זאלען אונז אונטערשטיצען.

מיר זיינען איבערציינט, אז די אומות העולם וועלען זיך ניט דערשרעקען פאר אזא פארמולירונג פון אונזערע וואונשען. זיי וועלען אין איהר, אין דער פארמולירונג, נאָר זעהן, אז דאס אידישע פאָלק איז נאר ניט אזוי טיעף געזונקען, ווי מען האָט עס זיי ערצעהלט, זיי וועלען דערין זעהן א סימן פון מענליכקייט, פון זעלבסטאכטונג, און זיי אליין וועלען אנהויבען אונז מעהר צו רעספעקטירען.

די אומות העולם וועלען זיך ניט דערשרעקען. דערשראָקען האָבען זיך פאר אזא פארמולירונג אונזערע אייגענע אינערליך אונזעלבסטשטענדיגע פערטרעטער, וועלכע זיינען געוואוינט צו קוקען אויף די אנדערע פון אונטען ארויף און אויף די אייגענע פון אויבען אראָב .

2 סעפטעמבער, 1915.

# די פערביטענע יוצרות.

עס איז מערקווירדיג, ווי דער גלות איז מחייב צו פיהרען א דאפעלטען דאזיין, ווען אפילו מען איז ניט מודה אין גלות גופא, מען לייקענט זיין עקזיסטענץ און מען בעטראכט זיך אלס פרייער אונטער פרייע.

די העכסטע פארם פון דער פערנייגונג פון דעם גלות איז די אסימילאציאן. די אסימילאציאן, די קאנסעקווענטע, די שטרענג דורכגעפיהרטע ביז צום לעצטען ענד, בעהויפטעט ניט נאר, אז מען מוז מיט דעם גלות שלום מאכען, ווייל עס בעשטעהט ניט קיין מעגליכקייט פטור צו ווערען פון איהם, זי זאגט פיעל מעהר, אז דורך דאס פאלשטענדיגע אויפגעהן און איינגעשלונגען ווערען אין דער פרעמדער סביבה עררייכט מען די בעפרייאונג פון גלות. זי וויל ניט זיין נעגרינדעט אויף א „לית־ברירה" פילאזאפיע, זי וויל אליין גלויבען און אויך די אנדערע מאכען גלויבען, אז דאס וואס זי טהוט, טהוט זי אויס פרייער נייגונג. זי טהוט ניט קיין שידוך מיט דער פרעמדער סביבה, זי ליעבט זיך אין איהר איין.

אס איז די גרונדלאגע פון דער אסימילאציאן אין דער טהעאָריע. מען קאן זיך צו איהר פערהאלטען ווי מען וויל, מען קאן זי בעטראכטען אלס ווינשענסווערטה אדער פערווערפליך פון פערשיעדענע שטאנדפונקטען, מען קאן אבער איהר ניט אבזאגען אין גאנצהייט. זי איז ראדיקאל, זי געהט ניט אויף פשרות, זי וויל זיך אליין און קיינעם ניט נארען. און ווען אונזערע אסימילאנטען וואלטען געווען פונקט אזוי קאנסעקווענט אין לעבען ווי אין דער טהעאָריע, וואלט קיין מאל ניט געווען קיין פלאץ פאר אינערע דיפערענצען און מחלוקות אין אידישען לעבען. עס וואלט געווען פשוט און קלאר. פון איין זייט שטעהען מענשען, גרופען, פארטייען און קלאסען, וועלכע שטעלען ארויס די בעפרייאונג פון זייער

פאָלק אלס דאס העכסטע אידעאל. פון דער אנדער זייט מענשען און גרופען, וועלכע דיענען אן ענטגעגענגעזעצטען אידעאל. געהט דער ערשטער טהייל אין מזרח און דער אנדערער טהייל אין מערב, און וואס ווייטער און ווייטער דערווייטערען זיי זיך פון אנאנדער.

ביים פאָלק און ביי די פאָלקס־אינטערעסען האָבען לאָגיש געקאָנט בלייבען נאָר די ערשטע. אין אזא פאל וואָלט מען די אסימילאציאן בעטראכט ווי יעדע אנדערע מגפה, וועלכע שאדעט דעם פאלקס־ארגאניזם, ווי שמד צום ביישפיעל, מען וואלט אנגעווענדעט פּראַפילאַקטישע מיטעל, כדי נים צוצולאָזען, אז זי זאָל אָנמאַכען ווייטערע פערוויסטונגען, אבער רייבונגען צווישען נאציאָנאַליסטען און אסימילאנטען האָבען נים געדארפט פארקומען, ווארים עס קענען ניט זיין קיין רייבונגען צווישען בלייבענדע און אוועקגעהענדע.

אלע אונזערע סכסוכים, מחלוקות און רייבונגען, וועלכע שלינגען איין דעם גרעסטען חלק פון אונזער ענערגיע און שאפענדער קראפט, קומען ארוים ניט דערפון, וואָס מיר האָבען אין מאנכע קרייזען אן אסימילאטאָרישע שטרעמונג, נאָר דערפון וואָס מיר האָבען נים קיין גאנצע אסימילאנטען. אונזערע אסימילאנטען פערליעבען זיך טאקע אין דער פרעמדער סביבה און בלייבען אויף קעסטט ביי דעם אידישען פאָלק. טהעאָרעטיש געהען זיי אוועק, פראקטיש בלייבען זיי דאָרט וואו זיי זיינען אויך פריהער געוועזן. דאָס קומט מחמת צוויי טעמים. ערשטענס, איז גאָר נים אזוי לייכט אוועקצוגעהן, מען קען נים אָבטרייסלען פון זיך די לאסט פון א לאנג דורות'דיגער ירושה, עס הויבט זיך אָן א בענקעניש, א קלעמעניש, עס איז שווער מאכען ביי זיך דעם הסכם נאָך אמאָל געבאָרען צו ווערען. און יעדע ראדיקאלע אסימילאציאָן איז פערבונדען מיט א צווייטער געבורט. צווייטענס, ווען מען וואָלט שוין אפילו געפיהלט אין זיך דעם כח צו מאכען איין מאָל א מחק אין דער אייגענער נשמה און אָנשליסען זיך גאנץ אָן א נייער וועלט — האָט דאָך די נייע וועלט עפּעס אויך א שטיקעל דעה. ווען איינער וויל זיך אָנשליסען, מוז דאָך זיין אן אנדערער, וועלכער וויל איהם איינשליסען. נימאָ אין דער מענשליכער געזעלשאפט

קיין הפקר־סביבות. יעדע סביבה האָט אַ גדר און שומרים. דער צוים איז הויך און די שומרים זיינען שטרענג, און עס איז פיעל לייכטער זיך אויסצושליסען, ווי זיך אַנצושליסען, ווייל צום זיך אויסשליסען נעהערט איין ווילען און צום זיך אַנשליסען לכל הפחות צוויי ווילענס. דאריבער קומט טאקע אָפט פאָר, אז די אסימי־לאנטען בלייבען „קרח מכאן וקרח מכאן“, און אז זיי הויבען אָן צו פיהלען שטארק דעם אומעט אויפ׳ן הארצען קעהרען זיי זיך אום צוריק.

זיי קעהרען זיך אָבער אום ניט ווי „בעלי תשובה“, זיי מאכען ניט גאנץ דעם אייגענעם ריס אין זייער נשמה. זיי קעהרען זיך אום ווי האלבע מענשען. זיי ווארטען אויף אַ נייע געלעגענהייט צו עראָבערען די פעסטונג, וועלכע זיי האָבען ניט געקענט מיט איין מאָל איננעהמען און זיי שאָקלען זיך ארום, ווי דער פער־פענדיקעל אין אַ וואנד־זייגער, צווישען צוויי וועלטען, צווישען דער, אויף וועלכער זיי האָבען געוואָרפען אַן אום־חן, און צווישען דער, וועלכער האָט אויף זיי געוואָרפען אַן אום-חן.

און דערין ליעגט איינע פון די טרויעריגסטע ערשיינונגען פון אונזער פאָלקס־לעבען. גאנץ אסימילירטע וואָלטען בשום אופן ניט געקאָנט שטעהן אויבען אָן פון אונזערע פאָלקס־אינטע־רעסען, די האלב אסימילירטע בלייבען אָבער רוהיג אויף זייער אלטען פלאַץ און בעהאלטען אין זייערע הענד די פעדים פון דער אידישער פּאָליטיק. ממילא קומט אין בעסטען פאל ארויס אַ האלבע ארבייט, ווייל זי שטאמט פון האלבע נאטורען.

דערפון שטאמען אויך די אונפערשטענדליכקייטען אין אונזער לעבען.

נעהמען מיר צום ביישפּיעל די קאָנגרעס־פראגע, וועלכע האָט פעראורזאכט אזא קאָכעניש און אזוי פיעל בייזעס בלוט אין גע־ווויסע קרייזען פון אמעריקאנער יודענטהום. די פראגע איז זעהר אַן איינפאכע: די אמעריקאנער אידען פיהלען זיך אין זייער געזאמטקייט אלס חלק פון אידישען פאָלק. זיי פיהלען ווייטער, אז דער איצטיגער היסטאָרישער מאָמענט, וועלכען עס מאכט דורך

די גאנצע וועלט, לעגט ארויף אויף זיי, אויף די אמעריקאנער אידען, א בעזונדערע פעראנטוואָרטליכקייט. כדי צו דערפילען זייער חוב ווילען זיי זיך אָ ר ג א נ י ז י ר ע ן. זיי לעבען אין אמעריקא, אין א לאנד, וואו דער גאנצער שטאאטס־מעכאניזם איז אויפגעבויט אויף דעם דעמאָקראטישען פרינציפּ. דאריבער פערשטעהען זיי, אז אלס אידען און אלס א מ ע ר י ק א נ ע ר  א י ד ע ן וועלען זיי ניט יוצא זיין זייער חוב בנוגע צו זייער פאָלק, ווען זיי זאָלען איבערלאָזען די גאנצע אחריות אין די הענד פון א הייפעלע מענשען, וועלכע זיינען אפשר אי רייך, אי געבילדעט, אי קלוג, וועלכע האלטען אָבער אין איין טענה'ן, אז זיי גלויבען ניט, ניט אין דער עקזיסטענץ פון דער אידישער נאציאָן אין דער געגענוואַרט און ניט אין א אידישער פאָלקס־צוקונפט. דער שכל הישר זאָגט, אז דאָ ליעגט אן אינערער ווידערשפּרוך, וועלכען מען קאָן מיט קיין פשט'על אין דער וועלט ניט פערענטפערען. בכן האָט מען בעשלאָסען, ווענדען זיך צו די אידישע מאסען, אויפקלעהרען זיי וועגען דעם מצב און אָרגאניזירען א פערטרעטערשאפט פון די אמעריקאנער אידען אויף דעמאָקראטישע יסודות.

דאכט זיך, וואָס קאָן מען האָבען איינצואווענדען געגען אזא בערעכטיגטען, נאטירליכען, בעגרינדעטען וואונש? און דאָך האָבען זאָגאר מאנכע ראבינער געפונען פאר גויטיג צו האלטען דרשות אין די טעמפּלען אין די ביידע ראש השנה-טעג אנטקעגען די קאָנגרעס־אידעע, געשטורעמט און געשימפּפט, גלייך ווי די אידישע וועלט האלט חרוב צו ווערען צום צווייטען מאָל דורך די פערווירקליכונג פון דער קאָנגרעס־אידעע. און דאָס זיינען געווען אמעריקאנער ראבינער, און זיי האָבען אויך גערעדט פון די הויכע, הייליגע, אמעריקאנישע, דעמאָקראטישע פּרינציפּען, און זיי האָבען אליין ניט פערשטאנען, אז זיי האָבען בשעת מעשה אויסגעזעהן ווי קאָמישע פיגורען, וועלכע פערפּלאָנטערען זיך אין די אייגענע געדאנקען.

דאָס מאכט די האלבהייט, דאָס לעבען אין צוויי וועלטען. אין איין וועלט איז מען דעמאָקראטיש, אין דער אנדערער אויטאָק

קראטיש, אין איין וועלט שאָוויניסטיש־נאַציאָנאַליסטיש, אין דער אנדערער אסימילאַטאָריש־קאָסמאָפּאָליטיש.

און געוועהנליך פערבייט מען די יוצרות. מיט די ריכטיגע פּרינציפּען לעבען זיי אין דער פאלשער וועלט, דאָס הייסט, אין דער וועלט, וואו זיי קאָנען זיך ניט גאנץ אויסלעבען. און מיט די פאלשע פּרינציפּען לעבען זיי אין דער אמת'ער וועלט, דאָס הייסט אין דער וועלט, וואו זיי מוזען זיך אויסלעבען געגען זייער אייגענעם ווילען.

14 סעפּט., 1915.

# רעפאָרם און יודענטהום

## I

### אינטעליגענץ און רעפאָרם.

דער רעש, וועלכען אייניגע פרעדיגער האָבען אויפגעהויבען אין די רעפאָרם־טעמפּלען צוליעב די נייע שטרעמונג אין די אידישע מאסען, צו פעראייניגען זיך אויף א פאָלקסטימליכער גרונדלאגע; די אטאקע, וועלכע זיי האָבען ביי דיזער געלעגענהייט געמאכט אויף דעם ציוניזם און דעם אידישען נאציאָנאליזם; דער אונ־אנשטענדיגער טאָן, וועלכען עס האָט אָנגעהויבען אָנצואווענדען אין זיין פאָלעמיק געגען ציוניסטען און נאציאָנאליסטען דער לייב־אָרגאן פון די רייכע רעפאָרמירטע אידישע קרייזען אין ניו יאָרק — דאָס אלעס צוזאמענגענומען ניט מיר די פעראנלאסונג אָבצוּ־שטעלען זיך אויף אן ערשיינונג אין אונזער לעבען, וועלכע איז, לוים מיין וויסען, כמעט נאָך ניט אָדער גאָר זעהר ווענינ בע־שפּראָכען געוואָרען.

ווי קומט עס, אז גראָד דאָרט, וואו עס לעבט דער גרעסטער בעשטאנד־טהייל פון אידישען פאָלק אין אייראָפּא — רוסלאנד, עסטרייך און פוילען — האָט די רעפאָרם־בעוועגונג אויף דעם רעליגיעז־סינאַגאָגאלען געביעט זיך ניט געקענט איינוואָרצלען? אין רוסלאנד איז פאר איהר קיין סימן ניטאָ, און ווען איינער — דער אָריענטאליסט פערעפערקאָוויטש — האָט זי גע־וואָלט פערפלאנצען אין פעטערבורג נאָך אמעריקאנישען מוסטער, האָט מען איהם גלייך נאָך דעם ערשטען פערזוך געלאָזט בעטען, ער זאָל אויפהערען זיך נאריש מאכען. אין גאנץ עסטרייך־אונ־גארן, מיט דער אויסנאהמע פון אייניגע אונבעדייטענדע געמיינדען, קאָן מען אין בעסטען פאל רעדען פון קליינע, אונוועזענטליכע אָבענדערונגען אין קולטוס, אָדער פון האלבע רעפאָרמען. אין

פוילען האָט מען געהאט צוויי שוהלען, וועלכע מען האָט גערופען די רעפאָרמירטע, אין ווארשא און אין לאָדז, אָבער דאָ אין אמעריקא וואָלט מען זיי ביידע צוגערעכענט צו די שטרענג אָרטהאָ־דאָקסישע.

אפילו אין דייטשלאנד, וואו עס האָבען געלעבט און געווירקט די ערשטע און די בעדייטענדסטע רעפאָרם־אפאָסטעל, איז די רעפאָרם געבליבען שטעהן אויפ'ן האלבען וועג, אין פערגלייך מיט אמעריקא. אין גאנץ דייטשלאנד עקזיסטירט נאָר איין טעמפעל, פעררוקט אין א זייטיגען געסעל אין בערלין, וואו מען „דאַווענט" זונטאָג אנשטאָט שבת, און וואוהין מען פיהרט די טוריסטען ווי צום בייז־וואונדער צו צייגען זיי, אז אויך ביי אידען איז דאָ א סעקטע, וועלכע איז מתפלל אָהן א קאָפּ־בעדעקונג און לאָזט צו, אז מענער און פרויען זאָלען זיצען אין שוהל צוזאמען.

מילא ווען מען רעדט מכח די אידישע מאסען קאָן מען נאָך ווי עס איז אויסגעפינען פערשיעדענע ערקלערונגען צו פערענט־פערען דיעזע ערשיינונג. ווען מען וויל קאָן מען זאָגאר בלייבען אויף דעם באָדען פון דער היסטאָריש־מאטעריאליסטישער וועלט־אנשויאונג. די רעפאָרם אין אלגעמיין איז פשוט א צו טהייערער ארטיקעל פאר די מאסען. א שעהנע שוהל, א ריינע שוהל מיט משגיחים און משרתים, מיט שטודירטע פרעדיגער און חזנים איז ניט קיין וואָלוועלער ביסען. דער גרעסטער עלוי אָדער זאָגאר דער גאון, וועלכער זיצט כל ימיו אויף תורה און עבודה, מוז לעבען פערהעלטניסמעסיג זעהר בעשיידען, גאנץ אָפט, אין די מיטעלע און קליינע שטעדט — אין דחקות, און זיין איינציגע האָפנונג איז עולם הבא. דער קלענסטער רעפאָרמירטער ראבינער אָבער פער־לאנגט גאנץ אנדערע התחייבות'ען פון זיין געמיינדע. ער פאָדערט מען זאָל איהם אויסצאָהלען זיין חלק מיט עולם־הזה ארטיקלען. דאָס איז ערשטענס. צווייטענס, זיינען די מאסען אין דורכשניט ניט אזוי פאָרטגעשריטען אין זייער לעבענס־אנשויאונג און פיהלען דעריבער ניט קיין בעדערפניש צו איבעראנדערשען די פאָרמען פון זייער רעליגיעזען לעבען. דריטענס זיינען די מאסען, אפילו ווען זיי זיינען אויפגעקלעהרט, זעהר קאָנסערוואטיוו בנוגע צו

זיטען און מנהגים, און ווען זיי היטען זיי שוין, ווילען זיי מקיים זיין זיי מיט אלע תגין, אַט ווי זיי, די זיטען און מנהגים, זיינען איבערגעגאנגען צו זיי בירושה.

ביי אַ שטרענגען אנאליז האָט מען געקאָנט בעווייזען, אז די און עהנליכע ערקלערונגען זיינען מעהר ניט ווי אויבערפלעכליכע. די ערהאלטונג פון דעם איבערליפערטען, מסורה־יודענטהום קאָסט אין סך הכל אָב די אידישע מאסען מעהר ווי אלע אויסגעפוצטע טעמפלען, עבען אזוי ווי די ערהאלטונג פון דעם אלט־מאָדישען אידישען חדר קאָסט פערהעלטניס־מעסיג מעהר אָב דעם אידישען פאָלק ווי די מאָדערנע פאָלקס־שולען. דאָס איז בעוויזען געוואָרען מיט געניע צאָהלען. מען דארף ניט פערגעסען, אז צום מסורה־יודענטהום געהערען אויך די הוצאות פון כשרות, ספרי־תורות און ספרים, מקוה, תלמוד תורה, ישיבות און נאָך וויטער. אויך האָט מען געקאָנט בעווייזען, אז אין עניני אמונה איז אַ גרויסער חלק פון די אידישע מאסען מינדעסטענס אזוי אויפגעקלעהרט, ווי די רייכע אידישע קלאסען דאָ אין אמעריקא. נאָר ווען מען זאָל אפילו צוגעבען, אז בנוגע צו די אידישע מאסען קאָן מען נאָך געפינען אַ תירוץ, בלייבט דאָך אָבער די ערשיינונג אָהן אן ערקלערונג, ווען מיר נעהמען אין בעטראכט די רייכערע אידישע קלאסען אין אייראָפּא און די אינ־טעליגענץ. פאר וואָס האָבען אויך זיי זיך ניט בעגייסטערט פאר די רעפאָרם־בעוועגונג און האָבען ניט דורכגעמאכט דעם זעלבען פּראָצעס, וועלכען עס האָבען דורכגעמאכט די ענטשפּרעכענדע קלאסען אין אמעריקאנער יודענטהום?

זעהר אָפט קומט אויס צו הערען: אין רוסלאנד, צום ביי־שפּיעל, איז דעריבער ניט געוועזן קיין רעפאָרם־בעוועגונג, ווייל די אידישע אינטעליגענץ איז מיט איין מאָל אריבערגעשפּרונגען אויף יענער זייט רעפאָרם. די אויפקלערונג האָט איהר אזוי פער־בלענדט די אויגען, אז זי האָט פערלאָרען יעדען אינטערעס פאר דאָס רעליגיעזע לעבען. דאָס איז אָבער ניט קיין ערקלערונג, דאָס איז דאָך מעהר ניט ווי אַ קאָנסטאטירונג פון אַ פאקט — פאלש אָדער ריכטיג פערשטאנען, דאָס הייסט דאָך ניט מעהר ווי אָב־זקען

די שאלה אויף א ווייטערען פלאַץ. וואו איז די סבה, וועלכע
האָט געצוואונגען די רוסיש־אידישע אינטעליגענץ, צום טהייל אויך
אין עסטרייך און אין פוילען, צו מאכען אזא פלוצלונגען שפּרונג?
וואו איז די אָבשטויסענדע קראַפט, וועלכע האָט זי געצוואונגען
צו פערהאלטען זיך אזוי גלייכגילטיג צו אלע רעליגיעזע פאָרמען?
איז דאָס געווען די השפּעה פון דער ארומיגער סביבה נאָך דעם
כלל: „ווי עס קריסטעלט זיך, אזוי יודעלט עס זיך"? דאָס
וואָלט אָבער געווען פאלש. דאָס רוסישע פאָלק אין זיין גאנצהייט
איז זאָגאר אבערגלויביש רעליגיעז, און אויך די רוסישע אינטע־
ליגענץ האָט זיך כמעט תמיד זעהר אינטערעסירט מיט רעליגיעזע
פּראָבלעמען. דאָסטאָיעווסקי, טאָלסטאָי, וולאדימיר סאָלאָוויאָוו
און נאָך אונצעהליגע אנדערע פון די גרויסע רוסישע גייסטער
זיינען געווען זיכער אויף דעם רעליגיעזען געביעט. די
רוסישע פּאָעזיע פון די לעצטע דורות איז דורכגעדרונגען פון
שטארקע רעליגיעזע שטימונגען. אין עסטרייך און אין פוילען
הערשט דער קאטהאָליציזם, די סביבה האָט דאַרט געוויס ניט
געקאָנט ארויסרופען א רעליגיעזע גלייכגילטיגקייט.

און די פראגע איז א וויכטיגע, ניט פון ריין פּראַקטישען
שטאנדפּונקט, ווייל קיינער פון אונז קלייבט זיך ניט מחזיר לטובה
זיין די אידישע אינטעליגענץ און ווייל ניט מיט אויסערע רעפאָרמען
קאָן מען זי מחזיר לטובה זיין. די פראגע איז וויכטיג, ווייל אין
דיעזער ניט אויפגעקלערטער ערשיינונג שפּיעגעלט זיך אָב א שטיק
פון אונזער קולטורעלער ענטוויקלונג, ווייל אין איהר זעהען מיר
צוויי פערשיעדענע פּראָצעסען, וועלכע מוזען בעטראכט ווערען אלס
לאָגישע פאָלגע פון פערשיעדענע בעדינגונגען. פון איין
זייט האָט געווירקט א קאָנצענטרירטע
פאָלקס־קראַפט און זי האָט בעשטימט דעם ענטוויקלונגס־
וועג, פון דער אנדערער זייט האָט גע־
ווירקט א גרופּען־אינסטינקט, און ער האָט
אָנגעצייכענט אן אנדער וועג. איז כל זמן דאָס זיינען געווען
צוויי בעזונדערע וועלטען, ווייט איינע פון די אנדערע, אָהן בע־
ריהרונגס־פּונקטען, האָבען זיי זיך פערטראָגען ווי צוויי פרעמ־

דע. קוים זיינען זיי אָבער געקומען אין בעריהרונג, דיעזע ביידע וועלטען, איז בעשאפען געוואָרען די ר י י ב ו נ ג ס ־ פ ל ע כ ע, און די רייבונג האָט נ ע מ ו ז ט פ י ה ר ע ן צו אַ צוזאמענ־שטויס. ניט אויס שנאה, ניט אויס צו להכעיס פּאָליטיק, נאָר אויס אינערען נעגענזאץ, אויס דער פערשיעדענהייט פון די היס־טאָרישע מאָטיווען, וועלכע האָבען רעגולירט די צוויי ניט גלייכע אידישע גרופּען.

## II

## די היסטאָרישע ירושה.

ניט נאָר איצט, ווען מיר שטודירען די תקופה פון אונזער רענעסאנס, נאָר ווען מיר נעהמען אפילו די אלטע און די עלטערע תקופות פון אונזער גלות־לעבען און מיר קוקען זיך צו, פריי פון פּאָראורטהיילען און פּאָרגענומענע טענדענצען, צו די שפּורען פון דער גייסטיגער ענטוויקלונג, וועלכע אונזער פאָלק אין זיין גע־זאמטקייט האָט דורכגעמאכט, קומען מיר צום בעשלוס, אז עס איז מעהר ניט ווי אַן אונבעגרינדעטער, אָבערפלעכליכער אורטהייל, ווען פיעלע פון אונזערע פאָרשער און היסטאָריקער בעטראכטען אלע ערשיינונגען אין אונזער גלות־געשיכטע דורך אַ טהעאָלאָגישע בריל, ווען זיי שטעלען אויף די בעהויפּטונג, אז נאָך דעם פער־לוסט פון דער שטאַאטליכער זעלבסטשטענדיגקייט האָט זיך דער גאנצער שאפענדער אידישער גייסט פערקליבען אין אַ ווינ־קעל, אין די פיער איילען פון אמונה־אנגעלעגענהייטען, און זוכען די גאנצע עקזיסטענץ־בערעכטיגונג פון אידישען פאָלק אין דעם רעליגיעזען מאָמענט. עס געהט אזוי ווייט, אז שוין דער אויס־דרוק „אידישעס פאָלק" קומט זיי פאָר ווי פאלש, ווייל דער בעגריף פאָלק איז צו ווייט און צו ברייט פאר דעם ענגען, בעגרעניצטען אינהאלט, וועלכען זיי האָבען איבערגעלאָזען אלס אַ סימן מובהק פאר די אידישע ענטוויקלונג. די מייסטע אידישע מאָדערנע פאָר־שער און היסטאָריקער האָבען דעריבער פערביטען דעם אויסדרוק אידישעס פאָלק מיט דעם אויסדרוק רעליגיאָנס־געמיינשאפט, אָדער

סתם י ו ד ע נ ט ה ו ם. פאָלק איז קאָנקרעט, יודענטהום איז אבסטראקט, פאָלק ענטהאלט אין זיך דעם בעגריף פון דעם שעפּפער, פאָלק איז סוביעקט, יודענטהום איז א שעפּפונגס־פּראָדוקט, מעהר ניט ווי אָביעקט. מיט כונה און אויס א פ ע ר נ י י נ ו נ ג ס - טענדענץ, האָבען זיי, די פאָרשער און היסטאָריקער, ניט געשריבען די געשיכטע פון אידישען פאָלק, נאָר די געשיכטע פון יודענטהום. שוין אין דעם נאָמען אליין ליעגט די ווערטהשאצונג פון דער גאנ־צער אידישער ענטוויקלונג נאָך זייער אויפפאסונג.

נעהמען מיר די א מ ת אידישע פאָרשער און היסטאָריקער, אפילו די מאָדערנע, אין געגענזאץ צו די „פערטייטשער" פון אונזער געשיכטע, נעהמען מיר שד"ל, קראָכמאל, וויס, ריב"ל, רייפמאן און ד. גל. זעהען מיר, אז זיי האָבען פערטראָטען א גאנץ אנדערען שטאנדפּונקט. פאר זיי איז געווען דער פ אָ ל ק ס־ג י י ס ט די בעוועגענדע קראפט. ער האָט פאר זיי געדיענט אלס א שליסעל אפילו פאר די ערשיינונגען אויף דעם ריין רעליגיעזען געביעט. דער אונטערשיעד צווישען דיביידע קאטעגאָריען פון פאָרשער איז בעשטאנען ניט אין דעם גראד פון זייער פרומקייט, ניט אין קאָנסערוואטיזם און פריידענקערטהום, נאָר אין דעם פער־שיעדענעם אויסגאנגס־פּונקט, וועלכען זיי האָבען געוועהלט פאר זיך ביי זייערע פאָרשונגען. די איינע זיינען געווען אָ ר י ג י נ ע ל, זיי האָבען זיך בעשעפטיגט מיט דעם ש ו ר ש און מיט דעם ש ט א ם און דורך דעם חאראקטער פון דעם שורש און דעם שטאם האָבען זיי געזוכט צו בעגרייפען די אייגענשאפטען פון די פירות, די פּראָדוקטען. די אנדערע האָבען בעהאנדעלט א ו י ס ש ל י ס ל י ך די פּראָדוקטען, גראָבען זיך ביז צום שורש האָבען זיי ניט געוואָלט, עס האָט ניט געפאסט פאר זייער טענדענ־ציעזע וועלט־אנשויאונג. די איינע האָבען קיין מאָל ניט פער־לאָזען דעם באָדען, פון וועלכען דאָס יודענטהום האָט געשפּראָצט און אויף וועלכען עס איז אויסגעוואקסען. די אנדערע האָבען זיך בעשעפטיגט מיט א יודענטהום אין דער לופט, וואָרצעללאָז און באָדענלאָז. זיי האָבען ניט בעאכטעט די שייכות צווישען בוים און פרי.

דער ערשטער פון די „פּערטייטשער“ פון אונזער געשיכטע, וועלכער האָט איינגעזעהן די גאַנצע גרונדלאָזיגקייט פון אַ לופט־יודענטהום, איז געווען גרעטץ. ער האָט דעריבער העפטיג פּראָטעסטירט געגען די טענדענץ צו פערוואַנדלען די אידישע געשיכטע אין אַ געשיכטע פון יודענטהום מיט אַ סינאַגאָגאַלער פאַרבונג, און איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אונז מזכה געווען מיט אַ לעבעדיגער געשיכטע פון אידישען פאָלק. גרעטץ איז אפשר געווען ניט מעהר געלעהרטער ווי זיינע חברים, אפש״ר אַ קלענערער וויסענשאַפטלער פון מאַנכע פון זיינע צייט-גענאָסען, ער האָט אָבער בעזעסען איין מעלה, וועלכע האָט אַרויפגעדריקט אויף זיין ווערק אַ בעזונדער שטעמפּעל און זיין „געשיכטע דעס יודישען פאָלקעס“ געמאַכט צו אַ וואַהרען פאָלקס־ווערק. די מעלה זיינע איז בעשטאַנען אין זיין לעבעדיגער בעציהונג צו דער אידישער געשיכטע, צו אַלע תקופות, צו אַלע דורות אָהן אַן אויסנאַהם. די האַנדלענדע פיגורען אויף דער אידישער סצענע זיינען פאַר איהם געווען ניט וואַקס־פיגורען, ניט ווי טויטע סקעלעטען, די עצמות היבשות פון יחזקאל׳ס נבואה, זיי זיינען פאַר איהם געווען לעבעדיגע, שאַפענדע מענשען, פול קראַפט און ליידענשאַפט. ניט אומזיסט האָט גרעטץ׳ס ווערק זוכה געווען איבערזעצט צו ווערען אין העברעאיש, און די פאָלקסטהימליכע אויסגאַבע אויך אין אידיש. דאָס איז ניט קיין צופאַל. גרעטץ איז נעהנטער צוגעגאַנגען צום אידישען פאָלק און האָט געפונען פערשטענדניס גראָד דאָרט, וואו דער פאָלקס־דופק האָט געשלאָגען אַם שטאַרקסטען. דאַגעגען איז ער געבליבען אונבעליעבט אין די אויפגעקלערטע קרייזען פון אייראָפּעער יודענטהום, צוליעב דער זעלבער אורזאַכע, צוליעב זיין נאָהענטקייט צום אידישען פאָלקס־טהום.

דערפון קאָן מען זעהן, אַז די מחלוקת צווישען די אַנהענגער פון אַ אידישען פאָלקסטהום און צווישען די אַפּאָסטעל פון אַ רעליגיעז-געפאַרבטען, אַבסטראַקט־עטהיש־פילאָזאָפישען יודענטהום איז אַבסאָלוט ניט ניי און קאָן בשום אופן ניט בעטראַכט ווערען אַלס אַ רעזולטאַט פון דער נייעסטער ווענדונג אין

אונזער געשיכטע. כמעט אויף דעם המשך פון דעם גאנצען גלות מערקען מיר די ביידע אנטאגאָניסטישע שטרעמונגען אין אידישען לעבען, די פאָלקסטהימליכע נאציאָנאלע און די אנטי־נאציאָנאל רעליגיעזע. ווען מיר רעדען פון דער אנטי־נאציאָנאל רעליגיעזער שטרעמונג, מיינען מיר ניט צו זאָגען דערמיט, אז די רעליגיאָזיטעט איז געווען ביי די אידען פערבונדען מיט אן אנטי־נאציאָנאלער טענדענץ. דאָס וואָלט געווען א זעהר פאלשע בעהויפּטונג. מיר רעדען נאָר פון יענער שטרעמונג, וועלכע איז געווען אין איהו עיקר אנטי־נאציאָנאל, וועלכע האָט זיך געשטעלט אלס העכסטע אויפגאבע די אויפלעזונג פון אידישען פאָלקסטהום, און די רעליגיאָן האָט זי נאָר געברויכט אלס מיטעל, כדי צו כשר'ען דורך איהר אָדער צו פערדעקען מיט איהר איהר איינענע צושטערענדע ארבייט אויף אלע אנדערע געביעטען פון אידישען פאָלקס־לעבען.

מיר שטעלען זיך אָב אויף א ביישפּיעל. מיר נעהמען די שפּראך. דאָס גרעסטע קאפּיטאל, וואָס א פאָלק פערמאָגט, איז זיין שפּראך. דאָס הייסט די שפּראך, אין וועלכער עס זיינען געשריבען די הויפּט־ווערק פון זיין שאפּענדען גייסט. ניט אומזיסט בעהויפּטען פיעלע פעלקער־פּסיכאָלאָגען, אז אין דעם מאָמענט, ווען א פאָלק פערליערט זיין שייכות צו זיין איינענער שפּראך, הויבט זיך אָן זיין גסיסה, דער אויפלעזונגס־פּראָצעס פון דעם פאָלק גופא. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, אז דאָס אידישע פאָלק האָט אָנגעשטרענגט אלע כחות, כדי צו בעשיצען די העברעאישע שפּראך פון אונטערגאנג. דאָס פאָלק האָט אינסטינקטיוו געפיהלט, אז שיצענדיג די שפּראך, שיצט עס זיין איינענעם קיום, און קיין קרבן איז פאר איהם ניט געווען צו יהויך און צו טהייער, ווען עס האָט זיך נאָר געהאנדעלט וועגען דעם ווייטערען אויסבוי פון דער העברעאישער ליטעראטור. אלס אומגאנגס־שפּראך האָט די העברעאישע שפּראך ניט געקאָנט דורכגעפיהרט ווערען, זי האָט געמוזט ווערען די שפּראך פון ספר. איין ווינקעלע פון אידישען לעבען איז געבליבען אויטאָנאָם, געשיצט און אָבגעזונדערט פון דער ארומיגער סביבה — דאָס סינאגאָגאלע

געביעט. דאָ איז מען ניט געווען געצוואונגען צו מאכען פשרות, און די אידישע שוהל איז געבליבען ר י י ן ה ע ב ר ע א י ש. אויך די פרומע אידען האָבען געוואוסט פונקט אזוי גוט ווי די רעפאָרמער, אז מען מ ע ג דאווגען אין יעדער שפראך, זיי האָבען אָבער ניט געקאָנט צולאָזען, אז צוליעב פ ר א ק ט י ש ע מאָ־טיווען זאָל מען פערבייטען העברעאיש אין שוהל אויף דער אומ־גאנגס־שפראך. אין געגענטהייל, זיי זיינען געווען גליקליך, וואָס עס איז דאָ לכל הפחות איין ווינקעלע, פון וואנען מען איז ניט געצוואונגען ארויסצוטרייבען די העברעאישע שפראך. זיי האָבען געהאנדעלט ווי מענשען, וועלכע ווערען געלייטעט פון פ אָ ל ק ס־מ אָ ט י וו ע ן. פאר די געגנערישע עלעמענטען, פאר די, וועלכע האָבען זיך פערהאלטען נעגאַטיוו צום אידישען פאָלקסטהום, איז די העברעאישע שפראך תמיד געווען מעהר ניט ווי א דאָרן אין די אויגען. ניט די ה י י ל י ג ק י י ט פון דער שפראך האָט זיי געשטערט, אָבער איהר פ אָ ל ק ס ט ה י מ ל י כ ק י י ט, איהר ט ר א ד י צ י אָ נ ע ל ע בעדייטונג. זיי האָבען זיך געשראָקען פאר העברעאיש, ווי ירבעם פאר דעם טעמפעל אין ירושלים, זיי האָבען געוואָלט, אז דאָס פאָלק זאָל זיך אפילו אין זיינע געדאנקען ניט ציהען צום מזרח. און ווי ירבעם פארצייטען האָבען זיי געזוכט בליק־אָבלייטער און זיי האָבען זיי געפונען אין די פ אָ ר מ ע ן פון דער רעפאָרם.

דאָס פאָלק און אויך די אויפגעקלערטע אינטעליגענץ, וועלכע האָט נאָך געצויגען יניקה פון פאָלקסטהום, האָבען ניט געקאָנט בעטרעטען דעם רעפאָרם־וועג, ניט ווייל זיי האָבען זיך געשראָקען פאר אן אָבווייזונג פון די אַלטע פאָרמען, נאָר ווייל זיי האָבען דערקאָנט דעם אנטי־פאָלקסטהימליכען תאראקטער פון דער גאנצער רעפאָרם־בעוועגונג, ווייל זיי האָבען אין איהר ניט געזעהן א רע־ליגיעזען דראנג, נאָר אן אויסגעשפראָכענע כונה צו בעפרייען זיך פון דער היסטאָרישער ירושה, וועלכע האָט געהאָלפען צוזאמענ־האַלטען די איבער דער גאנצער וועלט צוזעעטע און צושפרייטע אי־ען אַלס איינהייט, אַלס פאָלק.

III

## שוהל און טעמפעל.

די רעפאָרמירטע טעמפּלען מוזען בעטראכט ווערען אלס א הויפּט־פאקטאָר אין דעם ענטנאציאָנאליזירונגס־פּראָצעס, וועלכען א גרויסען טהייל פון דעם וועסט־אייראָפּעאישען און אמעריקאַ־נישען יודענטהום האָט דורכגעמאכט. די הויפּט־ראָלע האָבען דערביי געשפּיעלט ניט די נייע פאָרמען פון דעם „גאָטעסדיענסט", ניט די געקירצטע תפלות אָדער די סטיליזירטע מנהגים. דאָס וואָלט מען נאָך קאָנען פערטראָגען. פיעל מעהר בעדייטונג, אין נעגאטיווען זין, האָט געהאט די פערטרייבונג פון דער העברעאישער שפּראַך און דער אינהאלט פון די מאָדערנע דרשות.

די אידישע שוהל איז געווען א שטיק אָריענט, וועל־כען דאָס אידישע פאָלק האָט אריבערגעטראָגען אין די גלות־לענדער פון זיין אלטער היימאטה. אין דערין איז בעשטאנען איהר גאנצער רייץ. דער אָריענטאלישער בלוי־ווייסער טלית, די „סקאַרבאָווע" ניגונים און די העברעאישע שפּראַך האָבען דערצו בייגעטראָגען, אז דער איד זאָל זיך אין שוהל פיהלען ווי אין דער היים. איך מיין ווי אין דער היים אין פאָלקסטהימליכען זין. אין שוהל האָט ער נאָך געזעהן דעם חרמון, דעם לבנון און דעם כרמל, ירושלים און דעם הר הבית, אין די תפלות האָט ער נאָך געהערט דאָס רוישען פון דעם ירדן, דעם בת-קול פון דער נבואה און געפיהלט דעם אָבגלאנץ פון דער שכינה. די זכרונות פון יער מיט גלאנץ בעדעקטער פערגאנגענהייט האָבען אין איהם געוועקט גאָלדענע חלומות פאר די צוקונפט, זיינע האָפנונגען זיינען געוואָרען בעפליגעלט, און ער האָט געשוועבט אויף א ווייל אין אן איי־נענער וועלט, ער איז אויף א ווייל ארויס פון דעם פרעמדען רשות הרבים אין זיין אייגענעם רשות־היחיד, ער האָט אויף א ווייל פערגעסען דעם גלות, די פרעמדקייט מיט איהר גאנצער ביטערקייט.

מיט דער פּעריאָגונג פון דער העברעאישער שפּראַך האָט זיך

די אַריענטאַליש־העברעאישע שוהל פערוואַנדעלט אין אַ דייטשע, פראַנצויזישע, ענגלישע, אייראָפּעאישע אָדער אַמעריקאַנישע „ר ע־ ל י ג י ע ז ע א י נ ס ט י ט ו צ י אָ ן". די פערבינדונג צווישען איהר און דער אידישער פערגאַנגענהייט איז אָבגעשניטען געוואָרען, זי איז געווען אַ פ ע ר ט י י ט ש ט ע, אָן א י ב ע ר ז ע צ ט ע שוהל, און די נשמה, וועלכע האָט איהר פערליהען אינהאַלט און חן, רייץ און גלאַנץ, איז פערשוואונדען. אויס אַלטע זכרונות, אויס גאָלדענע חלומות, אַלץ איז ניכטער, אַלץ איז צונעפּאַסט צום אויף טרוקענע חשבונות אויפגעבויטען לעבען. אַלעס, וואָס דערמאָהנט אָן פ אָ ל ק, פערגאַנגענהייט און צוקונפט, האָט מען אויסגעמעקט, פערטריבען. מען האָט זיך ניט ערבאַרמט אפילו איבער די אַזוי פערטרויליך און היימאַטליך קלינגענדע ניגונים, מען האָט זיי פערביטען מיט מאָדערנע, פרעמדע, נעבאַרגטע. מען האָט מורא געהאַט איבערצולאָזען עטוואָס אַריענטאַלישעס, מען האָט מורא געהאַט פאַר אַ בענקעניש, פאַר אַ זעהנזוכט־געפיהל. מיט איין וואָרט, מען האָט געזוכט אָבצוטויטען אין אידען ד אָ ס נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ע מ פּ פ י נ ד ע ן.

זעלבסטפערשטענדליך האָט זיך די פ ר ע ד י נ ט געמוזט אַנפּאַסען דעם גאַנצען כאַראַקטער פון דעם נייעם טעמפּעל. זי האָט געמוזט שאַפען די א י ד ע אָ ל אָ ג י ע פון דער רעפאָרם, אַרויסגעבען אַ הכשר אויף דאָס אַנטי־נאַציאָנאַלע יודענטהום. די אויפגאַבע איז גאָר ניט געווען אַזוי לייכט, ווי פיעלע נעהמען דאָס אָן. פון דעם גאַנצען אידישען אינהאַלט, פון דער גאַנצער אידישער וועלט־אַנשויאונג, וועלכע נעהמט אַרום וועלט, גאָט און מענש און האָט צו זיי גאַנץ א י י ג ע נ ע בעציהונגען, האָט מען געמוזט אַרויסנעהמען גראָד דעם נ י ט ח אַ ר אַ ק ט ע ר י ס ט י ש ע ן ט ה י י ל, שאַפען, אויב מען קאָן אַזוי זאָגען, אַ פ אַ ר ע ו ו ע ס יודענטהום, — ניט שאַרף און ניט קאַנטיג, פלאַך און אָבגערונדעט, כדי עס זאָל זיך קאָנען לייכט אַנפּאַסען דער פרעמדער סביבה, עס זאָל קיין רייבונג צווישען זיי ניט זיין און קיין ווידערשפּרוך ניט ענטשטעהן.

ניין־צעהנטעל פון דער אידישער נבואה איז אויסגעשפּראָכען

נאציאָנאַל. עס בלייבט איבער אפשר איין צעהנטעל, וועלכעס איז נ י י ט ר א ל לויט דעם אינהאלט נאָך. די ניין צעהנטעל קאָן מען ניט מעהר פערווענדען אין דער רעפאָרמירטער דרשה. פון די שפּעטערע קוועלען, די הלכה און די אגדה, מוז די הלכה אין גאנצען אויסגעשלאָסען ווערען, ווייל זי האָט דאָך מעהר קיין שום שייכות ניט צום רעפאָרמירטען יודענטהום, און פון אגדה קאָן מען נעהמען נאָר דעם נייטראלען טהייל, און דיעזער איז זעהר קליין, וואָרים די אגדה, די איינגענטהימליכסטע ערשיינונג פון דער עכט אידישער פּאָעזיע, איז כמעט אין גאנצען נאציאָנאַל, אי נאָך דעם אינהאלט, אי נאָך דער פאָרם. בלייבט אויף אזא אופן פאר דעם רעפאָרמירטען פּרעדיגער נאָר א גאנץ קליינע אויסוואהל פון דעם גאנצען שאטץ פון דעם אידישען אלטערטהום. ווען דער פּרעדיגער געהערט נאָך צו דער אלטער שולע און ער האָט נאָך פיעל געלערענט, האָט ער דאָך קיין פערווענדונג ניט פאר זיינע לומדות, אזוי ווי דאָס מאָדערנע לעבען איז אָבער געבויט אויף פּ א ק ט י ש ע יסודות, זאָרגט מען שוין אויך דערפאר, אז דער פּרעדיגער זאָל ניט ליידען קיין עגמת־נפש פון איבעריגע לומדות. מען ניט איהם אזוי פיעל אידישען באלאסט, וויפיעל עס איז נויטיג צו ערציהען דעם נייעם דור אין אנטי-נאציאָנאלען גייסט.

און אלס רעזולטאט פון דער אנטי־נאציאָנאלער בעוועגונג האָט זיך ביי אונז ענטוויקעלט אין גרויסע, ווייטע קרייזען א שרעקליכע עם־הארצות — אונזער גרעסטער פאָלקס־שונא. ב י י ק י י ן פ אָ ל ק אין דער וועלט קאָן מען ניט געפינען, אז די יוגענד זאָל זיין אזוי אָבגעריסען פון פאָלקס-שטאַם, פון זיין גע־שיכטע, און אפילו פון זיין ג ע ג ע נ וו א ר ט, ווי ביי אונז אין די אנטי־נאציאָנאלע קרייזען. ביי קיין פאָלק אין דער וועלט פער־האלט זיך ניט די אזוי גערופענע אינטעליגענץ אזוי פרעמד און אונאינטערעסירט צו אל דעם, וואָס געהט פאר אין דער ווירק־ליכקייט, ווי ביי אונז אידען. ערשט דורך די פרעמדע וועלט דערוויסען זיי זיך אָפטמאָל צופעליגערהייט פון אידישע העלדען, קינסטלער, שריפטשטעלער, דיכטער, און ערשט ווען עס ברעכען אוים גרויסע קאטאסטראָפען דערפיהלען זיי אָפטמאָל א דונקעלע

שייכות צו אַ וועלט, וועלכע זיי האָבען ביז איצט ניט געקאָנט, פון וועלכער זיי האָבען ניט גע'חלומ'ט.

אזא פּראָצעס האָט אָבער געקאָנט דורכמאכען נאָר דער איינ־צעלנער אָדער העכסטענס אַ גרופּע אָדער אַ געזעלשאַפטליכער קרייז, וועלכער האָט געלעבט פאר זיך און איז ניט געקומען אין בעריהרונג מיט די גרויסע פאָלקס־מאסען. די אסימילאציאָן איז ניט קיין מאסען־ארטיקעל. אין די מאסען איז שטענדיג גובר דער זעלבסט־ערהאלטונגס־טריעב אין פאָלקסטהימליכען זינן איבער אלע שווערינקייטען פון דער פרעמדער סביבה. אין דעם ענט:געגענ־געזעצטען תאראקטער פון דיביידע נטיות: ענטוויקלונג און אָבוויקלונג, ווייטער־לעבען און פערשווינדען, ליעגט די אונפער־מיידליכקייט פון אַ קאָנפליקט, ווען די אָבגעברעקעלטע גרופּע שטעלט זיך אָב אויף אַ ווײַלע צוליעב געוויסע צווינגענדע סבות אין איהר אייבינגען ווייטער־לויפען און דרעהט זיך אום מיט'ן פּנים צו די מאסען און וויל אויף זיי משפּיע זיין.

און מיט וועלכע מיטלען וויל מען בעאיינפלוסען די מאסען. מען געהט ניט צו זיי אין גאס, מען געהט ניט אין ז י י ע ר ע פערזאמלונגען, מען וויל ניט, אז זיי זאָלען אויך קאָנען קומען צום וואָרט, זיך מיט זיי אויס'טענה'ן, מען גלויבט אין דער אסימילאָ־טאָרישער איינבילדונג, אז מיט דרשות־פּיילען קאָן מען צושלאָגען דעם געזונדען אינסטינקט און מיט שעהנע טעמפּעל־פּראזען איינ־ווירקען אויף פאָלקס־שטרעמונגען. זיי פערגעסען דערביי, אז די מאסען, און אויך יענע אינטעליגענטע גרופּען, וועלכע האָבען זיך ניט דערווייטערט פון זייער פאָלק, האָבען דורכגעמאכט אַן אנדער ענטוויקלונגס־פּראָצעס. זיי האָבען געלעבט ווי אַ פאָלק און זיך צוגעקוקט צו דער גרויסער וועלט, צו דער שטורם און דראנג פער־יאָדע פון פערשיעדענע נאציאָנען, צו די לעבעדיגע בעציהונגען צווישען פערשיעדענע פעלקערשאַפטען — און האָבען פיעל גע־לערענט, פיעל מעהר ווי זיי וואָלטען געקאָנט לערנען פון די בלוט־אָרימע פרעדיגטען אין רעפאָרמירטען טעמפּעל.

און אַ נייער „ויתרוצצו“ שפּיעלט זיך איצט אָב אין אונזער פאָלקס־לעבען. דער אנטאגאָניזם צווישען די צוויי איינע די אנ־

דערע אויסשליעסענדע נטיות קומט צום פאַרשיין. איין קראפט איז א פּאָזיטיווע און זי ציהט צום מזרח, ניט נאָר אין געאָגראפישען זין, זי ציהט צום אידישען פאָלקסטהום, און דאָס אידישע פאָלקס־טהום שטאמט פון מזרח און טראָגט דעם מזרח אין זיך. די אנדערע קראפט איז א נעגאטיווע, א צושטערענדע, א פערניכ־טענדע, און זי שלעפּט צום מערב, צום איינגעשלונגען ווערען אין מערב, צום אָבטרייסלען פון זיך אלע אָנגעבאָרענע, היסטאָריש ענטוויקעלטע איינענשאפטען.

וועט דאָס זיין דער לעצטער אינערער אידישער קאמפף פאר דעם אידישען קיום, אָדער נאָר א נייער רינג אין דער קייט פון די אינערע מלחמות, וואָס דאָס אידישע פאָלק פיהרט אָן זייט עס האָט פערלאָרען זיין זעלבסטשטענדינקייט? וועט דאָס אידישע פאָלק איצט אָרגאניזירען זיינע כחות, וועט עס האָבען דעם גע־שלאָסענעם ווילען צו שאפען פאר זיך א מעהר אונאבהענגיגע צוקונפט? וועט עס מאכען א סוף צו דער צושטערענדער טענדענץ פון די אנטי־נאציאָנאלע עלעמענטען אומעדום וואו מען טרעפט זיי?

עס זיינען דאָ סימנים, אז עס האָט זיך אָנגעהויבען אן ערנסטע ערוואכונג.

19—24 סעפּטעמבער, 1915.

# געזעצמעסיגקייט אין דער געשיכטע

## I

### שכר ועגש.

האָט די מענשליכע געשיכטע אַ זין, הערשט אין איהר אַ געוויסע פּלאַנמעסיגקייט, אַ היסטאָרישע נויטווענדיגקייט? ענטוויקעלט זי זיך נאָך געוויסע שטרענגע, קלוגע, צוועקמעסיגע געזעצען, וועלכע פיהרען די מענשהייט, ווען אויך נאָר לאַנגזאַם, שריט ביי שריט, צו אַ העכערער מדרגה, פערעדעלענד איהר חאַראַקטער, פערפיינערענד איהרע השגות? געהען ארוים די איינצעלנע תקופות איינע פון די אַנדערע און זיינען זיי איינגעשלונגען איינע אין די אַנדערע ווי די פערשיעדענע רינגען אין אַ קייט? זיינען די איינצעלנע דורות מעהר ניט ווי חלקים פון איין גאַנצער אייביגקייט, איין דור אַ המשך פון דעם אַנדערען, געשפּונען ווי איין לאַנגער פאָדעם אָהן אונטערברעכונג, אָהן אַ ריס, אָהן אַ הפסק? אָדער איז די גאַנצע געשיכטע ניט מעהר ווי אַ פערפּלאָנטערטער קנויל פון געשעהענישען און עראייגניסען, ניט געשפּונען, ניט געוועבט, ניט געפלאָכטען, נאָר דורך קניפּלעך פערבונדען, אַ שפּיעלווערק פון בלינדען צופאַל?

איז דאָ בעלוינונג אין דער געשיכטע, אָדער ווי די אַלטע פלעגען עס רופען: שכר ועגש? האָט סאָציאַלע גערעכטיגקייט אַן איינפלוס אויף דעם גורל פון אַ פאָלק, אָדער שפּיעלט זי נאָר די ראָלע פון אַ גוטער מדה, וועלכע גיט דעם פאָלק נאָר אינערע בעפריעדיגונג, האָט אָבער ניט צו טהאָן מיט זיין שיקזאַל? האָט די אינערע פעסטיגקייט פון אַ פאָלק אַ שייכות צו זיין אויסערער שטאַרקייט, אָדער זיינען אינערע פעסטיגקייט און אויסערע שטאַרקייט צוויי פערשיעדענאַרטיגע כחות און שטעהען ניט אין קיין צוזאַמענהאַנג? וואָס בילדעט דיווירקליכע מאַכט פון אַ פאָלק,

וואָס גיט איהם מוטה, גבורה און נצחון? זאָל דאָס זיין די צאָהל, די קוואנטיטעט, זאָל זי זיין דער מכריע אין דעם אייביגען קאמפף? און ווען ניט זי אליין, זאָל עס זיין דער ריין טעכנישער פאָרטשרים, די געשיקליכקייט פון יעדען יחיד, פון וועלכער עס ענטשטעהט אין סך־הכל די קאָלעקטיווע בריה'שאפט? אָדער עס ווירקען דאָ נאָך אנדערע כחות, וועלכע קאָנען ניט געוואוינען און ניט געמאָסטען ווערען?

דאָס זיינען אלטע פראגען, פארצייטיגע ר'אָטיוועז. נאָך אין טיעפען, גרויען אלטערטהום האָבען דענקער און פאָרשער געבראָכען איבער זיי דעם קאָפּ, און נאָך ביז אויף היינטיגען טאָג מאטערט זיך די וויסענדורשטיגע מענשהייט אריינצודרינגען אין דעם סוד פון איהר אייגענער געשיכטע, אויפהויבען אביסעל דעם פאָרהאנג און זעהן די נ א ק ע ט ע כחות, וועלכע בעוועגען און טרייבען די היסטאָרישע מאשינע. נאָך ביז אויף היינטיגען טאָג מאטערט זיך די זוכענדע מענשהייט אויסצוגעפינען א תשובה אויף די אלטע פראגען, א תשובה וועלכע זאָל בעלייכטען דעם דונקעלען וועג פון דער פערגאנגענהייט און כאָטש איין שטיקעלע פון דעם נאָך דונ־קעלערען וועג פון דער צוקונפט.

די תשובה האָט ניט נאָר א טהעאָרעטיש־פילאָזאָפישע בעדיי־טונג, זי איז נאָך מעהר וויכטיג אין פראקטישער הינזיכט. פון איהר הענגט אָב אונזער בעציהונג צו דער גרויסער וועלט, און אין לעצטער שורה — אויך צו אונז אליין.

ווען דער צופאַל האָט א פלאץ אין דער געשיכטע, און ווען נאָר א קליינעם פלאץ, דאן זיינען מיר אלע מעהר ניט ווי צ ו פ ע־ ל י נ ק י י ט ע ן אין לעבען. וואָס קאָן אונז העלפען אונזער דענקען, לערנען און פאָרשען און אלע אונזערע חשבונות, ווען הינטער אונז לויערט דער צופאל און קאָן אונז מיט איין מאָל מאכען א מחק אין אונזער גאנצען חשבון. מיר קאָנען אויך ניט קלינער ווערען, וואָרים קלוגהייט זעצט פאָראויס ערפאהרונג. די ערפאהרונג האָט אָבער נאָר דאן פאר אונז א ווערטה, ווען זי ענטהאלט אין זיך כ ל ל י ם. די כללים קאָן מען ארויסנעהמען ניט פון דער לאנגער שורה פון געשעהעניסען, נאָר פון די פ ע ר־

י אָ ד ע ן פון דער געשיכטע, דאָס הייסט פון די געשעהעניסען, וועלכע חזר׳ן זיך איבער פון צייט צו צייט. דער צופאל חזר׳ט זיך אָבער ניט איבער, ער איז ו ו י ל ד, ער איז א י י נ ע נ ז י נ י ג. הויבט ער זיך אָן איבערצו׳חזר׳ן, איז ער מעהר ניט קיין צופאל, ווערט ער אַ כלל. אונטערגעבען זיך אונטער די מאכט פון צופאל הייסט אראָבוואַרפען די אחריות פון זיך אליין. וואָרים ווי קאָן מען איבערנעהמען די פעראנטוואָרטונג פון אַ האנדלונג, ווי קאָן מען זיך עטוואָס פאָרנעהמען, ווען דער ר ע ז ו ל ט א ט פון אונ־זערע האנדלונגען הענגט אָב ניט פון אונז, נאָר פון אַ משוגע׳נעם ווילען, פון אַ ווילדען צופאל?

דיעזע וועלט־אנשויאונג, מיט דעם צופאל אלס פאקטאָר, האָט געמוזט פיהרען צום פ א ט א ל י ז ם. עס מאכט ניט אויס, וואָס די פאטאליסטען האָבען געגלויבט אין אן אלמעכטיגען גאָט. זייער גאָט איז געווען דער גאָט פון צופאל און ממילא מעהר ניט ווי אַ צופעליגער גאָט. דאָס איז געווען אַ גאָט, וועלכער ענטפּלעקט זיך ניט אין פון איהם פעסטגעזעצטען וועלט־סדר, דאָס איז געווען אַ גאָט פול קאפריזען, הינטער אן אייזערנער מחיצה, וועלכער פערצוימט דעם וועג פאר דעם מענשליכען פערשטאנד, וועלכער רייצט זיך מיט דעם מענשען און קרייצט דורך אלע זיינע חשבונות. די פאטאליסטען האָבען געלעבט ווי פאסיווע ברואים אין דער נעגענוואַרט און מיט דער נעגענוואַרט. די גאנצע פערגאנגענהייט איז געווען פאר זיי טויט, די געשיכטע — אַ בוך אָהן גייסט און לעבען, אַ טיעפער ברונען, צו וועמעס גרונד קיין עמער קאָן ניט דערגרייכען.

און די פעלקער, וועלכע זיינען פערפאלען אין פאטאליזם, זיינען געוואָרען יורדים. יאוש און רעזיגנאציאָן האָבען זיי געפאקט און אָבגעטויט אין זיי יעדע איניציאטיווע, יעדע קראפט צו זעלבסט-בעשטימונג. און ווען אפילו דער פאטאליזם איז גע־גאנגען האנד אין האנד מיט אויסערער פרומקייט און גאָטעס־פורכט — האָט דאָס אויך ניט געהאָלפען. דער ניט־גלויבען אין די אייגענע קראפט, די אבסאָלוטע אונטערוואַרפונג אונטער דעם בלינדען גורל האָט געצוינגען די פעלקער פון שטופע צו שטופע נאָך

אונטען, ביז פיעלע פון זיי זיינען אונטערגעגאנגען און פערשוואונ־
דען פון היסטאָרישען האָריזאָנט און די איבערגעבליבענע מאטערען
זיך מיט א לאנגער גסיסה. ווען מיר קוקען זיך אָבער גוט צו צו
דער געשיכטע, זעהען מיר, אז ניט דער פאטאליזם האָט געבאָרען
דעם יאוש, נאָר אומגעקעהרט. ערשט ווען דאָס פאָלק הויבט אָן
צו זינקען, דורך סבות, וועלכע מען קאָן דערגרונטעווען, קומט עס
צום יאוש, און ערשט דורך די פערצווייפלונג צום פאטאליזם.

אויף דער אנדער זייט: ניטאָ קיין אונזיניגעס שפיעל, ניטאָ
קיין צופאל. אלעס וויקעלט זיך אָב נאָך א שטרענגער, אייזערנער
נויטוועגדינקייט. ניטאָ קיין בלינדער הערשער, ניטאָ קיין אָרט
פאר קאפריזען. ניטאָ קיין מזל'דיגע, אוים שלים־מזל. דאָס
לעבען איז ניט קיין לאָטעריע און דעם אייגענעם גורל מוז מען
פערהאָרעווען, פערדיענען. מען שניידט וואָס מען האָט געזעעט
און מען עסט די פירות פון די בוימער, וועלכע מען האָט אליין
געפלאנצט. די געשיכטע איז דאָס הויפט־לעהרבוך פאר די מענש־
הייט, א זאמלונג פון ערפאהרונגען. די תקופות בעשטימען איינע
די אנדערע, און א דור ערצעהלט צו א דור דעם זין פון די גע־
שעהעניסען, און ווער עס וויל פערשטעהן, ווי אויפצופיהרען זיך
אין לעבען, זאָל ניט יוצא זיין מיט דעם דורכבלעטערען פון דעם
גרויסען לעהר־בוך, ער זאָל זיך פערטיעפען אין דער פערגאנגענ־
הייט, אריינדרינגען אין איהרע סודות, ביז עס וועט איהם קלאָר
ווערען איהר אינהאלט, די קייט פון סבה און ווירקונג, ביז ער וועט
בעגרייפען איהרע דינים און כללים. דאָס וועט איהם
העלפען ביי אלע זיינע האנדלונגען, וואָרום נאָר אין דער ערפאהרונג
קאָן ער האָבען א ריכטיגען וועג־ווייזער. וואָס איז אָבער די
ערפאהרונג פון דעם איינצעלנעם, פון דעם איינציגען דור? מעהר
ניט ווי א טראָפּען אין ים, א פרק, א דף און אפשר נאָר א שורה
אין דעם גרויסען ווערק פון דער מענשהייט'ס געשיכטע.

לערנען געשיכטע הייסט ניט נאָר לייענען מעשיות. לערנען
געשיכטע הייסט שטודירען די מסורה, הייסט ערפאָרשען דעם
פראָצעס פון אונזער אייגענער ענטוויקלונג, הייסט ארויסנעהמען
דעם תמצית פון די עראייגניסען, ארויסגעפינען די איינהייטליכע

קראפט און די פערענדערונגען, הייסט ערפאסען דעם א ח ד ו ת־ געדאנק. און די פעלקער, וועלכע האָבען געלערענט געשיכטע, דאָס הייסט, וועלכע האָבען געלערענט פ ו ן דער געשיכטע און וועלכע זיינען אויף איין וועג אָדער אויף דעם אנדער וועג געקומען צו דער השגה פון דער טרייבענדער אחדות־קראפט, שטייגען אין זייער ענטוויקלונג פון שטופע צו שטופע און בעקומען מיט יעדען דור מעהר מוטה און מעהר קראפט.

די וועגען זיינען פערשיעדען, דער געדאנק ווערט פון פער־ שיעדענע שטאנדפונקטען אנדערש פאָרמולירט, דער זין בלייבט אָבער דער זעלבער. איך וויל ווייזען, ווי עס זיינען צוגעגאַנגען צום זעלבען געדאנק דער נביא, דער סאָציאל־רעפאָרמער און דער נאטור־פאָרשער.

מיר וועלען אָנהויבען מיט דעם נביא: „געדענק די טעג פון דער אייביגקייט, פערשטעהע די יאָהרען פון די איינצעלנע דורות. פרעג דיין טאטען — ער וועט דיר דערצעהלען, דיינע זיידעס — זיי וועלען דיר זאָגען“.

## II

### נביא, סאָציאל רעפאָרמער און וויסענשאפטלער.

עס איז בעצייכענד און חאראקטעריסטיש, ווי פערשיעדענ־ ארטיג דער נביא, דער סאָציאל־רעפאָרמער און דער נאטור־וויסענ־ שאפטלער געהען צו צו איין און דעם זעלבען געדאנק, ווען זיי בעלייכטען די גרויסע היסטאָרישע געשעהעניסען און קומען צו די לעצטע אורזאכען, וועלכע האָבען זיי, די געשעהעניסען, ארויסגע־ רופען. יעדער פון זיי האָט זיין אייגענע קוועלע, פון וועלכער ער שעפט קלוגהייט און ליכט, יעדער פון זיי האָט זיין אייגענעם אויסגאנגס־פונקט, אלע דריי מארשירען זיי אויף בעזונדערע וועגען, פיהרען בעזונדערע שפראכען, רעדען אין נאָמען פון פערשיעדענע העכערע פרינציפען — און צום שלוס בעגעגענען זיי זיך אין איין ברען־פונקט, טרעפען זיך צוזאמען אין ענד־רעזולטאט.

פאר דעם נביא עקזיסטירט נאָר איין קראפט, די ערשטע

און די לעצטע, די שאַפּענדע און די ווירקענדע, די בעלווינענדע און בעשטראָפענדע, איבער אַלע וועלטען און פול אַלע וועלטען, אָהן אָן אָנהויב און אָהן א סוף, פון אייביגקייט צו אייביגקייט. דיעזער קראַפט מוז אַלעם אין דער וועלט זיין אונטערטהעניג און טאָר ניט אָבטרעטען פון די געזעצען, וועלכע זיינען פון איהר געשאַפען געוואָרען נאָך אין די ששת ימי בראשית. אָבער העכער פון אַלץ אין דער וועלט שטעהט דער מענש. ער איז די קרוין, וועלכע נאָט האָט ארויפגעזעצט דער גאַנצער בריאה, ער איז דער תכשיט, די פּאָלענדרונג פון דער גאַנצער נאַטור. „ווען איך בליק אויף דיינע הימלען, דאָס ווערק פון דיינע פינגער, מאָנד און שטערען, וואָס דו האָסט בעפעסטיגט, וואָס איז דער מענש, וואָס דו גערענקסט איהם, דעם מענשענס־זוהן, וואָס דו דערמאָהנסט איהם? און דו האָסט איהם קנאַפּער געמאַכט עטוואָס פון גאָט, און כבוד און גלאַנץ האָסט דו איהם בעקרוינט". אין וואָס בעשטעהט דער כבוד, אין וואָס בעשטעהט דער גלאַנץ? דער כבוד בעשטעהט אין דעם מענשליכען שכל, דער גלאַנץ בעשטעהט אין זיין פרייער וואהל, צוויי מתנות וועלכע דערהויבען דעם מענשען צו דער העכ־סטער שטופע און שטעמפּלען איהם צום מענשען, מיט זיין שכל זאָל ער דורכענבערען די איהם ארומרינגלענדע סודות־פולע וועלט, ארויסזווינען די נעזעצמעסינקייט פון איהרע פערענדערונגס־פולע ערשיינונגען. מיט זיין פרייען ווילען זאָל ער זיך אליין אויס־קלייבען דעם וועג פאַר זיין שאַפען און ווירקען.

וועגען זיינען דאָ פיעלע, אָבער אונטער זיי איז דאָ נאָר איין איינציג ריכטיגער, דאָס איז דער גראַדער, דער גלייכער וועג, דער דרך הישר. מערקווירדיג, זאָגאר עטימאָלאָגיש בעדיענט זיך דער העברעער מיט דעם זעלבען וואָרט פאַר „גלייך" און „גערעכט", די גערעכטיגקייט מאָלט זיך ביי איהם אויס ווי די גראַדע ליניע, ניט געבויגען, די קירצעסטע פערבינדונג צווישען דעם רייגעם געדאַנק און דער ענטשפּרעכענדער טהאַט, צווישען דער לויטערער מחשבה און דער אויספיהרענדער האנדלונג. דער געגענזאץ פון דעם ישר, פון דעם „גערעכטען" איז דער „עקש", דער „קרומער", דער געגענזאץ פון דעם „דור ישר" איז דער „דור עקש ופתלתול",

דער קרומער און פערפּלאָנטערטער דור, וועלכער געהט אויף אָב־וועגען און מאכט זיגזאגען. „זעה נאָר דאָס האָב איך אויסגע־פונען, דען גאָט האָט געשאפען דעם מענשען א גלייכען, זיי אָבער האָבען געזוכט פיעלע חשבונות“.

די גערעכטיגקייט פונקט ווי די גראדע ליניע, מוז זיין אב־סאָלוט. די קלענסטע פערבויגונג, די גרינגסטע פערקרימונג צו־שטערט איהר כאראקטער. די אבסאָלוטע גערעכטיגקייט מוז זיין דער פונדאמענט פון דער גאנצער מענשליכער געזעלשאפט, פון אלע בעציהונגען צווישען מענש און מענש. און אונטער אבסאָ־לוטער גערעכטיגקייט פערשטעהט דער נביא אבסאָלוטע גלייכהייט. עס טאָרען ניט זיין הערשער און בעהערשטע, אונטערדריקער און אונטערדריקטע, יעדע אונגלייכהייט איז אויך אונגערעכט, און יעדע אונגערעכטיגקייט מוז סוף כל סוף בעשטראָפט ווערען. די ברכה און די קללה געהען ביידע ארויס פון דעם מענשען׳ס האנדלונגען. דורך די פרייע וואהל, מיט וועלכער גאָט האָט בעשענקט דעם מענשען, האָט ער אויף איהם ארויפגעוואָרפען די גאנצע אחריות פאר זיינע טהאטען.

ווען דו זיך צוהערען צו גאָט׳ס שטימע און געהן אין זיינע וועגען, ווען דו זיין געבענשט אין שטאָדט און אין פעלד, דיינע שייערען וועלען זיין פול תבואה און דיינע קעלטער פול וויין. געזעגנעט וועט זיין די פרוכט פון דיין באָדען און די פרוכט פון דיינע רינדער, דער הימעל פון אויבען וועט דיר געבען זיין רעגען אין דער צייט, און די ערד פון אונטען וועט ענטפערען מיט בליהענדע פעלדער און פרוכט־גערטנער. ווען דו אָבער פער־לאָזען דעם גאָט, וואָס האָט דיך געשאפען, און דו ווען איהם פערבייטען אויף נייע, מיט פרעמדע געטער ווען דו איהם דער־צאָרנען און מיט אונווירדיגקייט דער׳כעס׳ן — דאן וועט זיך אויף דיר אויסגיסען די גאנצע קללה, די תוכחה וועט דיך עררייכען, דער הימעל וועט זיין ווי אייזען, די ערד ווי קופער, הונגער, נויט און דעם שונא׳ס שווערט וועלען דיך פערפאָלגען. דאָס איז דער לייט־מאָטיוו, וועלכער געהט דורך דורך אלע נבואות.

דער נביא רעדט אין נאָמען פון גאָט. ער בעט אָבער ניט,

אז דער מענש זאָל מהאָן גאָט צוליעב, ער זאָל איהם ערווייזען א געפאלען, ניין, „ווען דו האָסט געזינדיגט, וואָס האָסט דו איהם געטהאָן ?... האָסט דו ריכטיג געהאנדעלט, וואָס האָסט דו איהם געגעבען ?" דער נביא ווענדעט זיך צו גלייבער צייט אי צום פערשטאנד, אי צום געפיהל, מעהר צום פערשטאנד ווי צום געפיהל, ווייל ער זעהט אומעדום די שליטה פון דער אבסאָלוטער גערעכטיגקייט, ווייל ער לייענט אין ספר פון לעבען ווי אין אן אָפענעם בוך, ווייל ער קען די פערגאנגענהייט און ווייס דעריבער וואָס עס מוז קומען. אלע דורות און תקופות זיינען פאר איהם חלקים פון א געשלאָסענער אייביגקייט, א לאנגע שורה פון געשעהעניסען, ארויסגערופען פון דער איינציגער אור-קראפט, דורכגעדרונגען פון אן איינציגער גויטוועגדיגקייט. דער נביא רופט זי אָן: די זיטליכע אָרדנונג, און ער אפעלירט צו דעם מענשען, ער זאָל זיין קלוג און זיך אונטערגעבען אונטער דער שליטה: „וואָלטען זיי נאָר קליגער געווען, פערשטענדיגער, וואָלטען זיי דאָך בעגריפען זייער סוף".

אויף א גאנץ אנדער וועג געהט צו צום זעלבען פּראָבלעם דער מאָדערנער סאָציאָלאָג, אָדער דער סאָציאל־רעפאָרמער. יעדער סאָציאלאָג איז קודם כל, אָדער ער וויל זיין קודם כל א געלעהרטער. די סאָציאָלאָגיע איז פאר איהם די גראמאטיק פון דער מענשליכער געזעלשאפט, און ער געהט צו איהר צו ווי דער פילאָלאָג צו דער שפראך. זיין פאָרשונגס־אָביעקט איז די קאָנסטרוקציאָן פון דער מענשליכער געזעלשאפט, און ער וויל ארויסגעפינען די כללים פון איהר ענטוויקלונג, די אייזערנע געזעצען, נאך וועלכע זי מוז זיך ריכטען. אויך דער סאָציאָלאָג מוז זיך אומקעהרען צו די פערגאנגענע דורות, אויך ער מוז וואנדערען אין זיינע פאָרשונגען זעהר ווייט צוריק. ער האָט ניט קיין אנדער מאטעריאל אויסער דעם, וואָס די פערגאנגענהייט לאָזט אונז איבער בירושה, און ווען ער וויל ניט בלייבען קיין טרוקענער געלעהרטער און וויל, אז זיינע געדאנקען זאָלען האָבען א השפעה אויף די וויטערע געשטאלטונג פון דער געזעלשאפט, איז אויך ער געצוואונגען אָנ־צוכאפען זיך אָן א העכערען פּרינציפּ און צו פערוואנדלען זיך

אויף א ווײַלע אין א פּרעדיגער. פון דעם אבסטראקטען אמת, פון דער ריכטיגקייט פון דעם חשבון אז און פאר זיך געהט ניט ארוים דער ווילען, אז דער אמת און דער ריכטיגער חשבון זאָלען געפינען פערברייטונג אין דער געזעלשאפט. וועמען ארט דאָס, ווען די געשיכטע פיהרט פאלש איהרע ביכער? וועמעס דאגה איז דאָס, ווען איין גרופּע מענשען לעבט א גוטען טאָג אויף דעם חשבון פון אנדערע גרופּען? דער ווילען צו איבעראנדערשען די מענשליכע געזעלשאפט מוז דאָך בערוהען אויף א לײַדענשאפט. די וויסענשאפט האָט אָבער צו טהאָן נאָר מיט דעם זוכען פון דעם אמת, אָבער ניט מיט זיין פערווירקליכונג, ווייל די וויסענשאפט איז לײַדענשאפטסלאָז.

און וואָס איז זייער פּרינציפּ? גאָט, מאָראל, זיטליכקייט — דאָס זיינען בעגריפען, וועלכע זיי שליסען לכתחלה אוים פון זייער דענקען און פאָרשען, און דאָך רעדען זיי אין נאָמען פון א היסטאָרישער נויטוועגדיגקייט, אויפגעבויט אויף דעם זעלבען פונדאמענט פון גערעכטיגקייטס- און גלייכהייטס-געפיהל. און דאָך קומען אויך זיי און זיינען מתרה די געזעלשאפט, אז אויב זי וועט בלייבען טויב און וועט ניט פער-נעהמען דעם געשריי נאָך גערעכטיגקייט און גלייכהייט, וועט זי מוזען דערלעבען גרויסע קאטאסטראָפען. איבערקעהרעני-שען וועלען פּאָרקומען און וועלען אויסגלייכען די קרומ-הייטען, די פערקעהרטהייטען אין דער געזעלשאפטליכער אָרדנונג.

דאָס איז געוועזען מיט פיעלע, פיעלע יאָהרען צוריק. דעבוא-ריימאָנד, איינער פון די גאונישע נאטורפאָרשער פון זיין צייט, האָט געהאלטען זיין בעריהמט געוואָרענעם פאָרטראג איבער דעם צוזאמענברוך פון דעם רוימישען אימפּעריום. רוים, האָט ער גע-זאָגט, איז געפאלען ניט פון שונא'ס האנד, רוים האָט נאָך געהאט גענוג חיל אום אויסצוהאלטען דעם דראנג פון ווילדע האָרדען. רוים איז צוזאמענגעבראָכען, ווייל דער באָדען האָט ענטהאלטען אין זיך ווייניג פאָספאָר. די קנאפּהייט פון פאָספאָר אין באָדען האָט פעראורזאכט דעם חורבן פון דער גרעסטער וועלט-מאכט. און ער האָט אָנגעהויבען צו ענטוויקלען זיין געדאנק ווייטער. דער

באַדען האָט געהאט װעניג פּאַספּאַר, װײל זײן בעאַרבײטונג איז איבערגעגעבען געװאָרען אין די הענד פון די שקלאַװען. און די שקלאַװען זײנען ניט געװען פּעראינטערעסירט אין דער צװעקמע־סיגער ערהאַלטונג פון די באַדען־כחות און זײ האָבען זײ אױסגע־זױגען אָהן רחמנות. די שקלאַװען זײנען געװען די אײנציגע בע־אַרבײטער פון דעם באַדען, װײל די רױמער האָבען געהאט עראָ־בערט די האַלבע װעלט און האָבען געהאט אױף אזא אופן די מעג־ליכקײט אָבצוגעבען זיך דעם לוקסוס און דעם אױסגעלאַסענעם לעבען. דעריבער האָט רױם געמוזט פאַלען, װײל דאָס פאָלק איז געװאָרען צופּױלט פון א י נ ו ו ע נ י ג. און עס זײנען דאָ א י י ז ע ר נ ע נ א ט ו ר ־ ג ע ז ע צ ע ן, אז אַלעס װאָס איז צופּױלט מוז סוף כּל סוף צופאַלען װערען.

אזױ רעדט דער רײנער נאַטור־פאָרשער. ער אָפּערירט ניט מיט זיטליכקײטס־בעגריפען, ער האָט אױך ניט צו טאָן מיט גע־רעכטינקײט און גלײכהײט. ער לעהנט זיך אָן אױף א נאַטור געזעץ.

דער נביא װאָלט געשטורעמט קעגען דעם לוקסוס און דאָס אױסגעלאַסענע לעבען אין נאָמען פון העכערער זיטליכקײט. דער סאָציאַל רעפאָרמער װאָלט געדונערט קעגען די קלאַסען־אײנטײ־לונג הױפּטזעכליך; דער נאַטורװיסענשאַפטלער קלאָגט אױף דעם פערשװענדעטען פּאַספּאַר. אײנער הױבט די אױגען צום הימעל און געפינט אױס, אז „צדק משמים נשקף“; אײנער שטעהט אין מיטען און זעהט דעם שװערפּונקט אין דעם מענשען גופא און זײנע בעדערפניסען. דער דריטער גריבעלט זיך אונטען און קומט צום בעשלוס: אמת מארץ תצמח. אַלע דרײ אָבער מאַכען א פּירוש אױף דער היסטאָרישער נױטװענדינקײט.

3—5 אָקטאָבער, 1915.

## רוסישע רעגיערונגס טאַקטיק אין אידישען לעבען

דאָס רוסישע פאָלק בעזיצט א רוהיגען חאראקטער, איז בטבע פרום, גאָטספאָרכטיג, אונטערטעניג צום צאַר, האָט יראת הרוממות פאר דעם קלענסטען בעאמטען, האלט זעהר פון ב ע ש ע ר ט און איז שטענדיג א שמח בחלקו. דאָס רוסישע פאָלק וואָלט קיין מאָל אליין פון זיך נים געוואָרען ווידערשפעניג, וואָלט קיין מאָל נים פראָטעסטירט און נים מורד געווען במלכות, ווען נים דער אונרוהיגער אידישער גייסט, וועלכער פראָוואָצירט די רוסישע בע־פעלקערונג און רופט ארויס אין דער געזעלשאפט א רעוואָלוציאָ־נערע שטימונג — אזוי בעהויפטעט די פער'עקשנ'טע, ביוראָקראַ־טישע, ענגהערציגע און קורצזיכטיגע רוסישע רעגירונג. זי וויל זיך נים רעכענען מיט דעם וואקסענ־רען זעלבסט־בעוואוסטזיין, מיט דער שטייגענדער ענטוויקלונג פון די גרויסע מאסען, זי איג־נאָרירט די שטימונגען, וועלכע זיינען זעהר ענג פערבונדען מיט דעם גייסט פון דער צייט, זי גלויבט נים, אז גרויסע קאטאסטראָ־פען ווירקען ערניכטערנד אויף גאנצע פעלקער, און זי זוכט דעם שולדיגען, וועלכער זעעט מיט בונה אונצופריעדענהייט און רייצט אויף מיט קינסטליכע מיטלען די עפענטליכע מיינונג. זי זוכט דעם שולדיגען און געפינט איהם, נאָך דעם אלטען געזעץ, אויף „דער ליניע פון קלענסטען ווידערשטאנד", דאָס הייסט, זי זוכט אוים דעם אם מייסטען שוצלאָזען און מאכט איהם צום חטאת־הקהל. פאר אזא ראָלע איז דער איד ווי געבאָרען, ער ווערט דאָך שוין בעטראכט כמעט ווי דער היספאָרישער „שעיר לעזאזל", ער איז שוין סיי ווי סיי מטופל מיט עברות, וועט ער פערטראָגען נאָך א בעשולדיגונג.

מען ברויכט נים צו פערענטפערען זיך. יעדער מענש, וועלכער איז נאָר נים אידיאָטיש פעראנלאגט און וויל נים בעוואוסט פער־

דרעהען די טהאטזאכען, ווייס ווי פיעל פאלשקייט און ווי פיעל אחיזות עינים עס שטעקט אין אזא אומגעלומפערטער בעשולדיגונג. ווען די בעשולדיגונג וואָלט בערוהט אויף אמת, וואָלט דאָס רוסי־שע פאָלק געמוזט אויפגעבען יעדע האָפנונג אויף זיין בעפרייאונג פון שרעקליכען יאָך, אויף א בעסערע, ליכטיגערע צוקונפט. א פאָלק וואָס מוז ערשט גערייצט ווערען פון א זייט, אויפמערקזאם געמאכט ווערען פון פרעמדע אויף זיין אייגענע אונערטרעגליכע לאגע; א פאָלק, וואָס בעזיצט ניט קיין אייגענע אויפמונטערנדע און וועקענ־דע כחות — אזא פאָלק האָט ניט קיין תקומה. צום גליק אָבער פון רוסישען פאָלק איז די בעהויפטונג פון זיין רעגירונג אויך אין דעם דערמאנטען פונקט פאלש פון אָנהויב ביז צום סוף. עס איז אמת, אז די אידען, אלס א בעפעלקערונג, וועלכע האָט צו קרעכצען אונ־טער א צווייפאכען יאָך, אלס רוסישע בירגער און נאָך אידען דער־צו, האָבען פערהעלטניסמעסיג מעהר ביינעטראָגען צו דער רעוואָ־לוציאָנערער שטימונג ווי די אנדערע שיכטען פון דער רוסישער בעפעלקערונג. דאָס איז אויך ערקלערליך דורך דעם אומשטאנד, וואָס די אידען בילדען די שטעטישע בעפעלקערונג אין געגענזאץ צו דער גרויסער רוסישער דאָרפס־בעפעלקערונג, וועלכע איז אין דער גאנצער וועלט וועניגער בעוועגליך, וועניגער טעמפעראמענט־פול און וועניגער צוגענגליך פאר נייע פאָליטישע אידעען. עס איז אויך ערקלערליך דורך דעם אומשטאנד, וואָס די רוסישע רעגירונג האָט אליין געשאפען דורך איהרע אונמענשליכע גזרות געגען די אידישע יוגענד, א קלאס פון יונגע מענשען, וועלכע האָבען קיין שום נאָרמאלע מעגליכקייט ניט געהאט צו פערווענדען זייער יונגע ענערגיע אין א רוהיגען אופן, און זיינען דאריבער געווען געצוואונ־גען אויסצוגעבען זיך אין אלע פראָטעסט בעוועגונגען. אָבער נאָר בלינדע אָדער פערבלענדעטע האָבע געקענט גלויבען, אז די אידישע יוגענד אליין האָט ארויסגערופען די רעוואָלוציאָנערע שטימונג, דעם פראָטעסטירענדען גייסט. נאָר טויבע אָדער בעטויבטע האָ־בען ניט געקענט פערנעהמען די אויפברויזונג פון דעם רוסישען פאָלק, נאָכדעם ווי די מפלות אין ווייטען מזרח אויף די פעלדער פון דער מאנדזשוריי האָבען איהם געעפענט די אויגען.

די רוסישע רעגירונג האָט מיט דיזער פערברעכעריש־פאלשער בעשולדיגונג געוואָלט קאָמפּראָמיטירען די גאנצע פּראָטעסט בע־וועגונג אין לאנד גופא, אי אין אויסלאנד. אין לאנד גופא זיינען ארומגעגאנגען די גייסטליכע און האָבען געפּרעדיגט פאַר דעם המון, אז די בעוועגונג קומט פון שטן, פון די גאָט פערפלוכטע אי־דען, וועלכע זיינען לאנג פער'משפט געוואָרען צו אייביגער אונ־צופריעדענהייט. און בכן מוז מען זיך היטען פון זיי, ווייכען ווי מען ווייכט פון פייער. אין אויסלאנד זיינען אנשטאט גלחים און סתם פּרעדיגער ארומגעגאנגען רעגירונגס אגענטען, גרויסע און קליינע, און האָבען געזוכט אויפצוקלערען די עפענטליכע מיינונג אין דערזעלבער ריכטונג.

נאאיווע און לייכטזיניגע האָבען זיך געלאָזען איינשמועסען. קליגערע און ערנסטערע האָבען פערשטאנען דעם טריק פון דער רוסישער רעגירונג און האָבען זיך ניט געלאָזען נארען.

עטוואָס עהנליכעס שפּיעלט זיך איצט אָב אין אונזער אידישען לעבען, נאטירליך אין א קלענערען מאסשטאב.

מיר האָבען ניט קיין אייגענע אידישע רעגירונג. דאָס איז אָבער ניט פאָרמעל. אין אמת'ן האָט אונז גאָט, די געשיכטע, די אומשטענדען מזכה געווען אין יעדען לאנד כמעט מיט א חברה פון רעגירער. די חברת האָט ארייגענומען אין איהרע הענד דעם גאנ־צען אידיש־פּאָליטישען איינפלוס, זי רעגירט אויף דער אסמכתא פון „גאָטעס גנאדענטום", און וויל ניט ארויסלאָזען די שליטה פונקט ווי די הערשער אין דער גאנצער וועלט.

מיר בעהויפּטען ניט, אז זיי זיינען שלעכטע מענשען, אפשר זיינען זיי אין פּערזענליכען פערקעהר זאָגאר זעהר בראווע און אָנ־גענעהמע מענשען, אָבער פונקט ווי די הערשער פון גאָטעס גנאדענ־טום אין דער גאנצער וועלט ציטערען זיי ממש, ווען זיי בעמערקען, אז עטוואָס בעוועגט זיך אין די מאסען, אז די מאסען ווילען זיך אָרגאניזירען און ווילען שפּיעלען אן אקטיווע ראָלע אין דער לעזונג פון די פראגען און פּראָבלעמען, וועלכע זיינע נוגע זיי אליין אין נפש. זיי ווערען ווי פערטרייסעלטע און פערלירען גלייך דאָס גלייכגעוויכט. ווען מען קומט צו זיי מיט א פּלאן צו פעראייניגען די

אידען, כדי מען זאָל מיט פעראייניגטע כחות עטוואָס קאָנען אויס־
ווירקען פאר דאָס אידישע פאָלק.

און זיי וועגדען אָן דיזעלבע טענות און דיזעלבע טאקטיק ווי
די רוסישע רעגירונג. ערשטענס, טענה'ן זיי, פערשטעהען זיי אליין
בעסער ווי צו פיהרען און וואָס צו טאָן אין יעדען געגעבענעם מאָ־
מענט ווי אלע אידען צוזאמענגענומען. צווייטענס האלטען זיי,
אז די אידישע מאסען זיינען נאָך פאָליטיש אונצייטיג, און זיי קע־
נען נאָר פערדארבען א זאך, אָנשטאָט צו העלפען. און דריטענס,
זיינען זיי מכריז ומודיע, אז די אידישע מאסען זיינען גאָר אין
גרונד געגומען זעהר צופריעדען אי מיט דער אלגעמיינער לאגע אי
מיט די פיהרער, מעהר ניט עס קומען „זייטיגע מענשען" און זעען
צווישען זיי אונצופריעדענהייט און וועקען אין זיי דעם פראָטעס־
טירענדען גייסט. די רוסישע רעגירונג בעשולדיגט אין דעם די
אידען, און די אידישע פיהרער האָבען זייער אייגענעם שעיר
לעזאזל, דאָס זיינען די ציוניסטען און די סתם נאציאָנאליסטען.

ווער וואָלט נאָר געדעדט מכח א קאָנגרעס, ווען וואָלט זיך
גע'חלומ'ט וועגען א פאָלקס־פעראייניגונג, ווארים והא ראיה, איז
דען ביי אונז ניט צוגעגאנגען ביז איצט אלעס שטיל און רוהיג?
דאָס זיינען געקומען די ציוניסטען און די נאציאָנאליסטען און האָ־
בען קינסטליך אויפגערודערט די שטילע, רוהיגע, שמח בחלקו'דיגע
אידישע געזעלשאפט, עפּעס ארייגגעשטעלט פונקטען מכח נאציאָ־
נאלע גלייכבערעכטיגונג, אנדערע געהען נאָך ווייטער און רעדען
גאָר מכח א היים פאר דאָס אידישע פאָלק.

די רוסישע רעגירונג גיט אוועק דעם גאנצען כבוד פאר די
רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג די אידען, כדי צו דיסקרעדיטירען די
גאנצע בעוועגונג. די אידישע פיהרער גיבען אָב דעם גאנצען כבוד
פון דער אידישער פעראייניגונגס אידעע צו די ציוניסטען און גלוי־
בען, אז אויף אזא אופן וועט זיי געלינגען צו דיסקרעדיטירען דעם
עצם־געדאנק פון א אידישער פעראייניגונג. זיי פערשטעהען אָבער
ניט, אז זייער קויל טרעפט זיי אליין, אז מעהר ווי יעדען אנדערען
דיסקרעדיטירען זיי זיך אליין. מיט זייער בעהויפּטונג, עבען אזוי
אומגעלומפּערט ווי די בעהויפּטונג פון דער רוסישער רעגירונג, בע־

ווייזען זיי זעהר קלאָר, ווי ווייס זיי קענען די אידישע מאסען, ווי ווייס זיי זיינען פערטרויט מיט דעם אינערען אידישען לעבען, מיט זיינע שטרעמונגען און ריכטונגען, און ווי ווייט עס רייכט זייער פערטרויען צו די אידישע מאסען און זייער גלויבען אין די שאַפענדע כחות פון אידישען פאָלק. מיט זייער בעהויפטונג בעווייזען זיי נאָר, אז זיי פיהלען זיך שוואך אין זאָטעל און נעהען דאָריבער ניט ארוים מיט לאָגישע ארגומענטען צו בעקעמפפען די איינצעלנע פראָגראמאטישע פונקטען, ווי עס וואָלט זיך געפאסט פאר מענשען אָהן פניות.

אויפטרעטען געגען דעם געדאנק פון א אידישער פעראייניגונג, זוכען דערין אן אינטריגע, אויפטרעטען מיט אונפעראנטווארטליכע בעהויפטונגען, בעקעמפפען אן עלעמענטאר דעמאָקראַטישען פרינציפ, אָהן וועלכען קיין געזעלשאפט אין דער וועלט קאָן ניט אויסקומען, ווען נאָר זי וויל בעטראכט ווערען אלס א ציוויליזירטע — דאָס איז א סימן פון אינערער שוואכקייט, דאָס איז אויך א סימן פון פאָליטישער ריקשטענדיגקייט.

8 אָקטאָבער, 1915.

# שטאַטסמענער און גבאים

מילא אז דער פּונקט ארץ ישראל מאכט בייזעס בלוט אין רעגט אויף מאנכע טיילען פון דער אידישער געזעלשאפט — איז נאָך בעגרייפליך. דער שטרייט מכח דיזען פּונקט געהט דורך כמעט דורך די גאנצע טויזענד־יאָהריגע אידישע גלות־געשיכטע, און עס איז קוים צו ערווארטען, אז א ל ע א י ד ע ן זאָלען זיך לאָזען בעקעהרען צום ציוניסטישען געדאנק. אפשר וועט דאָס געשעהען, ווען דער ציוניזם וועט שוין ווערען א ווירקליכקייט, און די אידישע וועלט וועט זיך איבערצייגען, אז אין זיין פערווירקליכונג שטעקט ניט קיין סכנה פּאר דעם קיום פון די אידען אין די גלות־לענדער. אפשר וועט זיך די אידישע וועלט דאן איבערצייגען, אז דער ציוניזם האָט אדרבא פּיעל בייגעטראָגען צו דער פערבעסערונג פון דער געזעלשאפטליכער און פּאָליטישער שטעלונג פון די אידען אין דער גאנצער וועלט, און וועט זיך אָנהויבען צו פערהאלטען צום ציוניזם מיט מעהר אכטונג און מיט מעהר ערנסט. דערווייל איז אָבער משיח נאָך ניט געקומען און די גלות־פּסיכאָלאָגיע בעהערשט נאָך דעם גרעסטען חלק פון אונזער וועלט. מיר האָבען מענשען, וועלכע גלויבען ניט אין די מעגליכקייט פון דער פערווירקליכונג פון דעם ציוניסטישען אידעאל. מיר האָבען אויך מענשען, וועלכע ציטערען ביי דעם געדאנק, אז דער ציוניזם קאָן פיעלייכט פערווירקליכט ווערען. זיי האָבען מורא, אז דאן וועלען אויפשטעהן די אומות העולם און וועלען צ ו ו י נ ג ע ן די אין די גלות־לענדער איבערגעבליבענע אידען צו פערלאָזען זייער פּלאץ און ארויסקלייבען זיך נאָך ארץ ישראל. און דאָס ווילען זיי בשום אופן ניט.

מיר האָבען אויף אזא אופן צוויי׳ערליי געגנער: ניט־גלויבער און ניט־וועלער. די ניט־גלויבער געהערען מייסטענס צו די אָרימערע קלאַסען און די ניט־וועלער צו די רייכערע קלאסען פון דער

אידישער וועלט. די ערשטע ווילען זיך ניט שפּיעלען מיט חלומות, די צווייטע ווילען זיך ניט שפּיעלען מיט פייער.

עס איז דעריבער פערשטענדליך, אז דיביידע גרופּען, די ניט גלויבער און ניט־וועלער, בעקעמפּפען דעם פּונקט ארץ ישראל אין דעם פּראָגראם, וואָס ווערט אויסגעארבייט פאר די קינפטיגע אל־געמיין־אידיש־נאציאָנאלע אָרגאניזאציאָן. אם ליעבסטען וואָלטען זיי געוואָלט, אז ארץ ישראל זאָל זיין בפירוש אויסגעשלאָסען פון די לענדער, פאר וועלכע זיי אינטערעסירען זיך, אָבער זיי ווייסען גאנץ גוט, אז די נומער וועט ניט דורכגעהן. ניט נאָר די ציוניס־טען, נאָר אויך דער גרעסטער טייל פון די אידישע מאסען וואָלט העפטיג פּראָטעסטירט געגען אזא אונבערעכטיגטע און אנטיסע־מיטישע, — אין געאָגראפישען זין פון וואָרט, — האנדלונג. זוכען זיי מהאי טעמא צו מאכען פשרות און אזוי צו פאָרמולירען דעם נוסח פון די פשרות, אז מען זאָל דערנאָך קאָנען לערנען אין זיי דעם פשט אי אהין אי אהער.

דאָס אלץ איז, ווי געזאָגט, לכל־הפּחות פערשטענדליך.

וואונדערען זיך מוז מען נאָר, ווען מען קומט צום פּונקט „נא־ציאָנאלע גלייכבערעכטיגונג", און ווען מען זעהט, מיט וועלכער אויבערפלעכליכקייט און לייכטזיניגקייט דיזער וויכטיגער פּונקט ווערט בעהאנדעלט אויך פון די, פון וועלכע מען האָט געקאָנט מיט רעכט ערווארטען, אז זיי וועלען זיך פערהאלטען צו איהם מיט פולען ערנסט און אויפמערקזאמקייט.

מען טיילט ביי אונז געוועהנליך איין די אידישע רעכטע איז דריי קאטעגאָריען: אין בירגערליכע, פּאָליטישע און נאציאָנאלע און מען אָפּערירט מיט זיי גלייך ווי זיי וואָלטען באמת געווען אָב־געגרענעצט איינע פון די אנדערע מיט אן אייזערנער מחיצה. מען בעטראכט זיי ווי דריי מדרגות, אָדער ווי דריי געריכטען. בירגער־ליכע רעכטע — דאָס איז ברויט און פלייש. פּאָליטישע רעכטע — זופּ און קאָמפּאָט און נאציאָנאלע רעכטע — עפּעס א מין אפיקומן, וועלכער פּאסט זיך צום סדר, אָהן וועלכען אָבער מען קאָן זעהר גוט אויסקומען.

שוין פון ריין שפּראכליכען שטאנדפּונקט אליין איז די אוי־

בענדערמאנטע איינטיילונג א ריינער אונזין. גלייכבערעכטיגונג זעצט פאָראויס איינעם, וואָס איז בערעכטיגט, און א צווייטען, וועלכער ווערט איהם גלייך געשטעלט און כל זמן דער צווייטער בעזיצט ניט אלע זכיות, וועלכע עס געניסט דער ערשטער, קאָן ניט זיין די רייד פון גלייכבערעכטיגונג. מען קאָן ניט זאָגען פון איי־נעם, ער איז גלייכבערעכטיגט אין א בעשטימטען פונקט, ווייל דער בעגריף גלייכבערעכטיגונג איז א קוואליטאטיווער און קאָן ניט גע־טיילט ווערען. מען קאָן ניט זאָגען א ה׳ טעל אָדער א העלפט גלייכבערעכטיגט פונקט ווי מען קאָן ניט זאָגען, אז א האלבער עפעל, למשל, איז א גאנצער עפעל אָזן איין העלפט.

אונז ארט אָבער דאָ ניט דער אונלאָגישער אויסדרוק. אונז אינטערעסירען די אונלאָגישע קאָנזעקווענצען און די פאלשע השנות, וועלכע געהען ארויס פון דיזער אונריכטיגער איינטיי־לונג און פיהרען צו אונלאָגישע, אונפאָליטישע און אנטי־נאציאָ־נאלע האנדלונגען.

די שטאאטס־וויסענשאפטלער קאָנען ניט אָנווייזען קלאָר די שארפע גרענעץ־ליניע צווישען בירגערליכע און פּאָליטישע רעכ־טע און נאָך וועניגער צווישען פאָליטישע און נאציאָנאלע. נעהט איינער, צום ביישפּיעל, אין סאָלדאטען, איז עס שווער צו זאָגען, וואָס פאר א חוב ער ערפילט דערביי, א בירגערליכען, א פּאָליטי־שען אָדער א נאציאָנאלען. ווערט איינער געוועהלט אין פּאר־לאמענט, צום ביישפּיעל, איז עס שווער צו בעשטימען, פון וועל־כען רעכט ער האָט געמאכט געברויך, פון זיין בירגער־רעכט, פון זיין פּאָליטישען רעכט, אָדער פון זיין נאציאָנאלען רעכט, ווען ער איז געוועהלט געוואָרען אויסדריקליך אלס פערטרעטער פון א בע־שטימטער נאציאָנאלער גרופּע.

ווייטער קאָן מען אָנווייזען, אז די דריי קאטעגאָריען פון רעכ־טע קאָנען ניט בעטראכט ווערען ווי מדרגות, וועלכע מען קאָן ער־רייכען נאָר איינע נאָך דער אנדערער. והא ראיה, מיר האָבען א מדינה, וואו די אידישע בעפעלקערונג בעזיצט די העכסטע פּאָלי־טישע רעכטע און האָט נאָך ניט די עלעמענטארסטע בירגערליכע רעכטע. דאָס איז רוסלאנד. די אידען אין רוסלאנד ווערען בע־

האנדעלט בנוגע צו פרייער בעוועגונג אין פיעלע הינזיכטען ערגער ווי די געמיינסטע פערברעכער, און אין דער גלייכער צייט בעזיצען זיי דאָס אקטיווע און פאסיווע וואהל־רעכט פאר דער שטאאטס־דומא, די העכסטע אינסטיטוציאָן אין לאנד. אין רומעניען, צוםביישפיעל, בעזיצען די אידען אייניגע נאציאָנאלע רעכטע, זיי קאָנען האָבען אייגענע שולען, זאָגאר מיט נאציאָנאלער אונטעררריכטס־שפראך, זיי שטעהען אָבער אויף יענער זייט פון בירגערליכער גלייכבערעכטיגונג, ווייל זיי ווערען גאָר ניט בעטראכט אלס בירגער איבערהויפט.

מיר קאָנען נאָך אָנווייזען, אז וואו עס פעהלען די נאציאָנאלע רעכטע, קאָן די בעטרעפענדע בעפעלקערונג זיך ניט בענוצען אויך מיט די בירגער רעכטע און מיט די פאָליטישע רעכטע. דאָס קלאַסישע לאנד אין דיעזער בעציהונג איז געווען ביז איצט גאליציען. די אידיש־גאליצישע בעפעלקערונג איז געוועזען אויפ'ן פאפיער גלייכבערעכטיגט. מעהר ניט, די אידישע נאציאָן, אלס אזעלכע, איז ניט געווען אנערקענט פון געזעץ, און דערפון איז ארויסגעקומען, אז די אידען האָבען געמוזט בלייבען אויך בירגערליך און פאָליטיש אויף דער ניעדעריגסטער שטופע.

איך קעהר זיך אום צום פריהערדיגען ביישפיעל אין רוסלאנד. די אידען בעזיצען דאָס אקטיווע און פאסיווע וואהל פאר דער שטאאטס־דומא. נאָך דעם פראָצענט פערהעלטניס פון דער אידישער בעפעלקערונג צו דער געזאמטע בעפעלקערונג, האָבען די אידען אין רוסלאנד געדארפט האָבען אן ערך 25 אָבגעאָרדנעטע. איצט האָבען זיי נאָר צוויי און דאָס — אויך מיט א צופאל. עס קאָן זיך מאכען, אז זיי זאָלען איינעם אויך ניט האָבען. ווי קומט עס? קיינער האָט ביי זיי דאָס רעכט צו וועהלען און געוועהלט צו ווערען ניט צונענומען. דער תירוץ איז א פשוט'ער. עס פעהלט אין רוסלאנד די בעדינגונג, וועלכע זיכערט די רעכטע פון דער אידישער נאציאָנאלער מינדערהייט. דאָס פעהלען פון די נאציאָנאלע רעכטע רויבט זעהר אָפט די מעגליכקייט צו בענוצען זיך מיט די בירגערליכע און פאָליטישע רעכטע. אָבער די פראָקלאמירונג פון נאציאָנאלער גלייכבערעכטיגונג אליין איז נאָך ביי ווייטען ניט

גענוג צו זיכערען די מעגליכקייט פון איהר פערווירקליכונג אין פראקטישען לעבען.

פון די אנגעפיהרטע ביישפיעלען, צו וועלכע איך דענק נאך צוריקצוקעהרען זיך ביי א פאסענדער געלעגענהייט, קאן יעדער זיך איבערצייגען, אז די פראגע ווי צו פארמולירען די איינצעלנע פונקטען פון אן איינהייטליכען אידישען פראגראם איז ניט אזוי איינפאך, און אז עס איז מעהר ניט ווי לייכטזיניג און אונפעראנטווארטליך צו בעטראכטען דעם פונקט „נאציאנאלע גלייכבערעכטיגונג" ווי א קאפריז פון פאליטישע געגנער.

מיר ברויכען איצט שטאאטס־מענער. מיט גבאים וועלען מיר ניט אויסקומען.

10 אקטאבער, 1915.

# עמיגראַציאָן נאָך דער מלחמה

עס איז ניט ראַציאָנעל צו בעשעפטיגען זיך מיט נביאות זאָגען וועגען אונזערע אויסזיכטען נאָך דער מלחמה, וועגען די נייע גרופּירונג פון אונזערע מאסען און די ניי־געשטאַלטונג פון די אומשטענדען און די ענטוויקלונגס־מעגליכקייטען. עס איז ניט ראַציאָנעל, ווייל כל זמן די מלחמה פיהרענדע מלוכות האָבען נאָך נישט געקושט די מזוזה, ענטהאַלט אין זיך יעדע פּראָגנאָזירונג מעהר ניט ווי א ניצוץ פון נבואה, און אַלע מאָדערנע נביאות האָבען אין זיך די טבע: אָדער זיי ווערען מקוים, אָדער זיי ווערען ניט מקוים. אפילו די מלוכות אליין און די רעדעל־פיהרער קאָנען נאָך ניט וויסען, ווי די קאַרטע אייראָפּאַ׳ס און אזיען׳ס וועט אויס־זעהן נאָך דעם, ווי די קאַנאָנען וועלען פערמאַכען די מיילער און עס וועלען אָנהויבען צו רעדען די דיפּלאָמאַטען. היינט וואָס קאָנען שוין מיר וויסען, מיר וועלכע זיינען פּעראורטיילט צו שפּיעלען נאָר א פּאַסיווע ראָלע אי פאר מלחמה, אי בשעת מלחמה, אי נאָך מלחמה, מיר וועלכע הענגען אָב מעהר ווי אַלע אין דער וועלט פון איינגעוואָרצעלטע פּאָראורטיילען און מאָמענטאַנע קאַפּריזען, פון סימפּאַטיען און אַנטיפּאַטיען, פון שטימונגען און נייגונגען?

מיר קאָנען און דאַרפען זיך דעריבער ניט פאָרבערייטען צו איין בעשטימטער פּאָליטישער מעגליכקייט. דאָס וואָלט געווען פון אונ־זער זייט אַן אונפערצייהליכעס און אונפעראַנטוואָרטליכעס וואַ־באַנק שפּיעל, וואָס אויך פעסטערע און זיך תקיף פיהלענדע נאַציאָ־נען לאָזען דאָס ניט צו אין אַן ערנסטען מאָמענט, ווען די געשיכטע שיינט ארויסצושפּרינגען פון שפּאַן און זיך צו פערקירעווען אין אַן אַנדער ריכטונג. דאָס איינציגע, וואָס מיר קאָנען טהאָן, אונ־אבהענגיג פון יעדער בעשטימטער פּאָליטישער מעגליכ־קייט, און דעריבער צוגעפּאַסט צו יעדער פּאָליטישער מעג־

ליכקייט, איז די מאָביליזירונג פון אייגענע כוחות, ווי ווייט די אומשטענדען און די פערהעלטניסע ערלויבען דאָס אונז.

צום ביישפיעל, פיעלע נעהמען אָן אלס הנחה, אז גלייך נאָך דעם שלום־שלום וועט זיך אָנהויבען א גרויסער, מעכטיגער אידי־שער עמיגראציאָנס־שטראָם נאָך אמעריקא. די הנחה איז ניט בע־גרינדעט אויף גענויעם שטודיען בנוגע צו דער ניי־געשאפענער לאגע אין מזרח אייראָפּא, זי שטיצט זיך נאָר אויף פּסיכאָלאָגישע סברות. צום עמיגרירען געהערט דאָס גובר זיין זיך איבער א זעהר שטארקען אינערען אָבהאלט. איידער מען ענטשליסט זיך צו קויפען די שיפס־קארטע מוז מען געדאנקליך זיך אליין אויס־רייסען פון א סביבה, צו וועלכער מען האָט געהאט ביז איצט אן אָרגאַנישע שייכות. מען מוז ערשט אין דמיון שאפען פאר זיך א נייע וועלט, כדי עס זאָל באפען מוט און ענערגיע אָבצוזאָגען זיך פון דער אלטער וועלט, מיט וועלכער מען איז פערטרויט און פערוואקסען. דיזער ענערציע־כח האלט אָב טויזענדע און טויזענדע פון אויס־וואנדערונג, ווען אפילו די אָביעקטיווע פערהעלטניסע צווינגען זיי דערצו. איצט איז אָבער די אידישע וועלט א צוטרייסעלטע, זי האָט זיך, אָדער ריכטיגער, מען האָט זי פאנאנדערגעשרויפט. דאָס אידישע לעבען האָט ניט קיין רוהענדען פונקט, עס האלט אין איין בעוועגען זיך, אין א שטענדיגער יאָגעניש. דורך דעם איז דער ענערציע־כח געבראָכען געוואָרען, א גרעסערע עלעמענטארע קראפט האָט איהם מנצח געווען. בכן וועלען איצט די אונגעצעהל־טע טויזענדע עמיגראציאָנס־קאנדידאטען מעהר ניט האָבען דעם אינערען קאמפף, וועלכער האָט זיי פריהער געשטערט און אָב־געהאלטען זיי פון דער אויספיהרונג פון זייערע עמיגראציאָנס פּלע־נער. דער ווידערשטאנד איז געשוואונדען און די עמיגראציאָן, ווען זי זאָל זיך נאָר ניט אָנשטויסען אויף נייע חומרות אין די אימיגראציאָנס לענדער, וועט מוזען וואקסען.

דאָס איז איין הנחה.

קומען אנדערע און בעהויפּטען, אז נאָך דער מלחמה וועט די עמיגראציאָן זיין פיעל שוואכער ווי פאר דער מלחמה. און אויך זיי בעגרינדען זייער הנחה. די מלחמה האָט אָנגעמאכט אזא

מורא'דיגען חורבן אומעדום, אז עס וועלען ניט אויסרייכען קיין הענד אום אלעם אויפצובויען, וואס עס איז דורך איהר צושטערט געווארען. מען דארף אויך ניט פארגעסען, אז אייראפא וועט אויסזעהן נאך דער מלחמה ווי גלאט אבראזירט פון דער יוגענד, און אז וועלען מוזען פארגעהן דורות ביז עס וועט אויסוואקסען א נייע יוגענד. די יוגענד האט אבער ביז איצט צוגעשטעלט די גרע־סטע צאהל עמיגראנטען.

אנדערע געהען נאך ווייטער און זאגען ארויס א סברא, אז נאך דער מלחמה וועט די עמיגראציאן נאך די פעראייניגטע שטאא־טען אין גאנצען אויפהערען פאר א לענגערע צייט. און עס ווערט ארויסגעזאגט נאך א מיינונג, אז לא די, וואס נאך דער מלחמה וועט אויפהערען דער עמיגראציאנס־שטראם פון אייראפא נאך אמעריקא, נאר עס וועט איינטרעטען די פארקעהרטע ערשיינונג: עס וועט זיך אנהויבען א שטארקע אויסוואנדערונג פון אמעריקא נאך אייראפא. ערשטענס, ווייל אייראפא וועט קאנען געבען בע־שעפטיגונג נייע מיליאנען ארבייטער, וועלכע זאלען פערנעהמען דעם פלאץ פון די געפאלענע, אויספילען די שיטער געווארענע שורות פון דער בעפעלקערונג. צווייטענס, ווייל די מלחמה האט אויפגעוועקט דאס איינגעשלאפענע אדער אטראפירטע נאציאנאלע געפיהל ביי מיליאנען און מיליאנען פון אימיגראנטען, אין ערש־טער רייהע צווישען דער אמעריקאניש־דייטשער בעפעלקערונג, צום טייל אבער אויך צווישען די פערטרעטער פון די אנדערע נא־ציאנען. די מלחמה האט ניט נאר אין אייראפא אליין ענגער צו־זאמענגעשמידט פערשיעדענע פאלקס־שיכטען צו נאציאנאלער, מעהר זעלבסטבעוואוסטער איינהייט, זי האט אויך פון דער ווייטען געהאט א טיעף־געהענדע השפעה אויף די פאלקס־עלעמענטען, וועלכע האבען ביז איצט געלעבט אין דער פרעמד און געזוכט איינ־צוארדנען פאר זיך א נייע היים ווייט, ווייט פון זייער מוטערלאנד. די מלחמה, דער נצחון אדער די מפלה, וועט וועקען אין די עלע־מענטען א שטארקע בענקעניש, און זיי וועלען זיך ציהען צוריק נאך זייער אלטער היימאט. די מלחמה האט זיי בעוויזען, אז אין דער פרעמד, ווי גוט און ווי זיכער דער מצב פון דעם איינגעוואנ־

דערמען זאָל ניט זיין, פיהלט מען זיך דאָך לחצאין׳דיג, מען לעבט אין צוויי וועלטען. צווישען פערגאנגענהייט און צוקונפט ליעגט אַ ברייטער, ווייטער ים, וועלכען מען מוז תמיד איבערשווימען אין דער מחשבה, ווען מען וויל אין זיך גופא פעראייניגען די צוויי העלפטען פון לעבען. דאָס איז אין בעסטען פאל אַ צושפּאָלטען לעבען, וועלכעס מוז ערשט דורך אָנשטרענגונג גאנץ געמאכט ווערען.

אין דער אידישער בעפעלקערונג קען דיזע ערשיינונג איינ־טרעטען נאָר אין אַ שוואכען גראד, ווייל דער עבר האָט אין דעם אידישען אימיגראנט איבערגעלאָזען זכרונות, וועלכע האָבען מיט גן־עדן פאָרשטעלונגען נאָר ניט צו טאָן. אָבער נאָך אלעם טראָגט אויך דער אידישער אימיגראנט שטיל פערבאָרגען אין זיין הארצען אַ בענקעניש נאָך זיין אלטער היים. עס איז ניט אזוי דאָס לאנד, וועלכעס ציהט איהם צוריק, נאָר די סביבה, זיין סביבה. ניט אזוי די פעלדער און די וועלדער ווי די שוהל מיט איהר „בין מנחה למעריב״, די משפחה און די אלטע מצבות. און ווען די מלחמה זאָל ברענגען אלס רעזולטאט אַ ניי־געשטאלטונג פון דער אידישער סביבה מיט נייע ענטוויקלונגס־מעגליכקייטען, וואָס עס איז ניט אויסגעשלאָסען, קאָן מען ערווארטען, אז אויך אַ גרויסער טייל פון די ניט לאנג איינגעוואנדערטע אידען, וועלכע האָבען נאָך ניט אין גאנצען געמאכט די פשרה מיט זייער נייער וועלט, וועלען זיך לאָזען צוריק.

אָט אזוי האָבען מיר אין דער איינצעלנער עמיגראציאָנס־פראגע דריי מעגליכקייטען. צוויי פון זיי זיינען עקסטרעם ענט־געגענגעזעצט. און עס וואָלט געווען פאלש, ווען מיר וואָלטען שוין איצט געוואָלט פסק׳ענען, וועלכע פון די מעגליכקייטען האָט שאנ־סען פערווירקליכט צו ווערען. עס וואָלט געווען אונקלוג און אונ־פּאָליטיש, ווען מיר וואָלטען שוין איצט צוגעשניטען אונזער אר־בייטס־פּלאן פאר די צוקונפט נאָך איין בעשטימטער מעגליכקייט.

אלץ, וואָס מיר קאָנען טהאָן, אום ניט ארויסצוואווארפען ארבייט לבטלה, איז צו אָרגאניזירען אונזערע איינענע כוחות און זיין גרייט פאר יעדער מעגליכקייט, וועלכע קאָן איינטרעטען. מיר מוזען

שוין איצט שאפען די אלגעמיין אידישע ארגאניזאציאן, צוערשט חלקים־ווייז אין יעדער איינצעלנער מדינה, שוין איצט צונויפרע־דען זיך מיט די פערטרעטער פון דער אידישער בעפעלקערונג אין די פערשיעדענע מדינות, שוין איצט זאמלען מאטעריאל איבער די פערענדערטע עקאנאמישע און פאליטישע לאגע פון אונזערע ברי־דער אויף יענער זייט ים, כדי מיר זאלען, לכל הפחות פון אונזער זייט, זיין גרייט, ווען דער מאמענט פאר אקציאן וועט אנקומען.

מיר מוזען אויך זיין גרייט מיט פערארבייטען מאטעריאל, וועלכער זאל ארומנעהמען אונזער גאנצען נאציאנאלען היזק, סיי אין נפשות, סיי עקאנאמיש, סיי קולטורעל. האבען זיך דאך גע־פונען אינטעליגענטע און מפורסם'דיגע אידען, וועלכע האבען פון אונז געפאדערט, אז מיר זאלען בעווייזען אונזער היזק שווארץ אויף ווייס. פאר זיי איז ניט געוועזען אויסרייכענד, וואס ער איז אנגע־שריבען אין לעבען גופא רויט אויף שווארץ. ניט־אידען יועלען זיך געוויס געפינען, וועלכע וועלען פערזוכען צו פערלייקענען אונ־זער היזק. דאס געשעהט שוין איצט אין גאליציען, עס וועט אויך געשעהן אין רוסלאנד און אין פוילען, ווען מיר זאלען זיין נאכ־לעסיג און לאזען, אז די סמנים פון דעם חורבן זאלען אבגעווישט ווערען פון א בייזוויליגער האנד.

אויך די ארבייט קאן ניט געמאכט ווערען פון יחידים, אויך ניט פון איינצעלנע ארגאניזאציאנען. דאס איז איינע פון אונזערע וויכטיגסטע כלל־אויפגאבען אין איצטיגען מאמענט, וועלכע פער־דיענט אונזער גאנצע אויפמערקזאמקייט און אונזער גאנצען ערנסט. מיר מוזען אויך אויסגעפינען די נויטיגע פאכמענער, וועלכע האבען שוין ערפאהרונג אויף דעם פעלד פון שטאף זאמלען און שטאף פערארבייטען, וועלכע זיינען אויך גענוג וויסענשאפטליך געבילדעט אום ארויסצונעהמען פון צאהלען און איינצעל־פאקטען דעם תמצית פון די גרויסע היסטארישע געשעהעניסען.

13 אקטאבער 1915.

# די אַמעריקאַנער אידען און די אידישע צוקונפט

ווען דאָס אמעריקאנער יודענטום וואָלט געווען אין איצטיגען מאָמענט אָרגאניזירט אלס א געשלאָסענע פאָלקס־קערפערשאפט מיט א בעשטימטען פראָגראם אין אלע שאלות, וועלכע זיינען נוגע די אלגעמיינע אידישע וועלט־לאגע, וואָלט לאָגישער־ווייז מוזען איבערנעהן די פיהרער־ראָלע צו די אמעריקאנער אידען. ערש־טענס, רעפרעזענטירט אמעריקא א סאָלידען טייל פון אידישען פאָלק. כמעט א פערטעל. צווייטענס, איז אמעריקא געבליבען נייטראל אין דעם גרויסען וועלט־סכסוך. עס מאכט ניט אויס, וואָס אויך אין אמעריקא האָבען זיך ארויסגעצייגט שטארקע סימ־פאטיען פאר איין צד אָדער דעם אנדערען צד. די אָפיציעלע ניי־טראליטעט, לכל הפחות, איז ניט צושטערט געוואָרען. דריטענס, און דאָס איז דער וויכטיגסטער מאָמענט, האָבען אמעריקאנער אי־דען א פאָרצוג, וועלכען קיין אידישע גרופע אין דער גאנצער וועלט בעזיצט ניט. דאָס אמעריקאנער יודענטום, אלס גאנצעס, שטעלט פאָר אין געוויסען זינען די ס י נ ט ע ז ע פון דעם גלות־יודענ־טום, ווייל אין איהם זיינען פעראייניגט די עלעמענטען פון די פער־שיעדענסטע לענדער און צום טייל אויך פון די פערשיעדענע וועלט טיילען.

און דיזער אומשטאנד קאָן שטענדיג בעטראכט ווערען אלס א מ ע ל ה. איז שוין בעשערט א פאָלק דורכצומאכען גלות, איז א קאָנצענטרירטער גלות בעסער ווי א צושפרייטער. איז שוין בעשערט א פאָלק דורכצומאכען אן אסימילאציאָנס־פראָצעס, — ווי ווייט ער איז מעגליך, — איז אן איינהייטליכער אסימילאצי־אָנס־פראָצעס בעסער ווי א פערשיעדנארטיגער. עס איז שוין בעסער אָנצופאסען זיך א י י ן פרעמדער סביבה און האָבען צו טהאָן מיט פשרות נאָר צווישען צוויי וועלטען: צווישען דער

איינענער, פון וועלכער מען דערפרעמדעט זיך, און צווישען דער פרעמדער, וואו מען וויל ווערען אן איינענער, איידער דאָס פאָלק זאָל זיין צוברעקעלט אויף פיעלע חלקים, און יעדער חלק זאָל מוזען דורכמאכען זיין איינענעם אסימילאציאָנס־פּראָצעס. דאָס אידישע פאָלק מאכט דעריבער דורך ניט אן איינפאכען, נאָר א פיעלפאכען גלות. זיינע בעזונדערע חלקים דערווייטערען זיך איינער פון דעם אנדערען ניט נאָר מחמת דעם קאמפף צווישען נאציאָנאליזם און אסימילאציאָן — דאָס וואָלט נאָך געווען גאנץ נאטירליך — נאָר אויך מחמת די פ ע ר ש י ע ד ע נ ע א ס י מ י ל א צ י אָ נ ע ן, וועלכע זיי זיינען געצוואונגען דורכצומאכען אין די פערשיעדענע לענדער. אפילו די בעציהונגען צווישען די אידישע נאציאָנאליסטען פון פערשיעדענע מדינות זיינען אויך ניט אין גאנצען ריין פון געוויסע מיספערשטענדניסע און רייבונגען, וועלכע זיינען ערקלערליך נאָר דורך די פערשיעדענע סביבות, אין וועלכע זיי, די נאציאָנאליסטען, האָבען ערהאלטען זייער ערציהונג. אפילו ביי די נאציאָנאליסטען ענטפלעקט זיך אויך גאנץ אָפט דער „ויתרוצצו" צווישען מזרח און מערב, דער אנטאגאָניזם צווישען דער פערשיעדענער אויפפאסונג פון דעם נאציאָנאליזם אליין.

דאָך קאָן מען בעטראכטען די אידישע נאציאָנאליסטען אין דער גאנצער וועלט אלס געשלאָסענע איינהייט, ווייל די איינינענדע מאָמענטען זיינען ביי זיי פיעל שטארקער און קראפטפולער אלס די שיידענדע. ווען מיר קומען אָבער צו אונזערע אסימילאנטען, אין נעגענזאץ צו די נאציאָנאליסטען, קאָן מען בשום אופן ניט זאָגען, אז מיר האָבען דאָ פאר זיך א געשלאָסענע אסימילאַטאָריש־אידישע איינהייט. דער אידיש־דייטשער אסימילאנט און דער פראנצויזיש־אידישער אסימילאנט צום ביישפיעל געהערען צו צוויי גאנץ פערשיעדענע און אָפט נאָר ג ע ג נ ע ר י ש ע גרופען, ניט נאָר אין אלגעמיינע וועלט־פראגען נאָר אויך אין אידישע פראגען, ווי ווייט דער אסימילאנט קאָן נאָך אָדער איז געצוואונגען צו אינטערעסירען זיך מיט אידישע פּראָבלעמען. דיזען בולט'ען נעגענזאץ, וועלכער פערוואנדעלט זיך גאנץ אָפט אין אן

אָפּענע פיינדזעליגקייט, האָט מען נעקאָנט מערקען אין דער טע־טיגקייט פון די פראַנצויזיש־אידישע און דייטש־אידישע חברות אין אָריענט. ביידע האָבען געוואָלט טהאָן טובות דעם כלל ישראל ביידע האָבען געוואָלט גליקליך מאכען די אָרימע „גלויבענס־גע־נאָסען אין ה י י ל י ג ע ן לאַנד“ און ביידע זיינען געווען אין קאַמפּף אַזוי אונגלויביג און אַזוי אונהייליג.

דיזעלבע טרויעריגע, פון היסטאָריש פּאָלקסטימליכען שטאַנד־פּונקט אויך לעכערליכע, ערשיינונגען קאָן מען אויך בעאָבאַכטען אין די בעציהונגען צווישען די ענגלישע און די דייטשע, צווישען די רוסישע און די פראַנצויזישע אסימילאַנטען און אַזוי ווייטער. זיי קאָנען זיך קיין מאָל ניט צונויפרעדען, זיי דיענען א פ ע ר ג י י נ ע נ ד ע ן געדאַנק, וועלכער איז א שותפות׳דיגער נאָר אין דער אידעע: אסימילאַציאָן, ווי עס קומט אָבער צו דער פערווירקליכונג פון דעם געדאַנק איז יעדע גרופּע געצוואונגען צו וועהלען אַן א י י ג ע נ ע ם וועג, צו פערפאָלגען אייגענע, ניט שותפות׳דיגע ציעלען. נאָר אין איין איינציגען פאַל טרעט פאַר אונז אויף די אסימילאַציאָן אלס אָרגאַניזירטע איינהייט, און דאָס איז, ווען עס קומט אויס צו בעקעמפּפען די אידיש־נאַציאָנאַלע פּאָ־ליטיק. אין דיזען פאַל רייכען זיך די פערשיעדענאַרטיגע אסימי־לאַנטען ברידערליך די האַנד און פערגעסען אויף א ווײַלע זייערע אייגענע אייבּיגע צאַנקערייען. דער אַלגעמיינער געגנער נויטיגט זיי צו מאַכען שלום צווישען זיך. איין ביישפּיעל פון פיעלע: בשעת עס האָט אויסגעבראָכען אין פּאַלעסטינא דער שפּראַכען־קאַמפּף האָט דער דייטשער הילפספעראיין געזוכט שטיצע ביי דער פראַנצויזישער אַליאַנס איזראַעליט אין דער אננאַהמע, אַז דער האַס צום אידישען נאַציאָנאַליזם וועט איבערשטייגען די געגנער־שאַפט פון דער אַליאַנס צו דער דייטשער חברה.

די אידיש־אַמעריקאַנישע גרופּע האָט דעריבער דעם פּאָרצוג איבער די אַנדערע אידישע גרופּען, ווייל איהר סטרוקטור איז א גאַנץ אַנדערע. זי איז א צוזאַמענגעזעצטע פון די פערשיעדענסטע אידישע גלות עלעמענטען. אין דעם שטרעבען נאָך א נייער אַנ־פּאַסונג צו א י י ן נייער סביבה מוז זי אליין מלחמה האַלטען

אנקעגען די פיעלגעשטאלטיגע און פיעלפארביגע ב י ז ־ א י צ ט י ג ע אידישע אסימילאציאָן. זי מוז אויסבייטען א ס י מ י ל א צ י אָ נ ע ן אויף א ס י מ י ל א צ י אָ ן, און דאָס קאָן אָהן קאָנצעסיאָנען פון אַלע בעטייליגטע ניט געשעהן. אויף אזא אופן קאָן די אידיש־אמעריקאנישע גרופּע בעטראכט ווערען אלס א פּ ש ר ה ־ג ר ו פּ ע.

און נאָך א פּאָרצוג האָט די אידיש־אמעריקאנישע גרופּע. דער צווייטער פּאָרצוג ליעגט שוין ניט אין איהר אליין, אין איהר בעשאפענהייט, נאָר אין דער אָביעקטיווער געשטאלטונג פון דעם אמעריקאנישען פאָלק. מען קאָן ניט וויסען, ווי דאָס נאציאָנאלע לעבען וועט אויסזעהן שפּעטער, אין דורות ארום, אין אמעריקא, דערווייל אָבער האָט אמעריקא נאָך ניט קיין ה ע ר ש ע נ ד ע נ א צ י אָ ן. זי ב י ל ד ע ט זיך ערשט, זי הויבט ערשט אָן צו שפּראָצען. מען קאָן דעריבער ניט פערגלייכען דעם אמעריקאַ־ניזירונגס־פּראָצעס מיט דער גערמאניזירונג, רוסיפיצירונג, א. אז. וו. ביי דער גערמאניזירונג, רוסיפיצירונג א. אז. וו. מוז זיך דער אסימילאנט אונטערווארפען אונטער עטוואָס פעסטעס, זייט דורות בעשטעהענדעס, ה ע ר ש ע נ ד ע ס. אלעס, וואָס געהערט איהם, זיין איך, מוז ער פון זיך אָבטרייסלען, ער קאָן נאָר איינגעשלונגען ווערען, ער דארף אָבער ניט ארייננטראָגען עטוואָס פון זיין אייגענער וועלט, ווארום דער בנין איז שוין פארטיג פון פונדאמענט ביז צום לעצטען דאך־חלק. אין אמעריקא ליגען ל ע ת ע ת ה די פערהעלטניסע פיעל גינסטיגער. אין געוויסען זינען ברויכט זיך דער אסימילאטאָר ניט צו אונטערווארפען. ער קאָן נאָך ג ל ו י ב ע ן, אז ער ווערט א שותף אין דעם אַלגעמיינעם פערשמעלצונגס־פּראָצעס. שטימט דאָס אָדער עס שטימט ניט אפילו פאר דעם איצטיגען מאָמענט, יעדענפאלס אָבער ברויכט דער אסימילאנט אין אמעריקא ניט אזוי אונטערטהעניג צו זיין, זיין פסיכישע פערפאסונג איז א בעסערע, ער פיהלט זיך ניט אזוי בע־ליידיגט ווי אין דער אלטער וועלט. און ווען ער וויל, שרייט ער, אז ער אסימילירט זיך גאָר ניט, ער העלפט נאָר צו אסימילירען.

און נאָך א דריטע מעלה. אמעריקא איז נאָך דערווייל ווייט געבליבען פון דעם אייראָפּעאישען א י מ פּ ע ר י א ל י ז ם.

אמעריקא זוכט נאָך ניט דערווייל קיין ווייטע ערֲאָבערונגען, און דאָס פערהעלטניס פון אמעריקא צו די אנדערע נאציאָנען איז אין פערגלייך צום פערהעלטניס צווישען די גרויסע נאציאָנען גופא װעניגער איינגעננוציג און דעריבער אויפריכטיגער. ווען דעריבער די אמעריקאנער יודענהייט זאָל אויפטרעטען אין אלגעמיין אידישע אנגעלעגענהייטען, וועט זי קיינער ניט חושד זיין, אז זי טרייבט דערביי פרעמדע פּאָליטיק אויפ'ן חשבון פון אידישען פאָלק. אמעריקא איז ניט פערבונדען — פּאָליטיש — ניט מיט מזרח איירָאָפּא און ניט מיט דעם נאָהענטען מזרח, צוויי לענדער, וועלכע קומען אין ערשטער שורה אין בעטראכט, ווען מען רעדט מכח דער אידישער פראגע.

אלזאָ, זעהען מיר, אז די געשיכטע אליין האָט ארויסגערוקט דאָס אמעריקאנער יודענטהום אויף א זעהר וויכטיגען פּלאַץ און זי האָט איהם געגעבען אלע מעגליכקייטען צו שפּיעלען א בעדייטענדע ראָלע אין דער ענטוויקלונג פון דער אידישער צוקונפט.

ווען זשע איז דאָס גערעדט, ווען דאָס אמעריקאנער יודענטהום זאָל אליין פערשטעהן זיין אייגענע קראפט און זאָל ראשית כל זיך אליין אָרגאניזירען אלס געאייניגטע און געשלאָסענע קראפט. ווען ניט — ווערען אלע מעלות, אויך די, וועלכע ליגען אין די אביעקטיווע אומשטענדען, צושטויבט און ווערען בטל ומבוטל. ווען ניט, האָבען מיר דאָ ווידער צו טהאָן מיט בעזונדערע אידיש־רוסיש־פּויליש־דייטשע גרופּען, וועלכע האָבען זיך צופעליג צוזאמענגעטראָפען אין איין גרויסער אכסניא. געסט אין א האָטעל בילדען ניט קיין משפחה, און פערשיעדענע אידישע גרופּען אין איין לאנד בילדען נאָך ניט קיין אידישע קערפּערשאפט.

צום אונגליק האָבען דאָס די פיהרער ניט פערשטאנען און האָבען אָנגעווענדעט זייער ענערגיע אין דער ענטגעגענגעזעצטער ריכטונג.

8 נאָוועמבער, 1915.

## מיליטאַריזם פון דער לינקער זייט

די גאנצע וועלט האלט אין איין שרייען, אז דער מיליטאריזם קומט פון דייטשלאנד, און כדי גובר צו זיין איהם, הויבט זי אליין אָן ווערען שטארק מיליטאריסטיש. איך ווייס ניט ווי ווייט די בערויפטונג איז אמת. ווען מען זאָל אונטער מיליטאריזם פערשטעהן ניט די אויסערע פאָרם: אינפאנטעריע, ארטילעריע און קאוואלעריע, נאָר דעם אינהאלט: די אויסברייטונג פון דער אייגענער ממשלה און דעם אונגעזעטיגטען עראָבערונגס־אפעטיט, קאָנען זיך, אזוי גלויב איך, אויך די אנדערע אייראָפעאישע פעלקער, אָהן עין הרע, ניט בעקלאָגען, זיי האָבען אויך א גאנץ געזונטען אפעטיט און א גרויסען חשק צו אלץ וואָס הויבט זיך אָן מיט אן אלף. צום ביישפיעל: א מדינה, א לאנד, א פאָלק, א נאציאָן.

נאָר אויב עס קאָן נאָר זיין א שטיקעל ספק וועגען דעם אורשפרונג פון דעם אלגעמיינעם מיליטאריזם, קאָן מען גאנץ קלאָר בעווייזען, אז דער אידישער מיליטאריזם שטאמט דוקא פון מדינת אשכנז, און אז פון דאָרט איז ער פערשלעפט געוואָרען אויך נאָך די פעראייניגטע שטאאטען.

מען וועט זיך וואונדערען אפשר איבער דעם אויסדרוק „אידישער מיליטאריזם" — ער איז אָבער דאָ. מען וועט אפשר מיינען, אז איך וויל דאָ שרייבען וועגען דעם אונגליקליכען געדאנק פון די אידישע לעגיאָנען, וועגען די פּאָר גענעראלען, וועלכע האָבען זיך פערקליבען מיט זייער גענעראלשטאב נאָך דער שענער, רוהיגער נייטראלער שטאָדט קאָפּענהאגען און וועגען די דורך די ענטפלאמטע פאנטאזיע צוהיצטע יונגענד־קעפּ, וועלכע האָבען געפונען זייער פריהצייטיגען קבר אין פרעמדען גאליפּאָלי. ניין, ניט מכח דיעזע ערשיינונג וויל איך איצט רעדען. זאָל פריהער אריבער די מלחמה און די שווערע גזרה פון נייטראליטעט זאָל בטל ווערען,

דאן וועט מען קאָנען פרייער בעלייכטען דעם מ פ י ל ־ ג ע ד א נ ק פון די לעגיאָנען. איצט וויל איך זיך אָבשטעלען אויף אַן אנדער ערשיינונג אין אונזער אידישען לעבען, פאר וועלכער איך האָב געזוכט א פאסענדען נאָמען און אויסגעפונען, אז מען קאָן זי בעצייכענען מיט דעם אויסדרוק „אידישער מיליטאריזם".

דער אידישער מיליטאריזם איז א ריינער גלות־פראָדוקט, און ווי יעדער גלות־פראָדוקט געהט ער מיט'ן קאָפּ אראָב. דער אלגעמיינער מיליטאריזם איז געריכטעט, וואו ער איז דאָ, געגען פרעמדע פעלקער. דער אידישער מיליטאריזם איז געריכטעט געגען דאָס אידישע פאָלק גופא. דער אלגעמיינער מיליטאריזם איז „יונקעריש", דער אידישער איז „ט ה ע אָ ל אָ ג י ש". דער ערשטער קלינגט מיט'ן שווערד און ווארפט אַן א מורא מיט דעם שארפען שפיעז. דער צווייטער קלינגט מיט הילכיגע פראזען און וויל דערשרעקען דעם עולם מיט טומפּע, איבערזעצטע פסוקים. אין צוויי פונקטען זיינען זיי אָבער גלייך איינער צום אנדערען: ביידע זיינען שטארק אגרעסיוו און ביידע ווערען שטארק אונטערשטיצט פון די רייכע באנקירען.

ווען מען וויל שטארקער און רייכער מאכען די אייגענע נאַציאָן אויפ'ן חשבון פון אנדערע נאציאָנען, איז דאָס מיליטארים־טיש פון איין זייט. ווען מען וויל רייכער מאכען די אנדערע נאַציאָנען אויפ'ן חשבון פון דער אייגענער, איז דאָס אויך מיליטאַריסטיש נאָר פון אַן אנדער זייט — דאָס איז ל י נ ק ע ר אָדער א ו י ס ג ע ק ע ה ר ט ע ר מיליטאריזם.

אין גראף מינכהויזען'ס מעשות דערצעהלט דער העלד, ווי ער האָט בעגעגענט א וואָלף אין וועג. דער וואָלף האָט שוין געעפענט ברייט זיין מויל, פארטיג צום איינשלינגען זיין קרבן. פאלט אָבער דער העלד, — א העלד בלייבט א העלד אפילו אין קריטישע מאָ־מענטען, — אויף א המצאה. ער רוקט אריין זיין האנד טיעף דעם וואָלף אין מויל, פאקט איהם פון אינווייניג פאר'ן עק און קעהרט אויס דעם גאנצען וואָלף אויף דער לינקער זייט. די צוהערער זיי־נען געשפאנט און פרעגען: נו, וואָס איז געוועזן דער סוף? ענט־

פערט זייער העלד: דער וואָלף האָט אָנגעהויבען צו בילען נאָך אינוועניג.

ווען ביי מינכהויזען בלייבט דער וואָלף אפילו אַן אויסגע־קעהרטער מיט׳ן פעלץ נאָך אינוועניג — פאר וואָס זאָל מיליטאריזם ניט בלייבען מיליטאריזם אפילו ווען ער איז גערי̇כטעט געגען די אייגענע נאציאָן?

און גראָד אין זעלבען מאָמענט, ווען די גרעסטע נאציאָנען ווילען פערזיכערען זייער צוקונפט און פיהרען צוליעב דעם די בלוטיגסטע מלחמות, געפינען זיך אידען, וועלכע האָבען פאר זיך גראָד איצט קיין בעסערע אויפגאבע ניט, ווי פיהרען מלחמה אנקעגען די אידישע נאציאָן.

דאָס איז ניט מעהר אַן אנטי־ציוניסטישע מלחמה. דאָס איז ניט מעהר אַ קאמפף־ערקלעהרונג געגען ציון און ירושלים. עס איז אַ מלחמה געגען דעם אידישען **פ אָ ל ק ס ־ ג ע ד א נ ק**, געגען אלע די אידען בכלל, וועלכע זיינען נאָך איבערצייגט ביז היינטיגען טאָג, אַז זיי געהערען אויך צו אַ פאָלקס־געמיינשאפט, אַז זיי האָבען אַ שטאָם און אַ נאציאָנאלע אָבשטאמונג, וועלכע זיי קאָנען און ווילען ניט **פ ע ר ל י י ק ע נ ע ן**.

ניטאָ קיין אידיש פאָלק. דאָס הייסט אַ נייער כל־נדרי: נדרנא לא נדרי, די שפראך איז קיין שפראך ניט, די ליטעראטור קיין ליטעראטור ניט, די קונסט קיין קונסט ניט און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער. עס איז מעהר ניט ווי אַ בלבול, וואָס די ציוניסטען און די נאציאָנאליסטען האָבען אויף זיך אליין אויסגעטראכט. עס איז דאָ מעהר ניט ווי די אידישע **„ר ע ל י ד ז ש אָ ן"**, וועלכע פערבינדט די אידען פון דער גאנצער וועלט. די קאטוילישע קירכע פערבינדעט צום ביישפיעל **פ ר א נ ק ר י י ך** און **ע ס ט ר י י ך**, די אָרטאָדאָקסע קירכע פערבינדט **ר ו ס ל א נ ד** און **ב ו ל ג א ר י ע ן** און אז. וו., פונקט אזוי פערבינדט די אידישע „רעלידזשאָן" די אידען פון טעמפעל עמנואל אין נויאָרק, צום ביישפיעל, מיט די אידען פון ראמיילעס קלויז אין ווילנע.

צו וואָס ראמיילעס קלויז. אָט דאָ ניט לאנג האָב איך אריינגעפיהרט איינעם פון מיינע פריינד, אַ גוי̇נעם, אין איינעם פון די

שענסטע אידישע טעמפלען. איך האב איהם ניט געזאגט, וואס פאר א טעמפעל דאס איז. ער האט אויסגעהערט אלע תפלות און די ענגלישע ליעדער.ביים ארויסגאנג פון טעמפעל האט ער מיך געבעטען, איך זאל איהם איצט פיהרען אין א אידישע שוהל. מיין פריינד איז ניט געווען פון ראמיילעם קלויז.

און ווי אגרעסיוו דער קאמפף ווערט געפיהרט. עכט מיליטא־ריסטיש. מען ריהרט אן די דעליקאטסטע פראגע. מען שטעלט ארויס פאר דער גאנצער וועלט דעם איינענעם פאטריאטיזם און מען פער'מסר'ט פאר דער זעלבער וועלט אלע יענע אידען, וועלכע בעטראכטען זיך נאך אלס קינדער פון זייער פאלק. און אזוי ווי די צאהל פון די, וועלכע לייקענען אב די עקזיסטענץ פון אידישען פאלק, איז דאך סוף כל סוף זעהר קליין, הייסט דאס, אז מען פער־מסר'ט כמעט דאס גאנצע אידישע פאלק.

אלץ לפי נוסח אשכנז. קיין איינציגעם נייעם ווארט, קיין איינציגער חידוש. אן אלטער ארטיקעל, מיט דעם אלטען שטעמפעל „מייד אין דזשוירמעני".

און גראד אין די לעצטע יאהרען האט דער קאמפף אפילו אין דייטשלאנד אויסגעזעהען מעהר ניט ווי לעכערליך. די אלטע האבען זיך צוהיצט און געקעמפפט, און די אידישע יוגענד איז געגאנגען איהר איינענעם וועג. זי האט זיך גוט צוגעהערט צו דעם דופק פון דעם אלגעמיינעם רוישענדען און ברויזענדען לעבען און האט זיך געשאפען א וועלט־אנשויאונג ניט פון קינסטליך צוזאמענגע־שטוקעוועטע האלבע פסוקים. זי האט פלייסיג שטודירט די וועלט־געשיכטע, די בעציהונגען צווישען פאלק און פאלק, צווישען הער־שער און בעהערשטען, צווישען בעל הבית און שכן און האט ארויס־געצויגען פון איהר ערנסטען שטודיום די נויטיגע קאנזעקווענצען.

און ווען עס איז געקומען צום פונקט פאטריאטיזם, האט די זעלבע יוגענד בעוויזען, ווי מען איז מקיים די מצוה פון פאט־ריאטיזם ניט אין אבגעדראשענע דרשות, נאר הלכה למעשה, אין ווירקליכען לעבען. די אידישע נאציאנאל בעוואוסטע יוגענד איז געשטאנען אין דער פייער־ליניע און א גרויסער טהייל פון איהר איז געפאלען אין די ערשטע שורות.

יעדער אונפערבלענדעטער דורך שנאה און צאָרן, יעדער קלאָר זעהענדער און קלאָר אורטהיילענדער מוז צוגעבען, אז ווען די אי־דישע יוגענד אין אמעריקא וואָלט קומען צו אזא נסיון, וואָלט זי איהם ביינעשטאנען נאָך אין א העכערער מדרגה, אויב א העכערע מדרגה איז נאָך מעגליך.

צום גליק ווערען אזעלכע וועלט־פראגען, ווי נאציאָנאליזם, ניט בעשלאָסען אין טעמפלען איבערהויפט, און לעבענס־אנשוי־אונגען ווערען ניט נעשאפען אויף דער בערזע. צום גליק ווייס אויך די וועלט, אז עס זיינען דאָ צווייערליי פאטריאָטיזמען: איינער צוליעב וועלכען מען לעבט און איינער פון וועלכען מען לעבט. די גרויסע וועלט גלויבט אין דעם ערשטען און פערהאלט זיך צום צווייטען ווי צו א פייערווערק־פאטריאָטיזם.

16 נאָוועמבער, 1915.

# די אַנאַרכיע אין אונזער פאָלקס־לעבען

לעבען פון היינט אויף מאָרגען, ארבייטען נאָר פאר דעם נאָ־הענטען מאָמענט — דאָס איז דער ערשטער סימן פון פּאָליטישער קורצזיכטיגקייט און אונבעהאָלפענקייט. דאָס איז די אַלטע, אין א שעה פון פערצווייפלונג ענטשטאַנענע פילאָזאָפיע, וועלכע האָט געפונען איהר אויסדרוק אין דעם בעקאַנטען שפּרוך: דיה לצרה בשעתה, דאָס הייסט: גענוג פאר דיר צו דאַנה'ן, ווען די צרה איז שוין געקומען, דו ביסט אָבער ניט מחויב צו פערדאַנה'ן די צוקונפט. דאָס הייסט: דאַנ'ע היינט פאר מאָרגען, פאר'ן איבערמאָרגען ועסט דו נאָך צייט האָבען צו דאַנה'ן.

און אויב איינער וואָלט וועלען שרייבען אַן אָבהאַנדלונג וועגען רער גאַנצער שיטה פון דער אידישער פּאָליטיק אין די לעצטע תקופות, וואָלט ער קיין בעסערע מאָטאָ ווי „דיה לצרה בשעתה“ ניט געפונען. די אידען, די מאַסען, ווי די פערטרעטער, האָבען זיך אויסגעלערנט צו דאַנה'ן, זיי האָבען אָבער פערלערענט פערדאַנה'ן. זייער גאַנצע פּאָליטישע פערספּעקטיווע איז געווען אַ שפּאַן לאַנג און אַ טפח ברייט, און אַלע זייערע פּלענער האָבען זיך ניט געצויגען לענגער ווי ווייט עס קאָן תופס זיין די צוקונפט דער קליינבירגער־ליכער דורכשניטס־מענש מיט זיינע קליינליך בירגערליכע דורכ־שניטס־השגות. די מאַסען האָבען געלעכצט נאָך רעטונג פון דער דריקענדער לאַגע, אין וועלכער זיי האָבען געהאַלטען ביים דער־שטיקט ווערען, און די פערטרעטער האָבען ניט געהאַט קיין ברייטען און ווייטען בליק, כדי ארומצונעהמען דעם גאַנצען מצב ווי אַן איינהייטליכעם פּראָבלעם. דאָס אידישע פּראָבלעם האָט זיך אָבגע־שפּיגעלט אין זייערע געדאַנקען ווי דאָס פּראָבלעם פון דעם איינ־צעלנעם אידען, ג ע ' כ פ ל ' ט אויף אַזוי פיעל און אַזוי פיעל מיליאָנען. און ווי די געדאַנקען, אַזוי אויך די האַנדלונגען.

האָט מען צו טהאָן מיט דער צרה, ווען זי איז שוין אויסגעבראָכען, איז ניטאָ קיין צייט און אויך קיין מעגליכקייט אויסצואַר־בייטען א שטרענגען פלאַן, א בעשטימטעם פּראָגראַם. די גזרה איז שוין דאָ, און אלעם וואָס מען קאָן טהאָן איז נאָר משתדל זיין זיך מבטל צו זיין אָדער אָבצושוואַכען די גזרה. האָט מען געהאנדעלט נאָך דעם אלטען רעצעפּט: „ותשובה ותפלה וצדקה מעבירין את רע הגזרה". אין די לעצטע דורות, ווען תשובה און תפלה האָבען פּער־לאָרען זייער פּאָפּולאַריטעט, איז געבליבען נאָר דאָס דריטע מיטעל: צדקה, דאָס הייסט די גאנצע אידישע פּאָליטישע שיטה האָט זיך פערוואנדעלט אין א צדקה־שיטה, דער פונדאמענט — רחמנות, און דער אויפבוי — פילאַנטראָפּיע.

מען קאָן ניט בעהויפּטען, אז די ענטוויקלונג פון דעם אָרו־מיגען פּאָליטישען לעבען אין דער ציוויליזירטער וועלט האָט נאָר ניט געהאט קיין השפעה אויף די אידישע גרופּען אין די פערשיעדענע לענדער, — מיר רעדען דאָ פון די מעטהאָדען, פון דער שיטה, און ניט פון די רעזולטאטען, — די אידען האָבען ערגעץ ניט געלעבט גאנץ איזאָלירט, און ווי עס האָבען זיך ניט אָנגע־שטרענגט מאנכע רעגיערונגען צו האַלטען די אידישע בעפעלקערונג כמעט ווי איינגעשלאָסען, אָבגעזונדערט פון דער הערשענדער סביבה, האָט עס זיך זיי דאָך ניט געקאָנט איינגעבען. אפילו אין דער דונקעלער רוסישער מדינה האָבען אויך געמוזט געמאכט יוערען הנחות פאר פערשיעדענע אידישע קאטעגאָריען, פאר די עקאָנאָמיש אָדער סאָציאַל־קולטורעל העכער שטעהענדע קלאסען. די רעאקציאָנערע רעגיערונג האָט זיי געמוזט צולאָזען צו די העכערע בעשעפטיגונגס־מדרגות, און דורך זייער בעטהייליגונג אין אלגעמיינעם פּאָליטישען לעבען פון לאנד איז בעאיינפלוסט געוואָרען די גאנצע אידישע וועלט אין זינען פון פּאָליטישער ענט־וויקלונג און פּאָרטשריט.

די אידישע פּאָליטישע ענטוויקלונג האָט זיך אָבער לעת עתה אָבגעשטעלט ביי דער גרופּע. זי איז אריבער פון רשות היחיד אין רשות הרבים, אָבער פון פּרט צום כלל האָט זי זיך נאָך ניט ערהויבען. אונמיטעלבאַר פונ'ם אידישען לע־

בען זיינען ארויסגעשפּראָצט פערשיעדענע אָרגאַניזאציאָנען מיט א ברייטערען און ווייטערען פּראָגראם ווי ביז אהער. דער איינצעל־נער האָט אָנגעהויבען בטל בששים ווערען, עס איז אויסגעארבייט געוואָרען א מעהר ענטוויקעלטע פּאָליטישע שיטה פאר די אָדער יענע געזעלשאפטליכע אָדער עקאָנאָמישע גרופּע, עס פעהלט נאָך אָבער די אומפאסענדע שיטה, וועלכע נעהמט ארום אַלע איינצעלנע גרופען און נעהמט אריין אין איהר אינטערעסען־קרייז אַלע בעזונדערע אָרגאַניזאציאָנען. עס פעהלט די פּאָלקסטהימליכע אדער די נאציאָנאַלע שיטה. דער איינצעלנער, ווען ער געהערט נאָר צו אַן אָרגאַניזירטער גרופּע, מוז זיך בויגען פאר דעם קאַטעגאָרישען אימפּעראַטיוו פון זיין גרופּע, ער מוז טראָגען אויף זיך דעם יאָך פון דער גרופּע, ווען ער וויל די פּאַרטייליען, וואָס זי גיט איהם. מיר האָבען אָבער נאָך ניט די אָרגאַניזאציאָן, פאר וועלכער די איינצעלנע אָרגאַניזירטע גרופען זאָלען זיך בויגען.

דעריבער הערשט נאָך אין דיעזער הינזיכט אין אונזער פּאָלקס־לעבען פּאָלשטענדיגער כאָאָס, איידעל אויסגעדריקט, פשוט הייסט עס אנארכיע. דעריבער קאָן ביי אונז קומען יעדע איינצעלנע גרופּע און אויסנוצען איהר אָרגאַניזירטע קראַפט אפילו דאָרט וואו די פּאָלקס־אינטערעסען ליידען דערפון. דעריבער קאָן ביי אונז קומען יעדע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע איז געגרינדעט נאָר צוליעב דעם שוטץ פון קלאסען־אינטערעסען, אָדער צוליעב אנדערע, געשעפטליכע, אָדער געזעלשאפטליכע, אָדער רעליגיעזע אינטערעסען, און וועלכע לייקענט גאַנץ אָפּט דעם אידיש־נאציאָנאַלען פּרינציפּ, און וועלען צווינגען די געזאמטע אידישע וועלט, אַז זי זאָל זיך פערהאלטען צו די ג־עסטע געשעהעניסען פון שטאַנדפּונקט פון גרופּען־אינטערעסען.

מיר האָבען שוין גרופּען מיט א גאַנץ ווייטען האָריזאָנט אז אַלע פראגען, וואָס זיינען נוגע דער גרופּע אַלס אזעלכער. אין אונ־זער פּאָלקס־פּאָליטיק זיינען מיר אָבער נאָך געבליבען ביי דער אַל־טער שיטה פון קורצזיכטיגקייט און אונבעהאָלפענהייט און מיר פערלאָזען זיך אויף די אַלטע שתדלנות, ווען די צרה וועט אויס־ברעכען.

אַן אילוסטראציאָן.

דייטשלאַנד ווייס נאָך אַליין ניט, ווי די אייראָפּעאישע קאַרטע וועט אויסזעהן נאָך דער מלחמה. די קאָנסערוואַטיווע עלעמענטען האַלטען אין איין שרייען, אַז דייטשלאַנד מוז אַלעס צונעהמען, וואָס זי האָט ביז איצט ערָאָבערט. דאַנעגען זיינען אַרויסגעטראָטען, אין נאָמען פון יושר און פון דער דייטשער ווירדע אַזעלכע שטאַאַטסמענער און דענקער ווי דעלבריק, דערנבורג, אַנקען, האַרנאַק און נאָך פיעלע, פיעלע אַנדערע פון די לייטענדע גייסטער אין דייטשלאַנד און וואַרנען די רעגיערונג, אַז זי זאָל זיך אָבזאָגען פון איבערשפּאַנטע ערוויטערונגס־פּלענער. די סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָבען זיך אויסגעשפּראָכען געגען יעדען אַנעקסירונגס־געדאַנק אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער אייניגקייט. זיי ווילען ניט צולאָזען, אַז דייטשלאַנד זאָל פערוואַנדעלט ווערען פון אַ נאַציאָנאַל־שטאַאַט אין אַ נאַציאָנאַליטעטען־שטאַאַט. אַ מערקווירדיגע ערשיינונג, אויף וועלכער עס וועט נאָך אויסקומען אָבצושטעלען זיך.

אַלזאָ, די פראַגע איז נאָך ווייט ניט געלעזט, און דאָך איז שוין געשאַפען געוואָרען אַ גאַנצע ליטעראַטור. אויפ'ן דייטשען ביכער־מאַרק צירקולירען שוין פערשיעדענע סאָציאַל־וויסענשאַפטליכע און נאַציאָנאַל־פּאָליטישע אָבהאַנדלונגען מכח דער שליסונג פון די גרעניצען פאַר די אידישע בעפעלקערונג אין פּאַל, זועז פוילען און אַ חלק פון ליטאַ זאָל בלייבען אין דייטשען רשות.

איך געה דאָ לעת עתה ניט אריין אין דעם תוך פון דער שאלה. ניט איין מאָל וועט נאָך אויסקומען רעדען וועגען דיעזע פראַגע, וועלכע ריהרט אָן דעם לעבענס נערוו פון מיליאָנען אידען. איך שטעל זיך נאָר אָב אויף דיעזער ערשיינונג, כדי צו אילוסטרירען, ווי עס אַרבייטען פּאָליטיקער מיט אַ ווייטען בליק, אַלץ איינס — פאָרשריטליך אָדער רעאַקציאָנער. זיי זיינען זיך מבין פאַר אַ היסטאָרישען מאָרגען, זיי זאָגען, פון זייער שטאַנד־פונקט, „דיה לצרה בשעתה“.

ביי אונז — אונזערע אָרגאַניזירטע גרופּען, וועלכע האָבען מיט רעכט אָדער אונרעכט אריינגענומען אין זייערע הענד דעם

בעטריעב פון דער אידישער פּאָליטיק, האלטען נאָך אין איין עקשנ'ען זיך, און טענה'ן אין זייער ס ו ר צ ז י כ ט י נ ק י י ט, אז מיר האָבען נאָך ניט גענוג צייט, אז עס איז נאָך ניט געקומען דער מאָמענט צו אָרגאניזירען זיך אלס א געשלאָסענע איינהייט.

לעבערליך און טרויעריג. מעהר, מעהר טרויעריג אלס לע־בערליך.

און דער סוף וועט זיין, אז אויך דיעזע אלערוויכטיגסטע פראגע פון גרעניץ־אָפּשפּארונג קאָן נאָך געלעזט ווערען דורך די השפעה פון אן איינצעלנע אידישע גרופּע, וועלכע וועט דערביי פערפאָלגען ניט די ברייטע און ווייטע פאָלקס־אינטערעסען, נור שמאָלע און ענגהערצינע גרופּען־אינטערעסען.

דאן וועט די צרה ווען זיין, וועלען קומען צולויפען אונ־זערע שתדלנים, זיי וועלען זיך בעמיהען מבטל צו זיין די גזרה.

עס וועט זיין צו שפּעט, רבותי.

11 דעצעמבער, 1915.

# אידישע פּאַרטייען און אידישע שונאים

אין דער קאָנגרעס פראגע איז ווידער איינגעטראָטען רוהע. איז דאָס מעהר ניט ווי א וואַפּענשטילשטאַנד, ווייל די געגנער זיינען אַ ביסעל מיעד געוואָרען און זיי זאַמלען נייע כחות פאר דעם נייעם קאמפּף? אָדער איז דאָס די לאַנגזאַמע נסיסה פון נאָך א שעהנעם געדאַנק, וועלכער ווערט איצט שטילערהייד געטראָגען צו זיין אייביגער רוה?

מען דארף ניט פערגעסען, אַז דער רעיון פון אַן אַלגעמיין אידישען קאָנגרעס, — פון אַן אינטערנאציאָנאַלען, — איז אבסאָלוט ניט ניי, אַז שוין ניט איין מאָל זיינען געמאַכט געוואָרען אָנשטרענגונגען צו פערווירקליכען דיעזען געדאַנק, נאָר יעדעס מאָל האָבען זיך געפונען עהרווירדיגע חברה־קדישא לייט, וועלכע האָבען זיך עוסק געוועזען מיט זיין קבורה, און שטענדיג מיט ערפאָלג. און מען קאָן זאָגען, וואָס מען וויל — עס פיהלט זיך ביי אונז א רחק אויף שטאַאטסמענער, מיר זיינען ניט געבענשט מיט צו פיעל פעהיגע פיהרער, אָבער קברנים האָבען מיר די והותר. און אונזערע פּאָליטישע קברנים האָבען אַ לאַנגע טראַדיציאָן און פערשטעהען זייער מלאָכה אויפ'ן שעהנסטען אופן. זיי האָבען אַן אויסגעארבייטעטע שיטה ווי ניט צו דערלאָזען, אַז יעדער פּלאַן, וועלכער שטעהט אין געגענזאַץ צו זייער אידיש־פּאָליטישער וועלטאַנשויאונג, — זאָל בעקומען ריסוק אברים איידער ער ווערט אָנגענומען.

די שיטה פון די קברנים בעשטעהט הויפּטזעכליך אין פּאָלגענדען:

ערשטענס — נאָך דעם אַלטען כלל: טהיילען און רעגיערען.
צווייטענס — ארויסלאָזען דעם דאַמפּף, און דריטענס — געוויינען צייט.

די קונסט פון טהיילען און רעגיערען בעשטעהט אין דעם, וואָס

מען זוכט אויס א שוואכען פונקט פון א בעשטימטען פלאן, דאס הייסט א פונקט, וועלכער קאן ארויסרופען שטרייטיגקייטען צווישען די פערשיעדענע פארטייען, און מען שטעלט אידם ארויס, דעם פונקט, גלייך ווי ער וואלט געבילדעט דעם שוועךפונקט פון דער גאנצער פראגע. אויף דיעזען פונקט טראגט מען אריבער די וויכטיגקייט פון דעם פלאן און מען זוכט אויפצורייצען די פאר־טייליידענשאפטען. דאס איז א זעהר פיינע און פסיכאלאגיש בע־גרינדעטע ספעקולאציאן אויף די מענשליכע נאטור, ווי ווייט זי שפיעגעלט זיך אב אין פארטיי לעבען. עס איז א בעקאנטע טהאט־זאכע, אז וואס נעהנטער די פאליטישע פארטייען שטעהען איינע צו דער אנדערער אין זייער פראגראם און ציעל, אלץ מעהר צייגען זיי ארויס געגענזייטיגע פיינדליכקייטען. זיי קריגען זיך איבער די איינצעלנע פונקטען, וועלכע מאכען אויס דעם אונטערשיעד צווישען זיי און פערגעסען די אייניגענדע פונקטען.

מיר דארפען ניט געהן ווייט נאך ביישפיעלען. די בונדיסטען, למשל, האבען ניט איין מאל אקצעפטירט דעם אידיש נאציאנאלען געדאנק, דאס הייסט זיי האבען אלס פארטיי אנגענומען דעם נא־ציאנאלען יסוד פאר אן אויסגאנגס־פונקט אין זייער גאנצער טהע־טיגקייט. דערמיט האבען זיי זיך צוגערוקט צום ציוניזם נעהנטער פון אלע געוועזענע אידיש־סאציאליסטישע גרופען. דערמיט האבען זיי זיך אבגעזאגט איין מאל פאר אלע מאל פון אלע אידיש־אסי־מילאטארישע גרופען. און דאך האט מען זעהר ווייניג וואס גע־מערקט פון דער בונדיסטישער מלחמה אנקעגען די אסימילאטארען. אדרבא, אין פאקטישען לעבען געהען זיי גאנץ אפט, צו אפט, מיט די אסימילאטארישע גרופען האנד אין האנד. דערפאר צייגען זיי ארויס גרויסע גבורה אין זייער קאמפף אנקעגען דעם ציוניזם, זיי קעמפפען מיט ליידענשאפט, מיט ביטערקייט און האס.

נאך נעהנטער האבען זיך צוגערוקט צום ציוניזם די טעריטאריא־ליסטען. אין דער נ א ק ע ט ע ר טהעאריע בעשטעהט גאר קיין אונטערשיעד צווישען זיי און די ציוניסטען. דער אונטערשיעד בע־שטעהט נאר אין דעם, וואס גאט האט זיי געהאלפען און זיי ניט גענעבען קיין טעריטאריע, האלטען זיי זיך פאר גרויסע מיוחסים,

ווארים כל זמן זיי האבען ניט קיין בעשטימטע טעריטאריע געהערט דאך זיי די גאנצע וועלט. דוכט זיך אין פלוג, אז אויך זיי האבען געמוזט אנווענדען זייער הויפט קראפט צו בעקעמפפען די אסימי־לאציאן, די שטרעמונג, וועלכע גראבט אונטער דעם פונדאמענט פון זייער גאנצען בנין. וואס זעהען מיר אבער אין דער פראקטיק? די טעריטאריאליסטען האלטען אין איין מלחמה פיהרען אנקעגען דעם ציוניזם. מיט די אסימילאטארען זיינען זיי דוקא זעהר פריינדליך.

צווייטענס — ארויסלאזען דעם דאמפף.

די טאקטיק פון ארויסלאזען דעם דאמפף בעשטעהט אין פאל־גענדען. עס ווערט פארגעשלאגען א פלאן. ער ענטהאלט אין זיך פיעלע פונקטען, וועלכע מען האט געקאנט אייגענטליך גלייך אק־צעפטירען אהן שום וכוחים. דאס טויג אבער ניט, דער עולם מוז האבען די געלעגענהייט אויסצוקאכען זיך א ביסעל. טרעט מען אויף נעגען דעם ג א נ צ ע ן פלאן. מען וועט נאך צייט האבען צו דינגען זיך. דערווייל קאכט זיך דער עולם ביז ער ק א כ ט ז י ך א י ב ע ר. די געגנער פון דעם פלאן טהוען דאס ניט מיט דער כונה צו ר י י צ ע ן דעם עולם, זייער כונה איז פיעל טיעפער. אויך די ענערגיע פון אן עולם איז ניט אונבעשרענקט. און ווען א גרויסער טהייל פון דיעזער ענערגיע ווערט פערברויכט אויף קאכע־ניש, בלייבט ממילא ניט פיעל איבריג פאר שאפענדע ארביים. עס געהט פשוט אויס פייער. מען ווערט מיעד און אבגעמאטערט.

דריטענס — געווינען צייט. דאס איז א ריין ביוראקראטישעס מיטעל. מאכען א נדחה׳לע, און נאט וועט שוין העלפען.

די אלע דריי מעטהאדען, פון טהיילען און רעגיערען, פון ארויס־לאזען דעם דאמפף און פון געווינען צייט, זיינען אנגעווענדעט גע־ווארען אין דער קאנגרעס פראגע. און ווער וויים? עס קאן זיין, אז די געגנער פון דער קאנגרעס־אידעע וועט זיך אויך איצט איינ־געבען מבטל צו זיין דעם גאנצען פלאן. און עס וועט זיי זיך געוויס איינגעבען, ווען די איינצעלנע אידישע פארטייען, וועלכע זיינען איינפערשטאנדען מיט דעם גרונד־געדאנק פון א אידישען קאנגרעס, וועלען, אנשטאט צו פעראייניגען זיך אויף דער באזיס פון דעם גרונד־געדאנק און אנפיהרען די אטאקע אנקעגען דעם פ ר י נ צ י־

פ י ע ל ע ן שונא, זיך אויך ווייטער פערנעהמען מיט קליינע צאנ־קערייען און קלײנליכע סכסוכים וועגען די פרטים.

מיר שיינט, אז די אידיש־פאָליטישע שטעלונג פון די אידען אין פוילען, וועלכע ווערט איצט ניי געשאפען, האָט נעדאַרפט עפענען די אויגען אלע אידישע נאַציאָנאַל־געזינטע פארטייען און פער־אנלאַסען זיי, אז זיי זאָלען זיך ערנסטער פערהאלטען צו די פאָדע־רונגען פון איצטיגען מאָמענט.

אין פוילען האָבען די אידען צונעבראכט די לעצטע דורות צווישען דעם רוסישען האמער און דעם פוילישען קלאָטץ. איצט ווערט איבערגעביטען דער האמער, דער קלאָטץ בלייבט. און ווען די אידישע בעפעלקערונג: ציוניסטען, טעריטאָריאַליסטען און בונ־דיסטען, זוכען אויפצוקלעהרען די נייע רעגיערונג און פערלאנגען פון איהר, אז זי זאָל זיך צוהערען צו די פאָדערונגען פון די אידישע מאסען און זאָל ניט שאפען פאר זיי א נייע אונערטרעגליכע לאגע פון דעם שעיר לעזזאל צווישען דעם נייעם הערשער און דער היימי־שער בעפעלקערונג, קומען די אָרגאניזירטע א ס י מ י ל א ט אָ ־ ר ע ן און ערקלעהרען דער רעגיערונג פון זייער זייט, אז זי זאָל זיך ניט צוהערען צו די בקשות פון די ציוניסטען... די אידען ווילען גאָר ניט האָבען קיין אייגענע שולע, זיי האָבען לאנג מוחל געווען אויף זייער אייגענע שפראכע און אז. וו., נאָך דעם אלטען נוסח פון די פיהרער־פערפיהרער.

דאָס איז מעהר ניט ווי די התחלה אויף דעם וועג פון דער אי־דישער בעפרייאונג אין מזרח איירופא. און ווען די אידישע פאָלקס־כחות זאָלען אויך איצט בלייבען אונאָרגאניזירט, וועלען מיר זוכה זיין צו א צווייטער, פערמעהרטער, אָבער פערשלעכטעטער אויפלאגע פון אונזער עמאנציפאציאָן.

זאָל די לאגע אין פוילען און די נייע פערברעכערישע האנד־לונג פון די אידישע אסימילאטאָרען דינען אלס ווארנונג פאר אלע אידישע פארטייען, וועלכע מיינען עס ערנסט מיט אונזער נאציאָ־נאלער ענטוויקלונג. זאָל זי אויך דיענען אלס ווארנונג אין דער קאָנגרעס־פראגע און זאָלען שוין אויפהערען אויף א ווייל לכל הפחות די אידישע נאציאָנאליסטען צו בעשעפטיגען זיך מיט זייערע

פארטיי חשבונות. הינטער דעם אידישען פאָלק און אויך אין זיין אייגענער מיטע לויערט דער אלגעמיינער שונא, דער פ ר י נ צ י ־ פ י ע ל ע ר געגנער פון יעדעם אידישען אויפלעבונגס־געדאנק, אין וועלכער פאָרם ער זאָל זיך ניט אויסגיעסען.

17 דעצעמבער, 1915.

# מלוכה, מדינה, פאָלק און נאַציאָן

די מלחמה וועט דורך איהרע ערנסטע רעזולטאַטען צווינגען די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט אומצולערנען אין פיעלע הינזיכטען די אַלטע תורה מכּח מלוכה, מדינה, פאָלק און נאַציאָן. פיעלע הנחות, וועלכע זיינען ביז איצט בעטראַכט געוואָרען אַלס אמת׳ע און ראַ־בען געבילדעט דעם פונדאַמענט פון די אינטערנאַציאָנאַלע בעצי־הונגען, וועלען מוזען פערוואָרפען ווערען, און פיעלע נייע אמת׳ען וועלען פערנעהמען דעם פּלאַץ פון די אַלטע. אויך די צוזאַמענגע־זעצטע מדינות, די נאַציאָנאַליטעטען־שטאַאַטען, וועלען מוזען רע־ווידירען זייער אַלטע רעגיערונגס־שיטה און שאַפען נייע כּללים, כּדי צו רעגולירען דאָס פערהעלטניס צווישען די פערשיעדענע פעלקער־שאַפטען. דער נאַציאָנאַלער פּרינציפּ, וועלכער איז געטראָטען גע־וואָרען מיט די פיס פון פיעלע הערשער, וועט נאָך דער מלחמה מו־זען פערנעהמען אַ בּכבוד׳יגען פּלאַץ, דעם פּלאַץ פון אַ ווינקעל־שטיין אין דעם צוקינפטיגען פעלקער בנין. די הערשער און אפילו די זיעגער וועלען מוזען איינגעהן אויף הנחות. די מלחמה האָט זיי צו קלאָר בעוויעזען דעם אונטערשיעד צווישען אַ פריינדליך אָדער פיינדליך געשטימטע בעפעלקערונג, דעם ווערט פון סימפּאַטיע און אַנטיפּאַטיע, ווען עס ברעכט אויס אַ וועלט־קאָנפליקט.

דערווייל אָבער, איידער די מלחמה האָט זיך געענדיגט און איידער עס האָבען זיך אויסקריסטאַליזירט די צוקינפטיגע בעצי־הונגס־יסודות פון מדינה צו מדינה און פון פאָלק צו פאָלק, האָט זיך איבער דער גאַנצער וועלט פערברייט דער אונשעהנער, אונהומאַ־נער און רעאַקציאָנערער שאָוויניזם, וועלכער ווערט אויסגענוצט פון די געגנער פון נאַציאָנאַלען געדאַנק אַלס בעוויז, אַז דער נאַ־ציאָנאַליזם ברענגט מיט זיך האַס און פיינדשאַפט, וועלכער איז

אָבער אין דער ווירקליכקייט ניט מעהר ווי די ע נ ט א ר ט ו נ ג פון דעם ריינעם, געזונדען, פרינציפּיעלען נאַציאָנאַליזם.

און אין נאָמען פון דיעזען שאָוויניזם קומען די הערשער אָדער די הערשענדע גרופּען און פּאַרטייען, אַז די שוואַכערע נאַציאָנאַלע גרופּען זאָלען זיך אָבזאָגען פון זייער „איך" און זיך פערשמעלצען. און אונטער „זיך פערשמעלצען" פערשטעהען זיי ניט אַן אויס־מישונג פון פערשיעדענע עלעמענטען צו א נ י י ע ר איינהייט. נייין, אונטער „זיך פערשמעלצען" פערשטעהען זיי פּשוט די נ י י ס־ ט י נ ע א ו נ ט ע ר י אָ כ ו נ ג פון די פּאָליטיש שוואַכערע גרו־ פּען צ ו ל י ע ב די שטאַרקערע. זיי ווילען ניט, אַז עס זאָל פּאַר־ קומען אַ שותפות'דיגער פּראָצעס פון געגענזייטיגע קאָמפּראָמיסען. נייין, ז י ך בעטראַכטען זיי אַלס אַ פּאַרטיגען מ ו ס ט ע ר: כזה ראה וקדש. זיי זיינען די טענצער, די אנדערע זאָלען נאָכטאַנצען, זיי זיינען די פּאָלקאָמענהייט, זיי ברויכען זיך ניט מעהר צו ענ־ דערן, די אַנדערע זיינען מחויב נאָכצוקוקען און נאָכצומאַכען.

פון דיעזער פּאָדערונג מוז ארויסקומען אַן ערנסטער קאָנ־ פליקט, ניט נאָר צוליעב דעם אומ־יושר, וואָס זי ענטהאַלט אין זיך, נאָר צוליעב דער א ו נ מ ע ג ל י כ ק י י ט פון איהר פער־ ווירקליכונג פון שטאַנדפּונקט פון דער נאַטירליכער היסטאָרישער ענטוויקלונג. די איינצעלנע דורות זיינען לחלוטין ניט סאָווערען, דאָס הייסט זיי האָבען ניט די שליטה צו בעשטימען זייער אייגענעם פּ ר צ ו ף, ווייל יעדער דור איז אַ ג ע ג ע ב ע נ ע ר ה י ס ט אָ־ ר י ש ע ר פּ ר אָ ד ו ק ט. יעדער דור האָט זיינע עלטערן, און ער ווערט געבאָרען מיט אַ פּאַרטיגער ירושה, ער איז ניט זעלבסט־ שטענדיג, ער איז מעהר ניט ווי אַ פּאָרטזעצונג. ער קומט אויף דער וועלט מיט אַ פּאַרטיגער פיזיאָגנאָמיע און כאַראַקטער. און ווי דער דור זאָל ניט זיין פריי אין דער שאַפונג פון זיין צוקונפט, איז ער אָבער געבונדען מיט אַ פערגאַנגענהייט, וועלכע קאָן ניט מעהר געענדערט ווערן. ווען מיר זאָלען אָבער האָבען די מעגליכקייט צו אַנאַליזירען די איינצעלנע דורות, וועלען מיר אויסגעפינען, אַז די פערגאַנגענהייט לעבט אין י ע ד ע ן דור פיעל שטאַרקער ווי די צוקונפט. דער מענש אין אַלגעמיינעם בעשטעהט פון זיין חלקים

פערגאַנגענהייט און איין חלק צוקונפט. זיין „איך“ קאָן ער אי־בערגעבען אונמיטעלבאַר נאָר איין דור, אין זיך אָבער טראָגט ער דעם סך הכל פון דעם פיעל דורות'דיגען איך.

דעריבער, ווען מיר זאָלען שוין זאָגאר אָננעהמען, אז די אסי־מילאציאָן איז מ ע ג ל י ך און ווען מיר זאָלען ניט אריינגעהן אין איהר ריין עטהישען ווערטה — אויך דאן קאָנען מיר נאָר רע־דען פון אן אסימילאציאָן אין דער צוקונפט. קיין מאָל אין לעבען קאָן אָבער ניט שטאטפינדען אן אסימילאציאָן מיט ר י ק ו ו י ר ־ק ע נ ד ע ר ק ר א פ ט. מיר קאָנען מקריב זיין די קינדער, מיר קאָנען אָבער ניט אומענדערען אונזערע זיידעס. מיר קאָנען רע־פאָרמירען אונזערע טעמפּלען אָבער ניט דעם אַלטען בית־עולם. דערפון איז געדרונגען, אז די אסימילאציאָן, ווען זי איז איבער־הויפּט מעגליך, קאָן ניט פערווירקליכט ווערען שנעל, און עס איז מעהר ניט ווי נאאיוו, ווען מען גלויבט, אז זי' העננט אָב נור פון אונזער גוטען ווילען. זי מוז מבטל זיין דעם איינפלוס פון אונ־צעהליגע דורות, זי מוז שטיקלעכווייז אָברייסען חלקים פון א בע־שטימטען „איך“ און פערבייטען זיי מיט אנדערע חלקים, און דאָס מוז לאנג דויערען, בפרט נאָך ווען מען האָט צו טהאָן מיט אן „איך“, וועלכער האָט הינטער זיך א לאנגע מסורה.

די וואָס טרעטען אָבער אויף מיט דער שאָוויניסטישער פאָ־דערונג, אז די פּאָליטיש שוואכערע גרופּען זאָלען זיך אונטערגעבען, זיינען ניט צופריעדען מיט א הבטחה צו אסימילירען זיך אין דער צוקונפט. זיי פערלאַנגען, אז די שוואכערע גרופּען זאָלען א ו י ס מ ע ק ע ן זייער אייגענע פערגאַנגענהייט, זיי זאָלען זיך בעטראכטען ו ו י נ י י ־ ג ע ב אָ ר ע נ ע, אָדער נאָך מעהר — זיי זאָלען אָננעהמען א פרעמדע פערגאַנגענהייט, די פערגאַנגענ־הייט פון דער הערשענדער גרופּע. מיט אנדערע ווערטער — זיי זאָלען זיך אליין פערלייקענען, אָבזאָגען זיך פון זיך אליין. זיי טרע־טען אויף מיט אזא פאָדערונג, ווייל זיי ווייסען, אז כל זמן די פער־גאַנגענהייט איז ניט א ו י ס ג ע ר י ס ע ן מ י ט ד י ו ו אָ ר צ ל ע ן וועט זי שטענדיג שטערען ביי דעם אסימילירונגס־פּראָצעס.

שטעלען אזא פאָדערונג בעדייטעט פערלאַנגען עטוואָס, וואָס געהט אנקעגען די געזעצען פון יעדער נאַטירליכער ענטוויקלונג, און דעריבער איז זי פון היסטאָרישען שטאַנדפּונקט מעהר ניט ווי לעכערליך. זי טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּעל פון אַ פּאָליציי־ליכער פעראָרדנונג און אַלע סימנים פון אַ דונקעלער רעאַקציאָן. די רוסישע רעגיערונג האָט געקאָנט שטעלען אזעלכע פאָדערונגען, אָבער ניט אַ פערנינפטיגע און פאָרטגעשריטענע רעגירונג. ווען דער רוסישער פּאָליציימאַן האָט בעקומען אַ בעפעהל, פונאַנדערצוטרייבען דאָס פובליקום, פלעגט ער זעהר אָפט בעפאַלען אויף דעם איינ־צעל שפּאַציערענדען און שרייען אויף איהם מיט כעס, ער זאָל זיך פ ו נ א נ ד ע ר ג ע ה ן. פאר דעם רוסישען פּאָליציימאַן איז ניט געווען קיין תירוץ, אז אליין מיט זיך קאָן מען זיך ניט פונאַנדער־געהן.

אָבער אויסערדעם, וואָס אזא מין פאָדערונג איז ניט קלוג מחמת איהר אונדורכפיהרבארקייט, ענטהאַלט זי אין זיך אויך אַ געפעהר־ליכען מאָמענט: זי ערציהט דעם בירגער צו פאַלשקייט, זי צווינגט איהם צו זיין אונעהרליך, צו בעהאַלטען עטוואָס, וואָס געהערט צו זיין נאַטור. און צו בעריהמען זיך מיט עטוואָס, וואָס ער בעזיצט ניט. דאָס געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע לעבען ווערט דורכגע־דרונגען מיט אַ פאַלשער נאָטע, עס פיהלט זיך אומעטום עטוואָס געמאכטעס, אונאויפריכטיגעס.

און צוליעב נאָך אַ טעם איז אזא פאָדערונג געפעהרליך. זי פערלאַנגט, אז מענשען זאָלען זיך אָבזאָגען פון זייער פערגאַנגענ־הייט צו גונסטען פון דער מדינה, וואו זיי לעבען איצט. צוגע־געבען, אז דאָס איז מעגליך און די מענשען האָבען זיך אָבגעזאָגט פון זייער פערגאַנגענהייט און האָבען צו איהר מעהר קיין שום שייכות ניט. די מדינה איז מיט זיי זעהר צופריעדען. די פער־העלטניסע קאָנען זיך אָבער דאָך ענדערן, און די מענשען, וועלכע לעבען היינט אין איין מדינה, קאָנען מיט דער צייט לעבען אין אַן אנדער מדינה. דאַן וועט די איצטיגע צוקונפט שוין אויך זיין אַ פערגאַנגענהייט, און בלייבענדיג טריי צו דער נייער מעטהאָדע, וועד לען זיי מוזען אויסרייסען די נייע פערגאַנגענהייט צו גונסטען פון

דער נייער מדינה. אויף אזא אופן ווערט געמאכט א פרינציפ פון א פאָליטישער צ ו ל אָ ז ע נ ק י י ט, און די גאַנצע מענשליכע טראדיציאָן, אין העכסטען און ערעלסטען זינען פון וואָרט, ווערט בעטראכט עפּעס ווי א מין מאָדע ארטיקעל, וואָס היינט בענוץ איך איהם און מאָרגען וואַרף איך איהם ארויס.

איך גלויב אָבער, אז דער גאַנצער שאָוויניסטישער טומעל איז מעהר ניט ווי א מלחמה טומעל. אין דער מלחמה צייט האָבען זיך צומישט די רעיונות, דאָס מעגליכע מיט דעם אונמעגליכען, דאָס ריכטיגע מיט דעם פאלשען, דאָס עטהישע מיט דעם אונעטהישען.

עס וועט זיך אויסלייטערען דער פּאָליטישער האָריזאָנט, יועט אויך דער מענש אָנהויבען קלאָרער צו דענקען.

19 דעצעמבער, 1915.

# די אמאָליגע און היינטיגע אַסימילאַציע

צו וואָס די קאָנזעקווענטע אסימילאציאָן קאָן פיהרען, וואָס פאר א שטעלונג זי מוז אננעהמען, ווען זי וויל ניט בלייבען אונטריי זיך אליין, צו די וויכטיגסטע אידישע פּראָבלעמען, קאן מען גראד איצט בעאבאכטען ביי דעם נייעסטען צוזאמענשטויס פון די איינצעלנע גרופּען־אינטערעסען מיט די גרויסע מאסען־אינטערעסען. און וויי־דער איז דאס א צוזאמענשטויס צווישען מזרח און מערב. קיין אב־סטראקטער אידעען־צוזאמענשטויס, וועלכער בעהערשט אונזער גאנצע ווירקליכקייט אין די לעצטע דרייסיג יאָהר, נאָר א פּשוט'ער קאָנקרעטער צוזאמענשטויס צווישען די אינטערעסען פון א הייפע־לע אידען אין מערב אייראָפּא און פון די פּויליש־אידישע מאסען.

איך רעד פון א הייפעלע אידען, ווייל ווער עס קאָן נאָר די סאָ־ציאלע סטרוקטור פון דער דייטשער יודענהייט, איהרע שטרעמונגען און בעציהונגען צו דער אַלגעמיינער אידישער פראגע, מוז מודה זיין, אז אפילו אין דייטשלאנד קאן מען ניט רעדען פון אן איינהייט־ליכער יודענהייט און פון א הערשענדער, דאמינירענדער שטרעמונג. דער אלטער דור, ווי ווייט ער איז ניט רעליגיעז־קאָנסערוואטיוו און איז דורך טראדיציאן ניט געצוואונגען צו בעטראכטען זיך אלס חלק פון כל ישראל, געהערט ניט מעהר צו די אסימילאנטען, ער געהערט שוין צו די אסימילירטע. דאס הייסט, ער האָט שוין דערגרייכט דעם העכסטען פונקט פון דעם אנפּאסונגס־פּראצעס, וועלכען ער האָט דורכגעמאכט אה הפסקות אין לעצטען יאהרהונ־דערט. דער אלטער דור בעשטעהט שוין פון אידען אָהן פראגען. זייער וועג איז קלאר פאר זיי. זיי האָבען ניט מעהר צו ליידען פון ספקות און אינווענינסטע מלחמות. זיי בעטראכטען זיך אלס בע־פארצוגטע, אלס אידען, וואס האָבען געהאט דעם מזל אריינצודריי־נען אין די גרויסע, מעכטיגע, עקאָנאָמיש־פעסטע און קולטור רייי־

כע דייטשע משפחה. זיי פערדריסט נאָר וואס זייערע עלטער זיי־
דעם און זיידעס האָבען געהאט אַ צו ענגען האָריזאָנט און זיינען ניט
געוועזן געוואוינט צו פערשפּאָרען זייערע אָוראייניקלעך די
איבעריגע טרחה פון אויסטענה׳ן זיך מיט די שכנים וועגען זייער
ניט־אידישקייט. און פיעלע פון זיי, פון די פארשטעהער פון דעם
עלטערן דור, זוכען גוט צו מאכען דעם פעהלער פון זייערע זיידעס,
זיי זוכען צו פערבעסערען די געבורטס־עולה, ווי זיי רו־
פען דאס אָן. הונדערטע און אפשר טויזענדע פון עלטערען שמד׳ן
אָב יאהר אויס יאהר איין זייערע קינדער גלייך ביי דער געבורט.
אדער שפּעטער, ווען די קינדער זיינען נאָך שטום מקיים די מצוה
פון כבוד אב ואם און פּראָטעסטירען ניט אפילו אנקעגען אַ צו קאל־
טע וואַנע.

אן ערך מיט פינף און צוואנציג יאהר צוריק האָט זיך אנגע־
הויבען אַ געהרונגס־פּראָצעס אויך אין דער דייטשער יודענהייט.
דורך די נאָך אנאנדער פאלגענדע גזרות אויף דער אידישער יוגענד
אין רוסלאנד, האָט זיך אריינגעגאסען כמעט מיט עלעמענטארער
קראפט אַ מעכטיגער אידישער שטראם פון מזרח אין מערב. די
דייטשע אוניווערזיטעטען און האָכשולען זיינען מיט אמאָל פער־
פלייצט געווארען פון טויזענדע אידישע תלמידים פון רוסלאנד און
פוילען. צווישען די רוסיש־פּויליש־אידישע סטודענטען האָבען זיך
געפונען פיעלע מיט שטארקע נאטורען און מיט אן אויסגעשפּראכע־
נער אידיש־נאציאָנאלער וועלט־אנשויאונג. דער ציוניזם אלס פּאר־
טיי־לאָזונג האָט נאָך ניט עקזיסטירט, דער נאָמען „חובבי ציון“
האָט עפּעס ניט אזוי שטארק געצויגען צו זיך די יוגענד. דאָך קאן
מען בעהויפּטען, אז שוין אויף דענסטמאָל האָבען כמעט אלע אידי־
שע נאציאָנאליסטען מודה געווען אין דעם נאציאָנאליסטישען פּרינ־
ציפּ, און ווען מען האָט גערעדט פון אַ לאנד, האָט מען דערונטער
פערשטאנען אַ בעשטימטען לאנד.

אמת, דער פּיעל גרעסערער טהייל פון די רוסיש־פּויליש אידי־
שע סטודענטען איז צו יענער צייט בעשטאנען פון יונגע לייט, וועל־
כע האָבען געהאלטען אין איין דערווייטערען זיך פון דער אידישער
וועלט מיט איהרע אינטערעסען און פּראָבלעמען, נאָר זיי האָבען

ניט געהאט קיין שום השפעה אויף דער פרעמדער סביבה, וואו זיי איז אויסגעקומען צו ווירקען. דאנעגען האָבען די נאציאָנאל גע־זינטע זיך בעמיהט מיט אלע כחות אריינצודרינגען אין די אידיש־דייטשע קרייזען און אריינצוטראגען אין זיי די אידעע פון דער אי־דישער פאלקס־אויפלעבונג. דער טעם איז פשוט. די ערשטע מא־כען דורך א צוברעקלונגס־פראצעס, די לעצטע זוכען פעראייניגונג. די ערשטע האָבען ניט אנקעגען וואָס צו פּראָטעסטירען, ווען זיי זע־הען, אז די אידיש־דייטשע סטודענטען האלטען זיך פון זיי ווייט און ווילען מיט זיי ניט קומען אין בעריהרונג. די לעצטע, אנהענגער פון דער אידישער איינהייט, האָבען פון זייער ערשטער בעקאנט־שאפט אָן מיט דער נייער סביבה געקוקט מיט בעדויערן און פּראָ־טעסטירענדע געפיהלען אויף די אונגאטירליכע פרעמדקייט, וועלכע זיי האָבען געמערקט זייטענס דער אידיש־דייטשער סטודענטישער יוגענד. און מיט דעם גאנצען כח פון אינערליכער ענטריסטונג האָ־בען זיי זיך א וואָרף געטהאָן מלחמה צו האלטען אנקעגען די אייזערנע מחיצה, וואס טהיילט אב א אידען פון א אידען.

די מלחמה איז געווען זעהר א שווערע, און לאנג לאנג האָט עס געדויערט ביז עס האָט זיך איינגעגעבען דורכצוברעכען די אסי־מילאטאָרישע וואנד און געווינען אייניגע נפשות פון „י ע נ ע ר ז י י ט“. אבער דאס איז געשעהען, און פון יענער צייט אָן הויבט זיך אן א ניי קאפיטעל אין דער ענטוויקלונגס־געשיכטע פון דער אי־דיש־דייטשער יוגענד. ניט דא איז דער אָרט אבצושטעלען זיך אויף די פּרטים פון דיעזער ענטוויקלונג. עס איז גענוג צו זאָגען, אז ביי דעם אויסברוך פון דער מלחמה האָט ד י י ט ש ל א נ ד געהאט די בעסטע, נאציאָנאל־בעוואוסטעסטע, ווידערשטאנדס־פעהיגסטע אידישע יוגענד.

דער קאנטראסט צווישען דעם עלטערן דור און דעם יונגען האָט זיך אלץ מעהר און מעהר פערמעהרט, דער אָבגרונד צווישען זיי איז געוואָרען אלץ טיעפער און טיעפער, דער מיטעלערער דור, וועלכער איז געצויגען געוואָרען פון צוויי ענטגעגענגעזעצטע שטרעמונגען, האָט זיך אויך אנגעהויבען שטארק צו ב ע ו ו ע ג ע ן. דער זיידע

און דער איינציקער האָבן זיך אנגעהויבן ארומצושלאָגן וועגן דעם מאַטען. יעדער האָט איהם געריסען צו זיך.

און איך גלויב, אז דערזעלבער צושטאנד הערשט נאָך אויך איצט אין דער דייטשער יודענהייט. די מלחמה האָט דאָרט צו־שטערט די צאָהל פון די צדדים אבער ניט די פּראָפּאָרציאָן פון זייע־רע כחות. נאָך אלע ידיעות, וועלכע דערגרייכען אונז, קאָן מען זעהן, אז די דייטש־אידישע נאַציאָנאַלע יוגענד איז נאָך איצט פעסט אָר־גאַניזירט און העלפט, עס מוז געזאָגט ווערען צו איהר כבוד, צו קעמפפען פאר די אינטערעסען פון דער אידישער אלגעמיינהייט קעגען ווילען פון איהרע זיידעס און טאַטעס.

דאס שלימע דערביי איז נאָר, וואס די פיהרערשאפט געפינט זיך נאָך לעת עתה, — ווי אומעדום, אין די לענדער פון דער אידי־שער עמאַנסיפּאַציאָן, — אין די הענד פון די אסימילירטע זיידעס. און די אסימילירטע זיידעס האָט ביז איצט געהאָלפען ערשטענס די השגחה און צווייטענס די פּרייסישע רעגיערונג. די השגחה האָט זיי געהאָלפען, וואָס זי האָט פערטהיילט די אידען מיט גרויס גנאָד, — פון שטאנדפּונקט פון דער אידיש־דייטשער אסימילאציאָן, — און געגעבען דייטשלאנד נאָר א קליינעם חלק פון אידישען פאָלק. די פּרייסישע רעגיערונג האָט דורך איהרע גזרות און גזרות לגזרות שטאַרק געזאָרגט, אז דער קליינער חלק זאָל חלילה ניט פער־גרעסערט ווערען דורך א צושטראָם פון מזרח.

האָבען זיך די זיידעס אזוי געלעבט בשלום, אָהן שרעק און מורא פאר זייער און זייערע קינדערס צוקונפט. זיי האָבען געפיהרט א שטענדיגע ביטערע און ערביטערטע מלחמה אנקעגען די אידיש־נאַציאָנאַלע שטרעמונג, וואס קומט פון מזרח. זיי האָבען אבער גע־גלויבט, אז די השגחה וועט זיי אויך ווייטער איינהיטען פון קאַ־טאַסטראָפען, זיי וועלען ניט האָבען צו טהאָן אלס אונמיטעלבאר פעראינטערעסירטע מיט די פּראָבלעמען פון די אידישע מאַסען. זיי האָבען בשום אופן ניט געקאָנט ערוואַרטען, אז דער מזרח אייראָפּא וועט זיך צורוקען צום מערב.

דא איז געקומען די מלחמה, און עס איז געשעהען דאס, וואס האָט געקאָנט געשעהן. ניט דער מזרח צום מערב האָט זיך גערוקט,

נאָר דער מערב האָט דערוווייל איינגעשלונגען א שטיק מזרח, און אין דעם איינגעשלונגענעם שטיק זיינען פערכאַפּט געוואָרען אייניגע מי־ליאָן אידען...

און די אסימילירטע יודענהייט אין דייטשלאַנד לעבט איצט דורך איינעם פון איהרע גרעסטע קאנפליקטען. אלס דייטשע פרעָ־העָן זיי זיך איבער יעדען דייטשען נצחון, אלס אסימילירטע אידען אבער ציטערן זיי פּשוט פאר די מזרח נצחונות, זיי ציטערען פיעל מעהר פאר די עכטע דייטשען. די עכטע דייטשען האָבען נאָר אפשר מורא פאר די נייע פרעמדע עלעמענטען, די אסימילירטע אידען אי זיי האָבען מורא, אי זיי שעמען זיך. און אין זייער בעשעמטהייט האָבען זיי אליין פערלאָרען די חרפּה און די בושה און אנגע־הויבען אַזוי צו שילדערען און כאַראַקטעריזירען די מזרח־אידישע בעפעלקערונג, אז פיעלע אנטיסעמיטישע שרייבער מאָגען זיי מקנא זיין.

און מיר, מיר אלע, זיינען איצט עדות פון איינע פון די טרויע־ריגסטע ערשיינונגען פון אונזער גלות לעבען. קליינע, אונבעדייטענ־דע אידישע גרופּען נוצען אויס די אונאָרגאַניזירטהייט פון די אידישע מאַסען און בעדעקט מיט אייבּיגער שאַנדע ניט נאָר זיך אליין, נאָר דעם אידישען נאָמען. אידישע געלעהרטע מיט דעם פּראָ־פעסאָר־טיטעל, פיהרער פון געמיינדען און חברות מאַכען אויפמערק־זאַם זייער אייגענע רעגיערונג אויף די סכנה, וואָס שטעקט אין די מזרח־אידען, און בעטען ביי דער רעגיערונג רחמים, אז זי זאל זיי ניט צולאָזען צו פרייער בעוועגונג, צו פרייער ענטוויקלונג.

קיינער האָט ניט געקאָנט ערוואַרטען, אז די אסימילאציאָן וועט ארויסטרעטען אזוי נאַקעט, אפילו אָהן א פייגענבלאַט צו בעדעקען די שאַנדע.

10 מערץ, 1916.

# נאָהענטע און ווייטע

דער שטרענג גלויביגער לעבט אין צוויי וועלטען. זיינע געדאַנ־קען בעוועגען זיך אין די צוויי גרויסע אידעען־קרייזען פון „עולם הזה“ און „עולם הבא“. צווישען דיביידע וועלטען איז אבער פאר דעם גלויביגען ניטאָ קיין מחיצה, זיי זיינען ניט סותר איינע די אנדערע. ד י וועלט איז פאר איהם מעהר ניט ווי א „פרוזדור“, א פּאָרהאַלע פון דעם וואונדערבארען, פון דעם אבגלאַנץ פון דער שכינה אליין בעלייכטעטען „טרקלין“ — דער פאלאַץ, וואו די פרומע לעבען און געניסען די אייביגקייט נאָכדעם ווי זיי געהען דורך דעם פרוזדור. די אייביגקייט איז לאנג. זי ציהט זיך פון „פאר'ן אָנפאנג“ און געהט ביז „נאָכ'ן סוף“, און דאָ, אויף ד ע ר וועלט, ווערען געמאכט נאָר די הכנות, כדי אויפגענומען און איינגעשלונ־גען צו ווערען אין איהר אונענדליכען שטראָם. דאס זיינען ניט צוויי בעזונדערע וועלטען מיט בעזונדערע לויפענדע ערשיינונגען, וועלכע פיהרען צום מיט־זיך־צווייפעל־ברעננענדען דואליזם אָדער פאראַלעליזם, דאס איז די הארמאָנישע פערשמעלצונג פון דעם חלק מיט דעם גאנצען, דאָס אויפגעהן פון דעם מאָמענטאַנען אין דער אייביגקייט.

און עס איז אבסאָלוט פאלש, ווען מען דענקט, אז דיעזער גלויבען אין צוויי וועלטען, נאָכמעהר — דיעזעס לעבען אין צוויי וועלטען כאראַקטעריזירט נאָר די רעליגיעזע זייט פון דער מענשלי־כער נשמה, גענומען אין וואָכעדיגען זין פון דעם בעגריף „רע־ליגיאָן“. דער „עולם הבא“ געדאַנק איז די טרייבענדע קראַפט. פיעל מעהר — די א י י נ צ י ג ע טרייבענדע קראַפט פון דעם פיעלזייטיגען מענשליכען שאַפען אויף א ל ע געביטען, וואו דער אייביגער גייסט אָדער דער גייסט פון דער אייביגקייט ענטפּלעקט זיך אין די ווערק פון די מענשען. נעהמען מיר די עכטע קונסט־

ווערק, זאל עס זיין א בילד, א סטאטוע, א געדיכט אדער א מעלאָ־
דיע, געפינען מיר אין זיי נאָר אזוי פיל קונסט, אויף וויפיל זיי טראָגען אין זיך די אידעע פון דער אייביגקייט, אויף וויפיל עס שפיגעלט זיך אין זיי אָב דאס צייטליכע ניט אלס עט־וואס בעגרענצטעס, נאָר אלס עלעמענט פון דער אונענדליכקייט.
דער אמת'ער קינסטלער, ווי דער אמת'ער גלויביגער, קאָן זיך ניט בענוגענען מיט דעם צייטליכען, פאראיבערגעהענדען, פערגענגלי־כען און צום סוף פערשווינדענדען. דער איינצעלנער מאָמענט, ארויסגעריסען פון זיין צוזאמענהאנג, ווי שטארק ער זאל ניט זיין, קאָן נאָר רייצען אויף א ווײַלע. איהם צו בעפעסטיגען, דעם איינ־צעלנעם מאָמענט — דאס קאָן אויך דער ט ע כ נ י ק ע ר. ער, דער קינסטלער, האָט גרעסערע אמביציאנען. ער טראגט אין הארצען א גרעסערען פערלאנג. ער ציעלט זיך צו „השארת הנפש". צוערשט פאר זיין ווערק און ערשט דורך זיין ווערק פאר זיך אליין. זיין וועלט איז די נשמות־וועלט, אדער די נשמה פון דער וועלט. זיין גאָט איז אונענדליך אין זיין ערהאבענהייט, און ער דיענט איהם מיט ליעבע און פרייד, מיט בעגייסטערונג און היינגעבונג, אבער „ניט ווי דער קנעכט, וואס דיענט זיין הערן, כדי צו בעקומען בע־צאָהלט". און בשעת ער דיענט זיין גאָט, שאפט ער, און עטוואס פון דעם אייביגען בלייבט רוהען אויף זיין ווערק.

א פאָלק, אין זיין געזאמטהייט, איז ש ט ע נ ד י ג גלויביג. א פאָלק, אין זיין געזאמטהייט, בענוגענט זיך קיין מאָל ניט מיט „עולם הזה" אליין. שוין דער בעגריף „פאָלק" ענטהאלט אין זיך עטוואָס הייליגעס. עס שטאמט פון דער אייביגקייט, וועלכע גליט־דערט אָן א דור צו א דור און א תקופה צו א תקופה, און א פאָלק, וואָס הערט אויף צו שאפען פאר זיין א י י ג ע נ ע צוקונפט, פאר די קומענדע דורות, פערלייקענט זיך אליין. א פאלק — דאס איז דאס העכסטע קונסט ווערק פון דעם היסטאָרישען פראצעס, אין דער זעלבער צייט אבער איז דאס פאָלק דער גרעסטער קינסטלער און געשטאלטער פון דער מענשליכער ענטוויקלונג. כל זמן די איינ־צעלנע זיינען געווען נאָר איינצעלנע האָבען זיי געלעבט אין דעם צייטליכען, און זייער שאפען און ווירקען האָט זיך אויסגעלעבט אין

און אויסגעשעפּט מיט דעם מאָמענט. דער איינצעלנער איז גע־וועז צו בעגרענצט און צו שוואַך תופס צו זיין די עבינקייט. ערשט דאס פאָלק, ווי קליין עס איז ניט געווען אין אנפאנג, האָט געמאכט דעם ערשטען שפּרונג פון טעבניק צו קונסט, פון ערדישען צום הימ־לישען, פון עולם הזה צו עולם הבא. ערשט דאָס פאָלק האָט אָנגע־הויבען בליקען ווייט אין די צוקונפט, „ביז צום סוף פון די דורות" און אריינדרינגען הינטערן פאָרהאנג, אין דעם סוד פון דער אייביג־קייט.

און ווען א פאלק הויבט אָן אויפצוהערן אין די דאגות פאר'ן „היינט" און קימערט זיך ווייניג פאר דעם „מאָרגען" — איז דאס דער ערשטער סימן פון א גייסטיגער ירידה. פעלקער, וועלכע פער־ליערען דעם גלויבען אין די אייגענע צוקונפט, האָבען זיך אליין פערלאָרען. דיזע שאפענדע קראפט ווערט שוואַך און זיי אליין הויבען אָן צו זינקען און אונטערצוגעהן, ביז זיי פערשווינדען אין גאנצען פון האָריזאָנט. אזוי לעזען מיר אָפּט אין דער געשיכטע פון פערשוואונדענע פעלקער. אין אמת'ן אבער איז עס פער־קעהרט: ווען א פאָלק ווערט שוואַך און מיעד און האָט ניט מעהר קיין כח צו שאפען, פערליערט עס דעם גלויבען אין די אייגענע צו־קונפט. די אינערע שוואכקייט איז די סבה און דער פערלאָרענער גלויבען איז דער סימן.

דאס פאלק אומפאסט אלע איינצעלנע, אבער ניט אלע איינ־צעלנע פערנעהמען דעם זעלבען פּלאַץ אין פאָלק. עס זיינען דאָ נאָהענטע און ווייטע. די נאָהענטע — דאס זיינען די, וועלכע ציעהען נאָך יניקה פון שרש און פיהלען און עמפפינדען, אז אָהן זייער פאָלקסטהום וואלטען זיי געווען ארימע בעטלער. ניטאָ וועמען צו ליעבען און פון וועמען געליעבט צו ווערען. די ווייטע — זיי זיינען שוין לאנג אוועק צו פרעמדע און לעבען זעליש אין שכנות. אלץ געבאָרגט, פון דער שפראכע ביז צום געשמאַק, פון דעם געדאנק ביז צום מנהג. זיינען זיי ביסלעכווייז אבגעשטאָר־בען פאר זייער פאלק. קיינער האָט זיך אבער אויף זיי ניט מרחם געווען, קיינער האָט זיי ניט ארויפּטירט. געהען זיי ארום ווי לע־בעדיגע מתים און געפינען ניט קיין תיקון.

ראנגלען זיך די נאָהענטע און די ווייטע. רופען די נאָהענטע צו „חיי עולם“, לאָדען איין די ווייטע צו „חיי שעה“. זאגען די נאָהענטע: דאס פאָלק וויל לעבען, פערהעלפט איהם צו פרייהייט. ענטפערען די ווייטע: ניטאָ קיין האָפנונג, רופט חברה־קרישא. און עס ענטשטעהט א קאמפף, א העפטיגער, א ביטערער.

ווער וועט זיעגען, וועלכער צד וועט מנצח זיין? איין תשובה קאָן נאָר זיין. די ווייטערע קאָנען ניט זיעגען. זיי קאָנען ניט צושטערען דאס, וואס דאס לעבען האָט ניט צושטערט ביז איצט. זייער קראפט איז די קראפט פון פערניינונג, זייער ווילען איז א נעגאטיווער, זייער גייסט איז א צושטערענדער. עס וועט זיעגען די בעיאָהענדע קראפט, דער פאזיטיווער ווילען. דער אויפבויענדער גייסט.

14 אפריל, 1916.

# די צוריקוואַנדערונג פון דעם יודענטהום

דאָס האָבען נאָר געננער אויסגעטראכט, אז די ציוניסטישע אָר־גאַניזאציאָן אלס אזעלכע פערהאלט זיך פיינדליך צו דער אידישער שפראַך און צו איהר ליטעראטור. מיט דער אונגעלומפּערטער בע־שולדיגונג וויל מען בעווייזען, ווי ווייט אונפּאָלקסטימליך די ציוניס־טישע בעוועגונג איז, ווי ווייט זי קימערט זיך ניט פאר די אינטערע־סען פון די גרויסע פאלקס־מאסען, ווי ווייט זי פערטרעט נאָר בע־שטימטע גרופען אין יודענטהום. די בעשולדיגונג איז אבער פאלש און גרונדלאָז. די ציוניסטישע אָרגאַניזאציאָן האָט פאר די צוואנ־ציג יאהר פון איהר עקזיסטענץ קיין איינציגעס מאָל ניט גענומען קיין שטעלונג צו דער אינערער שפּראכען־פראגע, וועלכע איז אויפ־געבוישט געווארען ביי אונז אויף א קינסטליכען אופן. זי האָט קיין מאָל ניט פונגע געוועזען איהר כבוד און זי האָט זיך פערהאלטען תמיד מיט רעספּעקט און פרייד, ווען עס האָבען זיך געמעלדעט נייע טאַ־לאנטען אויף דעם געביעט פון דער אידישער ליטעראטור. ניט נאָר די צענטראלע ציוניסטישע ארגאניזאציאן, נאָר אויך די איינצעלנע לאנדס־ארגאניזאציאנען און פעדעראציאנען האָבען קיין מאָל ניט געפאסט וואס עס איז פאר א בעשלוס, וועלכער וואָלט געקאָנט אין וועלכער עס איז הינזיכט בעטראכט ווערען אלס בעליידיגענדער פאר די אידישע שפּראך און ליטעראטור. דאך מוז צוגעגעבען ווערען, אז די ציוניסטישע ארגאניזאציאן האָט זיך ביז אין דער גאנץ לעצ־טער צייט ניט פערהאלטען מיט דעם נויטיגען ערנסט צו דער אידי־שער שפּראך, אלס וויכטיגער און פיעל בעדייטענדער פאקטאָר אין אונזער לעבען. מען האָט ניט אויסגענוצט גענוג די אידישע פּרעסע אלס מיטעל צו פערברייטען די נאציאָנאלע אידעע צווישען די ברייטע פּאָלקס־מאסען. אויף דיעזען געביעט האָט מען געקאָנט לייס־טען ניט אין אן ערך מעהר, ווי עס איז געלייסטעט געווארען.

עס איז אבער גאנץ נאטירליך, אז די האלטונג פון דער ציוניס־טישער וועלט־ארגאניזאציאן צו דער העברעאישער שפראך און צו דער גאנצער העברעאישער קולטור, צו דער אלטער ווי צו דער נייער, איז געווען, האט געמוזט זיין א פיעל פאזיטיווערע. דער ציוניזם איז דער העכסטער אויסדרוק פון דעם אידישען דראנג נאך דעם אָריענט, פון דעם היסטאָרישען ווילען צו שאפען פאר זיך א סביבה און בעדינגונגען, וואו דער אידישער גייסט זאל זיך קאָנען פריי ענטוויקלען און אָהן שטערונגען זיך אויסלעבען אויף אלע געביעטען פון מענשליכען טהאָן און שאפען. דער ציוניזם איז פונדאמענטירט אין דער גרויסער אידישער פערגאנגענהייט, און די אידישע פערגאנ־גענהייט, דאס הייסט, די פערגאנגענהייט, וועלכע האט איבערגע־לאזען נאך זיך פאזיטיווע סימנים און משפיע געווען אויף די גע־שטאלטונג פון דעם אידישען גייסט, איז פון אנהויב ביז צום סוף א העברעאישע. אפילו די קולטור־ווערק, וועלכע זיינען געשאפען גע־ווארען אין פרעמדע שפראכען, האָבען געמוזט איבערגעזעצט ווערען אין העברעאיש, כדי זיי זאָלען אריינגענומען ווערען אין דאס גיי־סטיגע גרונד קאפיטאל פון דעם אידישען פאָלק. ווער וואָלט גע־וואוסט צום ביישפיעל ביי היינטיגען טאָג פון א מורה נבוכים אָדער א כוזרי, ווען זיי וואָלטען געבליבען אין אָריגינאל. זיי וואָלטען געלעגען בעהאלטען ערגיץ וואו אין די אראבישע אבטהיילונגען פון די עפענטליכע ביבליאָטהעקען. דאס אידישע פאָלק וואלט פון זיי גאר נישט געהאט. נאָך א ביישפיעל פון דער נאָהענטער פערגאנ־גענהייט, כמעט פון דער געגענווארט. גרעטץ'ס געשיכטע פון אידי־שען פאלק ווערט מעהר פערברייטעט אין דער העברעאישער איבער־זעצונג אלס אין דער אריגינאל שפראך, אין וועלכער דאס מייסטער־ווערק איז פערפאסט געווארען.

און אזוי ווי דער ציוניזם איז מחויב אלעס דאס אבצוהיטען, וואָס ווערט געצעהלט צו די גייסטיגע גיטער פון אונזער פאָלק, האָט ער געמוזט שענקען א גאנץ בעזונדערע אויפמערקזאמקייט דער ענט־וויקלונג פון דער העברעאישער שפראך און ליטעראטור. ווייל ער האָט אין איהר, אין דיעזער ענטוויקלונג, געזעהען די גאראנטיע פון א געמיינשאפטליכער אידישער פאלקס־צוקונפט. מיר טאָרען זיך

נים נאַרען. די אויסערע אנפּאסונג צו די נייע סביבות, אין וועלכע די אידען לעבען, איז אזוי אינטענסיוו, אז יעדער קלאָר־דענקענדער איד מוז געפּאקט ווערען פון א שרעק, ווען ער דענקט מכח אונזער קולטורעלע צוקונפט צווישען די פעלקער. נים נאָר פעהלט אונז די זיכערהייט, אז אונזער פאלקס־שפּראַך וועט לאנגע דורות לעבען און פערבינדען דורך איהר קראפט די צוזעעטע און צושפּרייטע פּאָלקס־טהיילען — נאָך מעהר, מיר זעהען מיט אונזערע אייגענע אויגען דעם וואקסענדען יונגען דור, ווי ער ווערט היינגעריסען פון דער סביבה און דערווייטערט זיך אלץ מעהר און מעהר פון זיין שטאַם. מיר האלטען דאָס פאר איינע פון די געפעהרליכסטע און טרויעריג־סטע ערשיינונגען פון אונזער לעבען. מיר זעהען אויך נאָך עטוואס. מיר זעהען, אז אפילו דאָרט, וואו די אידישע שפּראַך שפּיעלט נאָך א בעדייטענדע ראָליע אין אונזער לעבען, דערווייטערט זיך זי אליין פון דעם מקור, פון וועלכען זי האָט געשעפּפט אין דער גאנצער צייט פון איהר ענטוויקלונג נאהרונג און גלאַנץ. זי, די שפּראַך אליין, הויבט זיך אויך אן זעהר שטארק צוצופּאסען צו די נייע לעבענס־בע־דינגונגען, צו דעם געשמאק פון דער פרעמדער סביבה, און הערט א:יף צו זיין פאר אונזערע פּאלקס מאסען דאָס, וואס זי איז געוועזען ביז איצט, אן ערהאלטענדע, קאנזערווירענדע קראפט. איך מיין נים דעם אויסבייט פון די דייטשע און אנדערע סלאווישע ווערטער און אויסדריקע אויף ענגלישע. דערין איז נאָך נימאָ קיין סכנה, איך מיין אבער די ענטפרעמדונג פון דעם העברעאיש־אָריענטאלישען גייסט, וועלכער האָט געבילדעט דעם גאנצען חאראקטער פון דער אידישער שפּראַך. פיעלע רופען אָן אידיש א דייטשען דיאלעקט, אין ווען מען וועט פערבייטען די דייטשע עלעמענטען אויף ענגלישע, וועט זי זיין אן ענגלישער דיאלעקט — אזוי אורטהיילען אבער נאָר מענשען, וועלכע בעטראכטען די שפּראַך אלס א מעכאנישען אפּאַ־ראַט און שאטצען אב איהר גייסט נאָך די קליידער, וועלכע זי האָט אנגעצויגען אויף זיך. אן אבערפלעכליכער, אונוויסענשאפטליכער אין אונפילאָזאָפישער אורטהייל. די אידישע שפּראַך האָט בעקומען דעם גרעסטען טהייל פון איהר גייסטיגער נאהרונג פ ו ן ד ע ר ה ע ב ר ע א י ש ע ר ש פ ר א ך, נים פון דעם שבת'דיגען, נאָר

פון דעם וואָכעדיגען העברעאיש, פון דעם העברעאיש, וועלכער איז אריינגעדרונגען אין די נשמה פון אידישען פאָלק און איז אליין געוואָרען אַ בעשטאנד־טהייל פון דער פאָלקס־נשמה.

און דאָ האָבען מיר אַ קלאָהרען סימן. די עמי הארצים, די וואס האָבען ניט קיין בעגריף פון תנ"ך, האָבען קיין מאָל אין לעבען ניט געהערט קיין מדרש און ווייסען ניט די העברעאישע אויסדריקע, וועלכע ווערען געברויכט אין אלטעגליכען אידישען לעבען, וועלען אסור פערשטעהן די קלאסיקער פון דער אידישער ליטעראטור. ניט זיי מענדעלע, טראגט זיי אונטער פריז, דערלאנגט זיי שלום עליכם, זיי וועלען לעזען די ווערק, און זיי וועט זיך אויסדוכטען, אז זיי פערשטעהען זיי, אין אמת'ען אָבער וועט דאָס זיין אַ צער בעלי חיים, עס וועט זיי אויספעהלען עטוואס אין יעדער שורה, אין יעדער פראַזע, עטוואס וואס בילדעט דעם גאנצען חן פון דער שפראך, עטוואס וואָס מאכט אויס די בעסטע שטעלע פון דעם אינהאלט.

און עס קאָן קיין שום ספק ניט זיין, אז אין דעם מאָמענט, ווען די העברעאישע שפראך זאל אין גאנצען פערשווינדען אלס אַ ליטעראטור־שפראך, אין דער גענענווארט, וועט אויך די אידישע שפראך פערליערען דאס לעצטע ביסעל כח, וואס זי האָט נאָך אין זיך, און וועט אָבזאָגען די פּאָר גראָשען...

פון דיעזער ערקענטניס מוזען מיר זיך לאזען לייטען ווען מיר ווילען, אז אונזערע בעציהונגען צו אונזערע שפּראכען און ליטעראטורען זאלען זיין ריכטיגע, ניט דיקטירט פון אן אונגערעכטער גאוה פון איין זייט און פון אַ צרלהכעים־געפיהל פון דער אנדער זייט. מיר דארפען וויסען, אז אונזער גרעסטער שונא איז די שטיינערנע עם הארצות, וועלכע פרעסט אויף אונזער יוגענד...

מיר בעגריסען דעריבער מיט פרייד די נייע העברעאישע בעוועגונג, וועלכע האָט זיך אנגעהויבען אָט דאָ ניט לאנג אין אמעריקא. די ניי געגרינדעטע העברעאישע ארגאניזאציאן האָט דעם צוועק צו פעראייניגען די עקזיסטירענדע העברעאישע חברות אין ניו יאָרק און אין דער פראווינץ און צו שאפען נייע חברות, דארט וואו זיי פעהלען ביז איצט, צו פערברייטען די העברעאישע ליטעראטור און פרעסע

נאָך מעגליכקייט און מלחמה צו האלטען, מיט איין וואָרט, געגען די וואקסענדע עם הארצות.

א גרויסעס געביעט, א קאָלאָסאלעס ארבייטס־פעלד. נאָר חשק, נאָר ענערגיע, נאָר סיסטעמאטישע ארבייט. פערדיענען דערפון וועט ניט נאָר די פערהעלטניסמעסיג קליינע גרופע, וועלכע וועט אויספיהרען די ציוויליזאטאָרישע ארבייט, עס וועט פראפעטירען דערביי דאס געזאמטע יודענטהום, אפילו די טהיילען פון אונזער פאָלק, וועלכע האָבען שוין לאנג פערוואָרפען אי העברעאיש, אי אי־דיש. ווען ניט זיי אליין, וועלען זייערע קינדער געניעסען די פירות פון דיעזער ניטצליכער ארבייט. דאס יודענטהום מאכט איצט דורך א צוריק־וואנדערונג.

20 יוני, 1916.

# פּאַטריאָטען

עס זיינען דאָ פיעלע ערשיינונגען אין לעבען פון די פעלקער, וועלכע זעהען אויס ווי שפּאָגעל נייע, אין אמת'ען אבער זיינען זיי גאנץ אלט, זיי האָבען נאָר אנגענומען א נייע פאָרם. דער אלטער תוך האָט בעקומען א נייע קליפּה. די ערשיינונגען האָבען זיך אי־בערגעטהאָן, ארויפגעצויגען אויף זיך א נייעם אנצוג לויט דער הערשענדער מאָדע, ווייל אויך די פּסיכאָלאָגישע ערשיינונגען זיינען אונטערוואָרפען דעם געזעץ פון מימיקרי. זיי מוזען זיך אנפּאסען אן די הערשענדע שטרעמונגען, דאָס הייסט אננעהמען די פאַרב פון דער גייסטיגער אומגעבונג.

נעהמען מיר צום ביישפּיעל דעם אנטיסעמיטיזמוס אלס היס־טאָרישע ערשיינונג — און דער אנטיסעמיטיזם איז טהאַטזעכליך איינע פון די עלטעסטע היסטאָרישע ערשיינונגען, — זיין געשיכטע איז אלט, צו זיין וועזען איז כמעט גאָר נישט צוגעקומען אין דעם משך פון די פיעלע תקופות, וועלכע ער האָט דורכגעלעבט. ווען מיר זאָלען נעהמען די גריכיש־אלכסנדרינישע אָדער די רוימישע עפּאָכע, ווען דער אנטיסעמיטיזם האָט ערשט אנגעהויבען אויפצו־בליהען, און פערבייטען די אלטע נעמען מיט די נעמען פון די מאָ־דערנע העלדען פון דעם געגענוואַרטיגען אנטיסעמיטיזם, וועט קיי־נער ניט בעמערקען דעם טעות, ווען מיר זאָלען בעטראַכטען דעם אנטיסעמיטיזם נאָר נאָך זיין אינהאַלט און נאָך זיין הויפּטציעל. עס ענדערן זיך נאָר די פאָרמען, אין וועלכע ער קליידעט זיך, נאָר די בעשולדיגונגס־פּונקטען מוזען זיין צוגעפּאסט צו דעם חאַ־ראַקטער פון דער תקופה. איז די תקופה בעהערשט פון רעליגיעזען פאַנאַטיזם, טראָגען אויף זיך אלע אנטיסעמיטישע בעשולדיגונגען א רעליגיעזען שטעמפּעל. אין די אויפגעקלעהרטע עפּאָכען, ווען די געזעלשאַפט שטאָלצירט מיט איהרע פרייע רעליגיעזע געזינונגען, מוז

דער אנטיסעמיטיזם בעקומען א נייע בעגרינדונג. זיינע מאָטיווען זיינען אדער עקאָנאָמישע אדער ראסען־שאָוויניסטישע. און די בעשולדיגונגס־פונקטען מוזען זיך בייטען מחמת דעם זעלבען טעם. אין מיטעלאלטער, למשל, האָט מען בעשולדיגט די אידען, אז זיי פערגיפטען די ברונען און ברענגען דערמיט טויט און פערדערבען צו דער קריסטליכער וועלט. היינטיגע צייטען קאָן מען מיט אזעלכע בעשולדיגונגען ניט האָבען קיין ערפאלג. ערשטענס, קאָן מען זעהר לייכט בעווייזען דורך א כעמישע אונטערזוכונג, אז די בעשולדיגונג איז פאלש און בערוהט נאָר אויף א בלבול, צווייטענס, האָט מען כמעט אומעדום וואסערלייטונג, און די וואסערלייטונג ווערט גוט אבגעהיט (מען דארף ניט פערגעסען, אז דער מאָדערנער אנטיסעמיטיזם איז אין זיין גרעסטען טהייל א שטאָדטישער פראָדוקט, וואו עס לעבען כמעט 95 פראצענט פון דער געזאממטער אידישער בעפעלקערונג אין דער גאנצער וועלט). אויך דער בלוט־בלבול האָט אָבגעלעבט זיין צייט. ער שווימט נאָך ארויף אמאָל אין א יובל און אָפטמאָל אמאָל אין א שמיטה. אבער אויף א גרויסען ערפאָלג קאָנען די אנטיסעמיטען מיט דעם בלוט־בלבול ניט רעכענען. ביי דער מאָדערנער געריכטסבארקייט, וואו מען האָט צו טהאָן מיט געשווארענע, און די פערהאנדלונגען מוזען געפיהרט ווערען עפענטליך, איז עס זעהר שווער צו דערשטיקען דעם אמת. דאס האָבען מיר ניט לאנג געזעהען ביי דעםביילים פראָצעס. די רעגיערונג האָט אנגעווענדעט אלע מאכט־מיטעל, וואָס געפינען זיך אין איהר האנד, זי האָט אנגעשטעלט עדות און זאנאר געלעהרטע, וועלכע האָבען מאנס געוועזן די וויסענשאפט, און דאָך האָט זיך איהר ניט איינגעגעבען צו פערווירקליכען אין גאנצען איהר אבזיכט, און דער קרבן איז ארויסגעריסען געוואָרען פון דעם תליון'ס הענד.

דערפאר אבער האָט דער מאָדערנער אנטיסעמיטיזם ערפונדען א נייעם בעשולדיגונגס־פונקט: פאטריאטיזם. מיר ווילען דערמיט ניט זאגען, אז דער בעשולדיגונגס־פונקט איז ווירקליך ניי. אין גרונד גענומען איז ער אפשר נאָך עלטער פאר די פערשיעדענע בעשולדיגונגס־פונקטען פון מיטעלאלטער, ווארום מיר געפינען איהם פארמולירט נאָך ביי פרעה'ן. ער האָט אָבער אין דער נייער צייט

געוואונגען מעהר בעדייטונג. און דעריבער האָבען איהם די אנטי־סעמיטען ארויסגערוקט אויפ'ן ערשטען פלאן, זיי האָבען איהם גע־וועהלט פאר א ווינקעל־שטיין פאר זייער גאנצען אנטיסעמיטישען בנין. דער חידוש בעשטעהט אויף אזא אופן אין דער חשיבות, וואס מען שרייבט איצט צו דעם פונקט פאטריאטיזם. די קירכע האָט אויפגעהערט צו שפּיעלען די ראָלע פון א פּאָליטישען הויפּט־פּאק־טאָר, בעזונדערס אין די מלוכות, וואו עס איז דורכגעפיהרט געוואָ־רען די אבזונדערונג פון דער קירכע פון שטאאט, און דאָס איז גע־שעהן כמעט אין אלע ציוויליזירטע לענדער. אין נאָמען פון דער ר א ס ע ן ־ ריינהייט איז אויך ניט אזוי לייכט צו קומען מיט אנטי־סעמיטישע טענות. ערשטענס, ליעגט די גאנצע ראסענטהעאָריע ערשט אין די וויקעלעך. זי איז נאָך זעהר שוואך וויסענשאפטליך בעגרינדעט. צווייטענס, בעשטעהט כמעט יעדער שטאאט פון פער־שיעדענע ראסען־עלעמענטען. מיר רעדען שוין ניט פון עסטרייך, וואו די מלוכה מוז אפיציעל אנערקענען גאנצע 17 נאציאָנאליטעטען, און פון אמעריקא, וואו יעדע מעגליכע ראסע און נאציאָנאליטעט איז פערטראטען, אדער פון רוסלאנד, וואו די בעפעלקערונג איז עבענפאלס צוזאמענגעזעצט פון די פערשיעדענסטע ראסען און נא־ציאָנאליטעטען. אפילו דייטשלאנד, ענגלאנד, — אבגעזעהען פון אירלאנד, — אין פראנקרייך, — אָבגעזעהען פון פראוואנס, — קאָ־נען זיך ניט בעריהמען מיט זייער ראסען־ריינהייט. יעדענפאלס מאטערען זיי זיך צו שאפען זייער יחוס־בריעף, וועלכער זאל ערשט בעווייזען דיעזע ריינהייט.

דעריבער האָט זיך דער אנטיסעמיטיזם אנגעכאפּט אן דעם נייעם פאקטאָר, וועלכער האָט ניט צו טהאָן ניט מיט דער קירכע און ניט מיט דער ראסע, וועלכער שפּיעלט אָבער די הויפּט־ראָלע אין דער געזעלשאפט פון דעם מאָדערנעם שטאאט, דאס איז דער פאטריא־טיזם.

און מען מוז צוגעבען, אז פאטריאטיזם, אדער ריכטיגער, מאנ־נעל אין פאטריאטיזם, איז פאסענדער פאר א בעשולדיגונגס־פונקט מעהר ווי רעליגיעזע אדער ראסען־מאָטיווען. גראד מחמת דעם, ווייל קיינער האָט ניט פעסטגעשטעלט און וועט ניט קאנען פעסטשטעלען

די גרעניצען פון פאטריאטיזם, ווייל ער קאן ניט איינגעפאסט ווערען אין א ראהם פון בעשטימטער געזעצנעבונג. צוויי זיינען מקריב זייער לעבען פאר דאס פאטערלאנד און ביידע זיינען געפאלען אויפ'ן שלאכטפעלד, קעמפפענדיג פאר די אינטערעסען פון דער מדינה — און דאך קאן מען קומען און בעהויפטען, אז איינער איז געפאלען ווי א פאטריאט און דער אנדערער נאר אזוי זיך, ווייל ער האט קיין אנדער ברירה ניט געהאט. עס איז ניט גענוג צו מקריב זיין זיך, מען מוז זיך מקריב זיין מיט חשק, מיט התלהבות. ביז איצט האבען מיר אבער נאך ניט קיין גראדמעססטער צו בעשטימען דעם גראד פון חשק און התלהבות.

דעריבער קאן פארקומען אזא הימעלשרייענדער פאקט. איבער זעקס הונדערט טויזענד אידען געפינען זיך איצט אויף די פערשיע־דענע שלאכט־פעלדער. דאס אידישע פאלק געהט אב מיט בלוט אין בוכשטעבליכען זין פון ווארט, די אידישע יוגענד ווערט אויס־געשלאכטעט, און אין דעם זעלבען מאמענט וואקסט אויס פאר או־זערע אויגען די ריעזיגע און שרעקליכע בעשולדיגונג: די אידען זיינען ניט קיין פאטריאטען, און זייערע קרבנות דארפען דעריבער ניט אריינגענומען ווערען אין חשבון...

צוערשט קומט די פערדעכטיגונג, דער חשד. דער חשד ווערט פערוואנדעלט אין א געוויסהייט, פון פרט ווערט די בעשולדיגונג אריבערגעטראגען אויפ'ן כלל, און דער אלטער בלבול פון א אידישער פערגיפטונג שטעהט אויף תחית המתים אין א נייער פארם.

און דער נייער בלבול איז פיעל שרעקליכער פאר אלע אלטע, פון נאר די אלטע צייטען און פון מיטעלאלטער, ווייל עס פעהלען די מיטעל איהם אבצולייקענען, ווייל די מאדערנע געזעלשאפט איז אנגעשטעקט ניט פון ריינעם פאטריאטיזם, נאר פון מארד־פאט־ריאטיזם. און די מארד־פאטריאטען וועלען זיך ניט בערוהיגען אפילו ווען איהר וועט אויסקעהרען אייער נשמה אויף דער לינקער זייט.

די אויפגאבע פון די בעסטע האט איצט געדארפט זיין צו פיהרען א קאמפף געגען דעם מארד־פאטריאטיזם. און דערצו גיט עס נאר איין וועג. מען מוז זיך שטעלען אויפ'ן שטאטליכען

שטאַנדפּונקט. דאָס הייסט, מען מוז נעהמען אין בעטראַכט נאָר די ח ו ב ו ת, וואס דער שטאַאט לעגט ארויף אויף זיינע בירגער. ווייטער פון די חובות טאָר מען ניט געהן, מעהר פון די חובות טאָר מען ניט פאָדערן. ווען ניט, גיט מען די מאָרד־פּאטריאטען די שארפסטע כלי־זיין אין די הענד, און די כלי זיין וועלען געווים אויסגענוצט ווערען...

אונזערע גרויסע טהוען אבער פערקעהרט. גראד דעם איצטיגען סכנות'דיגען מאָמענט האָבען זיי געוועהלט פאר זייערע חשבונות מיט זייערע פאליטישע געגנער. גראד דעם איצטיגען מאָמענט האָבען זיי געוועהלט אָנצוציהען פאטריאָטישע טענות. גראד דעם איצטיגען מאָמענט האָבען זיי געוועהלט צו נעהמען אויף זיך די פערטרעטונג פון דעם מארד־פּאטריאטיזם.

האָבען זיי פערלארען דעם קאָפּ, אדער דאס פעראנטווארטליכקייטס־געפיהל?

11 יולי, 1916.

# נייע כלי זין — אַלטע געגנער

די שטאַרקייט פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי אָדער אָרגאַניזאַציאָן בעאורטהיילט מען געוועהנליך נאָך דער צאָהל פון די מיטגליעדער, וועלכע האָבען זיך אָן איהר אָפיציעל אָנגעשלאָסען. דער חשבון איז נים שטענדיג אַ ריכטיגער, וואָרים אויסער אָפיציעלע מיטגליעדער געפינען זיך נאָך שטילע אָנהענגער. זיי זיינען מיט אַלע זייערע סימפּאַטהיען פאַר דער פּאַרטיי אָדער אָרגאַניזאַציאָן, מעהר נים זיי זיינען צו איהר נים צוגעשטאַנען מחמת וועלכער עס איז סבה, וואָס האָט נים צו טהאָן מיט זייער פּאָליטישער איבערצייגונג. זעהר אָפט איז די סבה — סאָציאַלע פּוילקייט, אָדער ווי מען רופט עס אָן אויפ'ן ערעלען לשון — פּאַסיווע נאַטור. אָן אַנדער מאָל זיינען דאָס ריין אויסערליכע אורזאַכען, וועלכע פערשלינגען די גאַנצע ענערגיע פון דעם מענשען אַזוי, אַז עס בלייבט ביי איהם נאָר נישט איבריג פאַר וועלכע עס איז פּאָליטישע טהעטיגקייט. דאָך, ווען דער חשבון איז אפילו נים גאַנץ ריכטיג, שטימט ער דאָך אין אַ געוויסען זין, ווייל מען פערגלייכט אַ פּאַרטיי מיט אַ פּאַרטיי און אַן אָרגאַניזאַציאָן מיט אַן אָרגאַניזאַציאָן פון דעם זעלבען מין, לאָזט מען אויס די שטילע אָנהענגער אי ביי דער פּאַרטיי, וועלכע מען שאַצט אָב, אי ביי די אַנדערע, מיט וועלכע מען פערגלייכט זי. אויף אַזאַ אופן שטימט נים די רעכענונג גאַנץ נאָר אבסאָלוט, רעלאַטיוו איז זי אָבער כמעט ריכטיג.

גאַנץ אַנדערש זעהט עס אָבער אויס, ווען מיר האָבען צו טהאָן מיט בעוועגונגען און מיר ווילען אָבשאַצען זייער שטאַרקייט. אויך יעדע בעוועגונג, זאָל זי זיין אַ נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע אָדער עטהישע, ווערט אויסגעדריקט אין דער פאָרם פון אַ פּאַרטיי אָדער אָרגאַניזאַציאָן, דאָס הייסט אַ פּאַרטיי אָדער אָרגאַניזאַציאָן ר ע פּ ר ע ז ע נ ט י ר ע ן די בעוועגונג. און דעריבער מעסטען

מיר אויך בעוועגונגען נאָך דער שטאַרקייט פון דער גרופּע, וועלכע פּערטרעט זיי, ווייל אונז איז פיעל לייכטער צו האָבען צו טהאָן מיט א פעסטען פונקט, מיט עטוואָס וואָס רוהט, איידער מיט אַן ערשיינונג, וועלכע ווערט געטראָגען פון אונרוהע — און דאָס איז יעדע בעוועגונג. די געשלאָסענע פּאַרטיי, די פעסטע אָרגאַניזאַציאָן איז די ס ט א ט י ק פון דער אידעע, די בעוועגונג איז איהר ד י נ א מ י ק, און פאר אונז איז אימער בעקוועמער אויס־צורעכענען דעם סטאַטישען צושטאַנד פון די אידעען, און מיר ווענ־דען אָן די זעלבע מעטהאָדען ביי ערפאָרשונג פון בעוועגונגען ווי ביי דער אָבמעסטונג פון פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציאָנען.

דאָס איז א פאַלשע מעטהאָדע און זי פיהרט קיינמאָל ניט צו א ריכטיגער אָבשאַצונג.

גראָד אין דער לעצטער צייט האָט זיך די געגנערישע פּרעסע אָנגעהויבען זעהר שטאַרק בעשעפטיגען מיט דעם ציוניזם. נאָך יאָהרען און יאָהרען פון איגנאָרירען און אָפּטמאַליגען אויסלאַכען זיינען די געגנער אויף איין מאָל געוואָרען אַזוי ערנסט, און האָבען אָנגעהויבען צו ברענגען ארטיקעל נאָך ארטיקעל איבער דעם נייעם ישוב, איבער דעם צושטאַנד פון דער קאָלאָניזאַציאָן, איבער די ארבייטער און מעהר פון אלץ — איבער די מעגליכקייט, אָדער ריכטיגער איבער די אונמעגליכקייט פון דער פערווירקליכונג פון דעם ציוניסטישען אידעאַל.

ווי אַזוי איז געקומען מיט אמאָל אזא ענדערונג אין דער טאַק־טיק פון די ציוניסטישע געגנער? וואס האָט זיי געצוואונגען אויפ־צוגעבען זייער אלטע שיטה פון טויט־שווייגען און בעשעפטיגען זיך אַזוי אינטענסיוו מיט דער ציוניסטישער ווירקליכקייט? פאַר וואָס האָבען זיי אויף אמאָל אויפגעהערט מורא צו האָבען, אז שוין מיט זייער אפּטער קריטיק אליין, ווען זי איז אויך א נעגאַטיווע, מאַכען זיי א גרויסע רעקלאַמע פאר דעם ציוניזם? זיי ווייסען דאָך, וואס רעקלאַמע בעדייטעט, בעזונדערס נאָך אין אמעריקא? זיי אליין לאָזען דאָך גאַנץ אָפּט ארויס אין זייער ארגאַן נעמען פון רעדנער אפילו פון בעצאָהלטע אנאָנסען? זיי, די קליינע אין גרויסע אנגעלעגענהייטען, זיינען דאָך תמיד גרויס אין קליינינקייי־

טען — היינט ווי קומט עס צו זיי אנצופילען זייערע בלעטער מיט מאמרים וועגן ציוניזם און ארץ ישראל?

און פאר וואס האָבען זיי זיך מישב געווען צו בייטען זייער טאַקטיק צום ציוניזם דוקא איצט, אין דער צייט פון דער שרעקלי־כער מלחמה, ווען די גאנצע וועלט איז דערשיטערט, אויפגעציטערט, און די פערספעקטיוון זיינען געווארען אזוי אונקלאָר?

האָבען זיי זיך דערשראקען פאר דער ציוניסטישער א ר ג א־נ י ז א צ י אָ ן? דאָס וואָלט געווען אן אונגטאַלירכע ערשיינונג. די ציוניסטישע ארגאניזאציאן א ל ס ז אָ ל כ ע, איז אין דער מלחמה צייט ניט שטארקער געווארען. דאס איינציגע לאנד, וואו די ציוניסטישע ארגאניזאציאן איז אויסגעוואקסען און ניט אין אן ערך שטארקער געווארען אין די לעצטע צוויי יאָהר, איז אמעריקא. אין סך הכל אבער האָט זי, ווי א חלק פון אידישען פאלק, בעקומען אין דער גאנצער וועלט טיעפע וואונדען און די שורות זיינען שי־טערער געווארען אין איהר מחנה. יאהרען און יאהרען וועלען מור־זען פערגעהן, ביז די וואונדען וועלען זיך פערהיילען און די לעדיגע פלעצער וועלען ווידער אנגעפילט ווערען מיט מוטהיגע ארבייטער.

אלזאָ, אין דער אויסערער שטארקייט פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציאן קאן ניט ליעגען די ערקלערונג פון דעם געגנערישען שרעק.

אין פאלעסטינא גופא קאָן אויך ניט ליעגען די סבה. אמת, פאר דער מלחמה האָט זיך דער ישוב אזוי גלענצענד ענטוויקעלט, דאס נייע לעבען האָט אזוי שטארק פולסירט, אז די געגנער פון דער אידיש־נאציאָנאלער אויפלעבונג האָבען באמת געהאט פאר וואס מורא צו האָבען. אמת, אז אפילו איצט, אין רעכטען ברען פון דער מלחמה האָט זיך דער נייער ישוב ארויסגעוויעזען אלס דער ווי־דערשטאנדס־פעהיגסטער עלעמענט פון אונזער פאלק. איין קאָ־לאָניע איז ניט צושטערט געווארען און קיין איינציגער קאָלאָניסט האָט ניט פערלארען זיין איינגענטהום. אבער — שטארקער איז דאָך דער ישוב דורך די מלחמה יעדענפאלס ניט געווארען, אז די געגנער זאלען זיך פאר איהם איצט מעהר שרעקען ווי פאר דער מלחמה?

עס בלייבט נאָר איין ערקלעהרונג. די געגנער האָבען זיך דערשראָקען ניט פאר דער ציוניסטישער אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י אָ ן, אויך ניט פאר דעם פאָרטשריט פון דער ארץ־ישראל'דיגער קאָלאָניזאַציאָן — זיי האָבען זיך דערשראָקען פאר דער צ י וּ נ י ס ט י־ ש ע ר ב ע ו ו ע ג ו נ ג.

און איך מוז צוגעבען — די געגנער זיינען גערעכט, זעלבסט־פערשטענדליך פון ז י י ע ר שטאַנדפּונקט. וואָרים די מאכט פון דער ציוניסטישער בעוועגונג האָט זיך ארויסגעשטעלט אין איהר גאַנצער גרויס, ערשט אין דער מלחמה צייט. זי האָט זיך ענטדעקט אין דער גרויסער פ אָ ל ק ס־סימפּאַטהיע פאַר דעם נייעם ישוב, זי האָט זיך ענטדעקט אין דער גרויסער פערברייטונג פון דעם ציוניסטישען ג ע ד אַ נ ק. זי האָט זיך אויך ענטדעקט אין דער קאָנגרעס־בעוועגונג, וועלכע קאָן נאָר בעטראַכט ווערען אַלס אַ נעבען־שטראָם פון דעם ציוניזם. די געגנער האָבען אויך דעריבער פערזוכט צו פּסל'ענען די קאָנגרעס בעוועגונג דורך זייער געשריי, אַז זי פיהרט צום ציוניזם. די מיטעל האָבען אָבער ניט געהאָלפען. די גרויסע מאסע האָבען דערפיהלט מיט זייער געזונדען נאַציאָנאַלען אינסטינקט, אַז די קאָנגרעס אידעע דריקט אויס זייער אייגענעם בעהאַלטענעם וואונש און האָבען זיך אַנגעשלאָסען אַן איהר ניט דערפאר, וואָס מען האָט זי פערשריען אַלס אַ ציוניסטיש קינד, נאָר ווייל מען האָט אין איהר דערקענט דעם ציוניסטישען ג ע ד אַ נ ק.

דאָ האָבען זיך דערשראָקען די געגנער. זיי זיינען אָבער צו שוואַך צו בעקעמפּפען די ב ע ו ו ע ג ו נ ג, האָבען זיי זיך גענומען פאר דער אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י אָ ן, פאַר די קאָנקרעטע פראַגען פון דער קאָלאָניזאַציאָן און אז. וו. און אויך אין דיעזער היני־זיכט האָבען זיי ארויסגעשלעפּט פון זייער ארסענאַל די אַלטע פערראָסטעטע כלי זיין: די אַראַבער פראַגע, די תימנים פראַגע און עהנליכע פראַגען, גלייך ווי זיי וואָלטען זיי ענטדעקט.

25 יולי, 1916.

# נאַציאָנאַליזם און סאָציאַליזם

## I

## דער נאַציאָנאַליזם פון די סאציאליסטען.

צווישען אלע סאציאליסטישע ארגאניזאציאנען אין דער גאנ־צער וועלט פערנעהמט אָהן קיין שום צווייפעל די סאציאלדעמאָ־קראטיע דעם ערשטען פּלאַץ. ניט נאָר ווייל זי איבערפלינעלט אלע אַנדערע עהנליכע אָרגאניזאציאָנען אין דער צאָהל פון איהרע אנ־הענגער, נאָר אויך צוליעב איהר אינערען אויסבוי, וועלכער פער־שאפט איהר אן אונגעוועהנליכע געזעלשאפטליכע און אָפטמאָל זא־גאר א שטאאטס־ערהאלטענדע קראפט. ניט איין מאָל איז שוין פּאָרגעקומען אין דער לעצטער צייט, אַז די אָדער יענע רעגיערונג האָט זיך געמוזט שטיצען ביי דער דורכפיהרונג פון סאציאלע רע־פארמען אויף דעם ארגאניזירטען ארבייטער געגען די קאָנסערוואַ־טיווע און פעאָדאלע עלעמענטען פון פאָלק. בעזאנדערס זיינען אזעלכע פאלען פארגעקומען אין דייטשלאנד, וואו די סאציאל־רע־פארמאטאָרישע געזעצגעבונג האָט אויפצואווייזען דעם גרעסטען פאָרטשריט.

ביז פאר דער מלחמה איז די דייטשע סאָציאל־דעמאָקראטיע געוועזען די טאָן־געבענדע, די צאָהלרייכסטע, די בעסט ארגאניזירטע, די שטארקסטע נאָך דעם חלק, וועלכען זי האָט איינגענומען אין דער געזעצגעבערישער קערפערשאפט פון דייטשען רייך, האָט זי אויך געגעבען דער וועלט די בעסטע און גרינדליכסטע אידעאלען פון דער סאָציאל־דעמאָקראטישער לעהרע. און עס איז דעריבער ניט געוועזען קיין וואונדער, וואס די אויגען פון אלע ארבייטער אר־גאניזאציאנען אין דער גאנצער וועלט זיינען געוועזען געריכטעט אויף דייטשלאנד. אפילו די פערשטייפט־קאָנסערוואטיווע טרייד־יוניאָ־

ניסטען אין ענגלאנד האָבען אויך אנגעהויבען פיעלעס איבערצו־
נעהמען פון דער דייטשער סאציאל־דעמאָקראטיע. זיי האָבען זיך
פשוט געלערנט פון איהר און געקוקט אויף איהר ווי אויף די בע־
רופענע פיהרערין אין דעם אלוועלטליכען קלאסען־קאמפף.

עס איז שווער פאָראויסצוזאָגען, ווי עס וועלען זיך געשטאל־
טען נאָך דער מלחמה די אינטערנאציאָנאלע בעציהונגען צווישען
די פערשיעדען־לענדישע ארבייטער־אָרגאניזאציאָנען. עס זיינען
דאָ שווארצזעהער, וועלכע זאָגען נביאות, אז דער פערביטערטער
און פערצווייפעלטער קאמפף אויף לעבען און טויט, וועלכער ווערט
איצט געפיהרט כמעט פון אלע אייראָפּעאישע נאציאָנען, וועט צו־
שטערען אונבארמהארציג די סאָלידאריטעט פון די פערשיעדענע
נאציאָנאלע ארבייטער ארגאניזאציאנען. איגוועניג וועט אויך ווייטער אָנגעפיהרט ווערען דער קלאסען־קאמפף, אָבער לגבי חוץ
וועט הערשען דער ענגער, בעשרענקטער נאציאָנאליסטישער גייסט.
מיט אנדערע ווערטער: דער קלאסען־קאמפף וועט פערלירען זיין
אינטערנאציאָנאלען כאראקטער און וועט זיך פערוואנדלען אין
פיעלע בעזונדערע אינער־נאציאָנאלע קעמפפע.

איך גלויב, אז די נביאות פון די שווארצזעהער וועט ניט
מקוים ווערען. זי וועט ניט מקוים ווערען, ווייל זי שטעהט אין
געגענזאץ צו דער אלגעמיינער מענשליכער ענטוויקלונג, צו דעם
גאנצען פראצעס, וואס די געזעלשאפט האָט דורכגעמאכט אין די
לעצטע דורות, און וועלכער קאָן ניט איבערגעריסען ווערען, ארער גאר אב־
געהאקט ווערען אפילו צוליעב די פאָלגען פון דער אונגעהייערער
מלחמה.

און ווען מיר קוקען זיך גוט צו צו דעם פראצעס, זעהען מיר,
אז זיין הויפט טענדענץ איז ניט קיין נ א צ י אָ נ א ל י ס ט י ש ע,
נאָר א נ א צ י אָ נ א ל ע. ליידער פערוועקסעלט מען אין פאלי־
טישען לעבען ווי אויך אין דער פרעסע די צוויי בעגריפען, גלייך
ווי זיי וואלטען געווען שמות נרדפים, ווען אין אמת'ן שליעסען זיי
זיך געגענזייטיג אויס. די נאציאָנאליסטישע וועלט־אנשויאונג
פיהרט צו הערשערזוכט, צו אבשליסונג, צום גרויס ווערען אויף
חשבון פון די אנדערע, מיט איין וואָרט — צום נאציאָנאלען גרוי־

סען־וואהן. די נאציאָנאַלע וועלטאנשויאונג פיהרט צו אנערקע־
נונג פון די רעכטע פון י ע ד ע ר נ א צ י א ן אויף זעלבסטבע־
שטימונג און זעלבסטשטענדיגקייט. די נאציאָנאַליסטישע פּראַק־
סיס פיהרט צום א י מ פּ ע ר י א ל י ז ם, די נאציאָנאַלע — צום
אויף א רעכטליכער גרונדלאַגע אויפגעבויטען אינטערנאציאָנאַליזם.

און עס איז מעהר ניט ווי לעבערליך, ווען מען בעהויפּטעט, אז
דער וועלט־קריעג איז ענטשטאַנען אלס א פּאָלגע פון דער נאציאָ־
נאַלער טענדענץ פון די הערשענדע נאציאָנען. די סבה פון דעם
וועלט־קריעג איז, אומגעקעהרט, ניט די נאציאָנאַלע טענדענץ, נאָר
די נאציאָנאַליסטישע שטרעמונג, אדער דער נאציאָנאַלער גרויסען־
וואהן פון די נאציאָנען, וועלכע האָבען אויסגעבריים זייערע פליעג־
לען איבער א האלבע וועלט און אין זייער אונערזעטליכען אפּעטיט
געוואלט איינגעהמען אויך די צווייטע העלפט.

און גראַד דער איצטיגער וועלט־קריעג, — אזוי איז צו ער־
וואַרטען, — וועט דערצו ביייטראגען, אז די נאציאָנאַליסטיש געזינ־
טע מלוכות זאלען אויפגעבען איין מאָל פאר אלע מאָל זייער חלום
וועגען א וועלט־הערשאפט, זיי זאָלען זיך אומקעהרען צ ו ז י ך
א ל י י ן, און תופס זיין דעם אמת, אז עס זיינען דאָ אויך אנדע־
רע, וואָס ווילען לעבען אויף גאָט׳ס ערד, און צוואַר אנשטענדיג
לעבען, ניט אונטער דעם אייביגען דרוק פון דעם וועלט־ראָבערער.
דער העלישער פייער און דאָס פערלאָרענע בלוט וועט זיי מאכען
פאר „חוזרים בתשובה“, און אויף דעם חורבן פון דער נאציאָנאַליס־
טישער געזינונג וועט אויפגעבוים ווערען א טעמפּעל פאר דעם
ריינעם, מענשליכען נאציאָנאַליזם.

און מען קאָן שוין זאָגאר איצט, אפילו ווען די קאַנאָנען זיינען
נאָך ניט פערשטומט געוואָרען און מענשען ווערען נאָך געשניטען
ווי זאַנגען אויף די פעלדער — אפילו איצט קאָן מען שוין מערקען
די קאָנטורען פון דער קינפטיגער ענטוויקלונג. און ווידער הערען
מיר די שטימע פון דער דייטשער סאציאַל־דעמאָקראטיע, וועלכע
קינדיגט אן די קומענדע טענדענץ. די דייטשע סאציאַל־דעמאָקראַ־
טיע האָט זיך אויסגעשפּראָכען געגען יעדען אנעקסירונגס־געדאנק.
די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראטיע האָט ניט פערלאָרען דעם קאָפּ

און שרייט ניט וועגן דעם חורבן פון די אינטערנאציאָנאַלע בעצי־הונגען נאָך דער מלחמה, ווי עס טהוען דאס פיעלע פון זייערע גע־נאָסען אין די אנדערע מלחמה פיהרענדע מדינות. אמת, עס זיינען פארגעקומען איצט, צוליעב דער שטעלונג צו דער מלחמה, שפאַל־טונגען אין דייטשען סאציאל־דעמאָקראטישען לאַגער, אבער עס איז פאראויסצוזעהן, אז גלייך נאָך דער מלחמה וועט זי ווידער קאָנען אויפטרעטען ווי א געשלאָסענע איינהייט, און אפשר נאָך געשטארקט אינוועניג און איינפלוסרייכער נאָך אויסען.

און ווייסט איהר פאר וואס? מחמת די דייטשע סאציאל־דעמאָקראטיע האָט נאָך מיט פיעלע יאהרען צוריק אקצעפטירט דעם נ א צ י אָ נ א ל ע ן פ ר י נ צ י פּ, און האָט זיך אָבגעזאָגט פון דעם אונקלאָהרען, פערשוואומענעם און בעריהמערישען קאָסמאָ־פּאָליטיזם, וועלכער האָט אין זיינע בעסטע יאהרען געבליהט נאָר אין די מחות פון טהעאָרעטיקער און האָט קיין מאָל ניט געהאט קיין ווארצלען אין דער רעאלער ווירקליכקייט. נאָך מיט פיעלע יאהרען צוריק האָט דער בערופענסטער פיהרער פון דער דייטשער סאציאל־דעמאָקראטיע, אוגוסט בעבעל, ארויסגעגעבען א הכשר די פּוילישע סאציאל־דעמאָקראטען צו פערבינדען זייער סאציאל־דע־מאָקראטישע געזינונג מיט זייער טהעטיגקייט פאר די ווידערהער־שטעלונג פון דער נאציאָנאלער עקזיסטענץ פון פּוילישען פאָלק. ער איז געגאנגען נאָך ווייטער. ניט נאָר א הכשר האָט ער זיי געגע־בען, ער האָט זאגאר בעהויפּטעט, אז אין זייער איינענשאפט אלס סאציאל־דעמאָקראטען זיינען זיי זאָגאר מ ח ו י ב צו בעטהיי־ליגען זיך אין זייער נאציאָנאלער פאָלקס־בעוועגונג. און מען זאל ניט אונטערשעצען אזא קאטעגאָרישע אויסערונג פון א וועלט בע־ריהמטען סאציאל־דעמאָקראטישען פיהרער אין א צייט, ווען אין די בעגריפען האָט נאָך געהערשט פערווירונג און מען האָט געוואָרפען אין איין הויפען דעם נאציאָנאליזם פון דער „נאָוואָיע ווּרעמיא“, צום ביישפּיעל, מיט דעם נאציאָנאליזם פון די אונטערדריקטע און אונטעריאָכטע פעלקער, ווען דער אויסדרוק „נאציאָנאל“ איז געוועזן פסול, כמעט טרפה אין דער סאציאליסטישער געזעלשאפט.

איך וועל אין נעקסטען ארטיקעל אָנווייזען אויף איינינע

פאראלעלען אין דער ענטוויקלונג פון דער דייטשער און אונזער איינענער סאציאל־דעמאָקראטיע און צייגען, אז אויך אונזער סאָציאל־דעמאָקראטיע מאכט דורך די זעלבע עוואָלוציאָן ווי די דייטשע, נאָר, ווי געוועהנליך, מיט א פערשפעטונג אויף א פאָר צעהנדליג יאהר.

## II

### דער קאַמפף צווישען כהן און נביא.

פון אנהויב אן איז די קראפט פון דער סאציאל־דעמאָקראטישער לעהרע — דער מארקסיזם — געלעגען ניט אין איהר שטרענג וויסענשאפטליכען ווערט, ניט אין איהר טהעאָרעטישער בעגרינדונג, נאָר הויפטזעכליך אין דער גרויסער ליידענשאפט, וועלכע זי האָט אין זיך געטראָגען און וועלכע האָט געדיענט אלס גרויסע אנציהונגס־קראפט פאר די אונטערדריקטע, אונטערדריקטע און אהן דערבארמען עקספלואטירטע מאסען פון איין זייט און פאר די יושר און גערעכטיגקייט עמפפינדליכע נאטורען פון דער אנדער זייט. ניט דער היסטאָרישער מאַטעריאליזם, אלס גרונדלאגע פאר א נייע וועלטאנשויאונג, ניט דער „צוגאָב־ווערטה“ פון די ארבייטס־פראדוקטען און די ערקלעהרונג פון די קריזיסען — ניט זיי האָבען געהאט די מאגישע ווירקונג אויף די ברייטע ארבייטער מאסען, וועלכע זיינען גאָר ניט געווען אימשטאנד צו אריענטירען זיך אין אזעלכע קאָמפליצירטע פראבלעמען. און אפילו אויף די אינטעליגענטערע קרייזען, וועלכע זיינען צוגעשטאנען צו דער מארקסיסטישער לעהרע, האָבען די מארקסיסטישע היפּאָטהעזען געהאט נאָר אן אונטערגעאָרדענטע ווירקונג. גערירט די מאסען האָט דאס הייליגע פייער, מיט וועלכע די נייע לעהרע איז געווען דורכגעדרונגען. די גליהענדע פונקען, מיט וועלכע זי האָט געשפריצט, האָבען אָנגעצונדען די געמיטהער, צוהיצט די ליידענשאפטען, און עס האָט אויסגעזעהען, גלייך ווי א בעגרינדער פון א נייער רעליגיאָן שטעהט ווי א ריעזען־שמיעד מיט'ן אייזערנעם האמער און קלאפט אויף די געזעלשאפט.

און ניט אומזיסט האָבען זיך פאר דער נייער לעהרע דער־
שראָקען מעהר פון אלעמען די ריענער פון דער הערשענדער קירכע.
ניט אומזיסט האָבען זיך גענומען די גלחים פון אלע קריסטליכע
קאָנפעסיאָנען צו בעקעמפפען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע תורה מיט
מעהר פייער, מיט מעהר גאל און מיט מעהר האס און פיינרשאפט
אפילו ווי די קאפיטאליסטען און די פעאָדאלען. די לעצטערע
האָבען אין אנפאנג געהאט נאָר א פעראכטונגס־געפיהל פאר די סאָ־
ציאל־דעמאָקראַטישע היץ־קעפּ, די גלחים אָבער האָבען מיט זייער
חוש הריח, — וועלכער, נעבענביי בעמערקט, איז ביי זיי זעהר ענט־
וויקעלט, — דערפיהלט, אז דאָ רוקט זיך אָן א נייע סכנה פאר זיי
און זייער גאנצער השפעה אין דער געזעלשאפט. און זיי האָבען
ניט געהאט קיין טעות, ווייל דער מארקסיזם האָט אין זיך ווירקליך
געטראגען סימנים פון א נייער רעליגיאָן. און געריכטעט איז ער
געווען געגען די הערשענדע קירכע. איך וויל מיך קלאָה־
רער אויסדריקען. דער מארקסיזם אלס אזעלכער האָט ניט געהאט
צו טהאָן מיט טהעאָלאָגישע פראגען, זיין אביעקט איז געווען ניט
גאָט, די וועלט און דער מענש, נאָר די מענשליכע געזעל־
שאפט, און אין פלוג האָט ער ניט מחיב געווען זייגע אנהענ־
גער צו קיין בעשטימטער רעליגיעזער וועלט אויפפאסונג. אן אי־
בערציינגטער, שטרענג גלויביגער מארקסיסט קאָן צו גלייכער צייט
זיין שטרענג גלויביג אדער פריינעזאנען אין זיין רעליגיעזען לע־
בען און ניט אריינפאלען דערביי אין א אינערען ווידערשפרוך מיט
זיך אליין. און דאך איז דער מארקסיזם געווען געריכטעט געגען
די קריסטליכע קירכע, ניט מחמת ער איז געווען א פיינד פון קריסט־
ליכען גאָט, נאָר ווייל ער האָט געזעהען אין די קריסטליכע כהנים
מיט זייער בערוהיגענדער מיסיאָן די גרעסטע שטערונג פאר דעם
געזעלשאפטליכען פאָרטשריט, ווייל זיי בענוצען די רעליגיאָן ווי א
נאַרקאָטיקום פון איין זייט פאר די אין שווערער ארבייט אבגע־
שטומפּטע מאסען, זיי זאלען ניט פיהלען זייער וועהטאָג, און פון
דער אנדער זייט פאר די רייכע און זאטע, זיי זאלען ניט פיהלען
קיין געוויסענסביסע פאר זייערע איינענע עברות.

דעם קאמפף צווישען דעם מארקסיזם און דער קירכע אין די

ערשטע יאָהרצעהנטען פון זיין ענטוויקלונג קאָן מען ביז אַ געוויסען גראַד פערגלייכען מיט דעם אַלטען קאַמפּף צווישען דעם נביא און דעם כהן. דער כהן וויל מיט דעם רויך פון קטורת און מיט דעם בלוט פון אָקסען און שעפּסען מכפר זיין אויף קליינע און גרויסע, לייכטע און שווערע זינדען. דער נביא האָט ניט געזוכט קיין בע־רוהיגונג, אים געגענטייל, ער האָט געוואָלט, אַז דאָס מענשליכע געוויסען זאָל זיך האַלטען אין איין צאַפּלען און פיהרען אַ שטענדי־גע מלחמה געגען יעדע אונגערעכטיגקייט. דער נביא האָט דערי־בער העפטיג מיט פייערגלוט פּראָטעסטירט געגען דאָס שכור־מאַכענדע בלוט פון פעטע קרבנות.

און אויך דער מאַרקסיזם, צוגעפּאַסט צו די מאָדערנע אנשווי־אונגען און שטרעמונגען אין דער מענשליכער געזעלשאַפט, האָט אין זיך געהאַט אַ ניצוץ פון יענעם גרויסען פּראָטעסטירענדען גייסט, וועלכער האָט פון די אור־אַלטע צייטען אָן ניט געלאָזען איינשלאָפען דאָס מענשליכע געוויסען, אַ ניצוץ פון יענער גרויסער ליידענשאַפט, וועלכע האָט צוערשט אויפגעפלאַקערט אויף דעם סיני און דערנאָך אריבערגעשפּרונגען אויף אנדערע פלעצער און זיי בעלויכטען מיט דעם סיני׳אישען אבגלאַנץ. און עס איז געווען מערקווירדיג צו בעאַבאַכטען, ווי איין א י ד האָט אַרונטערגע־נומען פון פּיעדעסטאַל אַן א נ ד ע ר א י ד ע ן, און ניט האָ־בענדיג די כונה צו פערנעהמען זיין פּלאַץ, דעם כמעט דורך יאָהר־טויזענדע געהייליגטען פּלאַץ, האָט ער איהם דאָך פערשאַפט די שטאַרקסטע קאָנקורענץ. די בילדער פון קאַרל מאַרקס און פערדי־נאַנד לאַסאַל האָבען פערנומען דעם פּלאַץ פון ה י י ל י ג ע ביל־דער, איינער אלס „גרינדער“, דער צווייטער אלס „אַפּאָסטאָל“, אין די אונצעהליגע קליינע ארבייטער דירות, וואוהין זיי האָבען אריינ־געטראַגען ליכט און וואַרימקייט.

פאַר די ארבייטער האָט זיך די מאַרקסיסטישע לעהרע פער־וואַנדעלט אין אַ נייע „ענטפּלעקונג“, אין אַ נייע תורה, און ווי יעדע נייע תורה האָט אויך דער מאַרקסיזם געמוזט דורכמאַכען זיין ש ט ו ר ם א ו ן ד ר א נ ג פּעריאָדע. אין דיעזער צייט פון שטורם און דראַנג האָבען די מאַרקסיסטישע אַפּאָסטעל געדונערט

אנקעגען די קירכע מיט דערזועלבער ביטערקייט, ווי יעדע נייע אמונה טרעט אויף אקעגען די אלטע. זיי האבן געזוכט מיאוס צו מאכען ביי די מאסען אלע קירכליכע איינריכטונגען, ארויסשטעלען זייער לעבערליכקייט און פאלשקייט, ביז זיי האבען זיך דערקליערען צום קריסטליכען גאט אליין, ניט רעכענדיג זיך מיט דער פאלקס פסיכע. זיי האבען געשטרעבט מ ב ט ל צו זיין דאס קריסטענטהום און אויף זיינע רואינען אויפבויען דעם מארקסיזם אלס א פ ר א ל ע ט א ר י ש ע רעליגיאן אים געגענזאץ צו דער הערשענדער רעליגיאן פון די רייכע. איז דא א טיעפער אבגרונד צווישען ארבייט און קאפיטאל, מוז פערוואַרפען ווערען יעדע רעליגיאן, וועלכע זוכט צו בויען בריקען צווישען דעם ארבייט־געבער און דעם ארבייט־נעהמער. דער קאנפליקט מוז זיין שטרענג דורכגעפיהרט, ביז צום הימעל, ביז צו דער גאטהייט.

און אין איינעם מיט דער רעליגיאן האט מען זיך גענומען פאר דאס נאציאנאלע געפיהל פון די מאסען. די סאציאל־דעמאקראטישע פיהרער האבען אין זייערע בעציהונגען צום נאציאנאלען פאלקס־געפיהל געמאכט דעם זעלבען פאלשען חשבון ווי זיי האבען געמאכט אין זייער פערהעלטניס צו דער רעליגיאן. אי דאס נאציאנאלע געפיהל האבען זיי בעטראכט ווי א פראדוקט פון דער בעשטעהענדער געזעלשאפטליכער ארדנונג, און ווי באלד זיי זיינען געקומען צו בעקעמפפען די בעשטעהענדע ארדנונג און איינפיהרען א נייע, מוז אלץ אוועקגערוימט ווערען, וואס איז פערבונדען מיט דער אלטער ארדנונג. אויבערפלעכליך האבען זיי גערעכנט, אז די רעליגיאן ווערט אונטערשטיצט פון די הויכע, זיי בויען די קירכען, זיי בעצאהלען די פרעדיגער, און די קירכע שטעהט אים דיענסט פון דעם קאפיטאל. פונקט אזוי האבען זיי אויבערפלעכליך גערעכנט, אז די רייכע זיינען זעהר נאציאנאליסטיש געשטימט און אונטערשטיצען דעם א פ י צ י ע ל ע ן נאציאנאליזם. מסתמא, טויגען זייביידע אויף כפרות און מען מוז זיי ערקלערען א פערניכטונגס קאמפף.

זיי האבען זיך אבער ניט פערטיעפט אין די מענשליכע פסיכע און זיי האבען ניט א קלעהר געטהאן: אפשר געהט פאר אויף דעם

געביעט פון דער רעליגיאָן און דעם נאַציאָנאַליזם עטוואָס עהנליכעס ווי אויף דעם עקאָנאָמישען געביעט? אפשר האָט דער קאַפּי־טאַליזירונגס פּראָצעס ארומגענומען אויך די רעלי־גיעזע און די נאַציאָנאַלע זייט פון דער געזעלשאַפט און פונקט ווי אויפ'ן עקאָנאָמישען געביעט קאָנצענטרירט זיך אין די הענד פון אַ קליינער גרופּע אויך עטוואָס אנדערעס וואָס ווערט געשאַפען פון גאַנצען פאָלק און בילדעט זיין גייסטיגעס פערמעגען? אפשר איז גאָר די רעליגיאָן ווי אויך דאָס נאַציאָנאַלע עמפּפינדען אַן און פאַר זיך עטוואָס, וואָס געהט ארויס פון דער פאָלקס נשמה, טיעף אין איהר איינגעוואָרצעלט און פעסט מיט איהר פערבונדען פאַר אייביג, און גראָדע מחמת דעם טעם האָבען זיך די רייכע און די שטאַרקע אָנגעכאַפּט אָן דיעזע צוויי מאָמענ־טען, געזוכט איינצושפּאַנען זיי אין זייער אייגענעם וואָגען, כדי צו האָבען מעהר השפּעה אויף די מאַסען?

א לאַנגע צייט האָט עס גענומען ביז די פיהרער האָבען זיך ארומגעזעהן, אַז עס איז פּשוט געפעהרליך אָנצופיהרען דעם קולטור קאַמפּף מיט די זעלבע מעטהאָדען, ווי זיי האָבען איהם געפיהרט אין דער שטורם־ און דראַנג־פּעריאָדע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער בעוועגונג. זיי האָבען געמוזט איינזעהען, אַז דער מאַרק־סיזם האָט מעהר ניט ווי אויפגעוויזען פערנומען דעם פּלאַץ פון אַ פאָלקס רעליגיאָן, נאָכדעם איז ער געוואָרען דאָס, וואָס ער איז אין עצם געווען פון אָנהויב אָן — אַ פּאָליטיש־סאָציאַלע לעהרע, וועלכע ענטשפּרעכט דעם וואונש פון די ארביי־טענדע מאַסען אויף דעם געביעט פון זייער עקאָנאָמישען קאַמפּף. ניט ווייניגער אָבער אויך ניט מעהר.

און שריט ביי שריט האָבען זיי זיך אָבגעזאָגט פון דער אַפּיציעלער בעקעמפּפונג פון דער רעליגיאָן אַלס אַזעלכע, און שריט ביי שריט האָבען זיי זיך צוריקגעקעהרט צו דעם נאַ־ציאָנאַליזם, אָהן וועלכען אַ געזונד פאָלק קאָן גאָר ניט עקזיסטירען. נאָך לאַנג, לאַנג פאַר דער מלחמה האָבען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פערטרעטער געפונען פאַר נויטיג הילכיג צו ערקלעהרען אין דייטשען רייכסטאַג, אַז דעם אמת'ען פּאַטריאָטיזם דאַרף מען זוכען ניט

ביי די רייכע, נאָר ביי די ארבייטער. זיי, די ארבייטער, האָבען דויפּטזעכליך מיט זייער שוויים און בלוט אויפגעבויט דעם שטאַאַט, און זיי וועלען איהם בעשיצען מיט זייער ברוסט אין דעם מאָמענט פון געפאהר. אין די בירגערליכע קרייזען איז מען געווען ערשטוינט איבער די פּאַטריאָטישע רעדען פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פיהרער. זיי האָבען אָבער געהאַלטען אזעלכע רעדען ניט כדי צו נושא חן זיין ביי דער רעגיערונג אָדער ביי בירגערליכע קלאַסען, נאָר מחמת זיי האָבען אין דיזע רעדען אויסגעדריקט די אמת'ע שטימונג פון די ארבייטער־מאַסען.

דער ארבייטער האָט זיין פּסיכאָלאָגיע ניט געענדערט. געענדערט האָט זיך די אויפפאַסונג און די טאַקטיק פון די פיהרער.

עפּוואָס ערגליכעס איז אויך פאָרגעקומען ביי אונז, אין אונזער סאָציאַלער ענטוויקלונג, אָבער מיר האָבען געהאַט פיעל מעהר ווי די אנדערע אויסצושטעהען פון דער שטורם־ און דראַנג־פּעריאָדע, וועלכע האָט געטראָגען אויף זיך דעם אונשעהנעם גלות־שטעמפּעל, ווי אַלעס וואָס שפּיעלט זיך אָב אין אונזער גלות לעבען.

### III

## די נאַציאָנאַלע ערוואַכונג פונ'ם אידישען ארבייטער

אין מיינע פריהערינגע אויספיהרונגען האָב איך זיך אָבגעשטעלט אויף די פאָרמען פון דעם קולטור־קאַמפף, וועלכע די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אין די ערשטע יאָהרצעהנטען פון איהר ענטוויקלונג געפיהרט אנקעגען די קירכע און דעם פאָלקס־נאַציאָנאַליזם. איך האָב זיך אויך בעמיהט צו בעווייזען, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע לעהרע, וועלכע איז אריינגעטראָגען געוואָרען אין די ארבייטער מאַסען, האָט אליין באלד אָנגענומען אַ מין רעליגיעזען כאראקטער. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דאָגמען האָבען זיך באלד פערוואנדעלט אין אַ פּראָלעטארישען „אני מאמין" און דער מארקסיזם איז אריינגעקוועטשט געוואָרען אין פּאראגראפען פון אַ פּארטינען „שולחן ערוך". פאַר די מאַסען, וועלכע האָבען ניט

פיעל פרייע צייט און זיינען אויך ניט פאַרבערייטעט פאַר וויסענ־שאפטליכע חבורים, איז געשאפען געוואָרען אַ מארקסיסטישער קאַ־טעכיזם, אַ מין „קיצור שולחן ערוך". דיזעלבע ערשיינונג, ווי מיר טרעפען זי אָן אין דער ענטוויקלונג פון כמעט אלע אמונות. אויף נאָך איין איינציגען פונקט וויל איך הינדייטען, וועלכער בעווייזט קלאָהר, ווי וויים די מאסען האָבען געקוקט אויף דעם סאָציאל־דעמאָקראטיזם ווי אויף אַ נייע תורה, אז אפילו די רעליגיעזע טערמינאָלאָגיע האָט געפונען אַנווענדונג בנוגע צום מארקסיזם. מארקס איז געווען אַ פילאָזאָף, אַ בעגרינדער פון אַ נייער געשיכטס אויפפאסונג, ער איז דערגאנגען, אָדער געגלויבט אז ער איז דערגאנגען צו דער אור־צעלע פון די געזעל־שאפטליכע בעציהונגען. ווי איך האָב שוין פריהער דערמאָנט, האָט ער זיך מיט טהעאָלאָגישע פראגען ניט בעשעפטיגט. און דאָך איז ער דער איינציגער אונטער די פילאָזאָפישע דענקער, וועלכער האָט זוכה געווען צו האָבען אָרטהאָדאָקסע אנהענגער. ווער האָט איינגעפיהרט דעם טערמין אָרטהאָדאָקס אין פערבינדונג מיט דעם מארקסיזם? איך גלויב, אז ווען אפילו אירגענד אַן איינצי־נער אינטעליגענט האָט צוערשט געברויכט דיעזען אויסדרוק, איז דאָס אויך אַ סימן פאַר די שטימונגען, וועלכע האָבען געהערשט אין די מאסען. ווען די מאסען וואָלטען ניט נעגעבען זייער חתימה אויף דיעזע אויסערגעוועהנליכע בעצייכנונג, וואָלט דער אויסדרוק „מארקסיסטישע אָרטהאָדאָקסיע" ניט בעקומען קיין בירגער־רעכט אין דער סאָציאל־דעמאָקראטישער ליטעראטור.

אין דער אידישער וועלט האָט דערזעלבער קולטור קאמפף אָנ־גענומען נאָך אַ פיעל העסליכערען און אַ פיעל שעדליכערען חאַ־ראקטער ווי אין דייטשלאנד אָדער אין די אנדערע מדינות.

אין דייטשלאנד גופא האָט דער סאָציאל־דעמאָקראטישער קולטור־קאמפף אויף קיין האָר ניט אָנגעריהרט דאָס אידישע לעבען. דער אידישער ארבייטער איז אין דייטשלאנד כמעט ניט בנמצא. און די איינצעלנע אידישע אינטעליגענטען, וועלכע זיינען צוגע־שטאַנען צו דער סאָציאל־דעמאָקראטישער אָרגאניזאציאָן, זיינען דערשלונגען געוואָרען אין דער אלגעמיינער מאסע. זיי זיינען

אריינגעטראָטען אין די אָרגאַניזאַציאָן ווי די דייטשען, אָהן זאָנדער אינטערעסען, אָהן ספּעציעלע אויפגאבען, ניט ווילענדיג און ניט ווייסענדיג האָבען זיי בעשטימט אריינגעטראָגען אין די סאָציאַל־דעמאָקראטישע רייהען אַ ספּעציפיש אידישע נאָטע — אָבער דאָס האָט ניט קיין שייכות צו דעם ענין, וועלכער אינטערעסירט אונז דאָ.

פון דייטשלאנד איז דער סאָציאַל־דעמאָקראטיזם אריבערגעוואָרפען געוואָרען אין רוסלאנד, און אַ בעדייטענדער טהייל פון דער אידישער יוגענד איז גלייך צוגעשטאנען צו איהם, מיט היץ און אייפער, ווי די יוגענד, און בעזונדערס נאָך מיט אן אָריענטאלישער ליידענשאפט, איז נאָר אימשטאנד נאָכצולויפען אַ נייער אידעע. אָבער אויך די אידישע יוגענד אין רוסלאנד איז צוגעשטאנען צו דער נייער בעוועגונג ניט ווי אַ אידישע יוגענד, נאָר ווי אַ טהייל פון דער אלגעמיינער רוסישער. דעם אידישען קולטור קאמפף האָט זי ניט אויפגענומען, ווייל זי האָט דאָס יודענטהום פּשוט אינג־נאָרירט. ווען זי איז אפילו געגאנגען צו דעם אידישען ארבייטער, האָט זי זיך ווייניג געקימערט וועגען זיין אויסנאהם־שטעלונג אין דער ארבייטער וועלט גופא. זי האָט ניט פערשטאנען, אַז די אידישע געזעלשאפט האָט אן אייגענע סטרוקטור צוליעב דער אייגענער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער לאגע, וועלכע דאָס אידישע פאָלק נעהמט איין צווישען די הערשענדע נאציאָנען. ניט נאָר האָט זי זיך ניט פערטיעפט אין דאָס אידישע פּראָבלעם, זי האָט געלייקענט די עקזיסטענץ פון דעם פּראָבלעם, ניט אנערקענט זיין בעדייטונג. די אידישע פראגע — דאָס איז מעהר ניט ווי אַ צופעליגקייט, די פאָלגע פון אַ בעשטימטען מלוכה רעזשים. ווען דער רעזשים וועט אונטערגעהן, וועלען ממילא די אידישע און עהנליכע פראגען פערענטפערט ווערען.

ערשט מיט דעם וואוקס פון דער אידישער ארבייטער צאָהל, ערשט מיט דער ענטשטעהונג פון נייע פון אידען געשאפענע אינדוסטריען, וואו דער אידישער ארבייטער האָט געפונען בעשעפטיגונג (פון די רוסישע פאבריקען איז דער אידישער ארבייטער געבליבען כמעט ווי אויסגעשלאָסען עד היום הזה), האָט אָנגעהויבען קלאָהר

צו ווערען פאר דעם אידישען אינטעליגענטען סאָציאַל־דעמאָקראַט, אז מען קאָן ניט קומען צו די אידישע מאסען מיט א פארטיגען „שולחן ערוך“, אז פיעלעס מוז אנדערס צוגעשניטען זיין, מעהר צוגעפּאסט צו די בעדערפניש און צו דעם כאראקטער פון דעם אידישען ארבייטער.

דורך די נויט פון די אומשטענדען, דורך דעם **צוואנג פון אונטען** איז געבאָרען געוואָרען דער „בונד“, די ערשטע **אידישע** סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציאָן. די ענטשטעהונג פון דעם „בונד“ איז געווען איינע פון די וויכטיגסטע עטאפען אויף דעם ענטוויקלונגס וועג פון דעם אידישען ארבייטער. מיט דעם ערווערב פון אן איינגענער פערטרעטערשאפט, האָט ער זיך אָנגעהויבען צו עמאנסיפּירען פון דעם אינערען יאָך, וועלכען ער האָט ביז אהין געטראָגען אין די ארבייטער אָרגאַניזאַציאָנען גופא. ליידער אָבער האָבען די פיהרער פון „בונד“, לכל הפחות אין די ערשטע 6—8 יאָהר פון זיין ענטשטעהונג, נאָך געלעבט אין די **אלטע** סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טראַדיציאָנען. אלס אייניקלעך פון זיידעס, וועלכע האָבען אָבגעהיט דעם שולחן־ערוך מיט אלע חומרות, האָבען זיי אין מארקסיזם פערטראָטען די **עקסטרעם** ארטהאָדאָקסע ריכטונג און דעם קולטור קאמפף האָבען זיי אָנגעפיהרט נאָך מיט מעהר ביטערקייט ווי די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטען אין זייער צייט. עס איז געווען א פערניכטונגס־קאמפף געריכטעט אי געגען די אידישע רעליגיאָן מיט אלע איהרע טראַדיציאָנען, אי געגען דעם אידישען נאַציאָנאַליזם. דער פאקט וועט בלייבען פערשריבען אין דער אידישער געשיכטע אויף אייביג: די אידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט בעקעמפפט די אידיש־נאַציאָנאַלע בעפרייאונגס בעוועגונג, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם ציוניזם, ניט מיט ווענינער שארפקייט און געהעסיגקייט ווי די רייכע אסימילאַטאָרישע און אסימילירטע בורזשואזיע מיט איהרע העלפער און העלפערס העלפער.

מיט דער צייט אָבער האָט דער „בונד“ געמוזט ענדערען זיין פּראָגראַם בנוגע צום פּונקט נאַציאָנאַליזם, און ווידער אונטער דעם דרוק פון אונטען. דאָס ביסעל נאַציאָנאַליזם, וואָס דער „בונד“

האָט אויפגענומען אין זיין פּראָגראַם, איז געקומען ניט ווי דער מהוי פון אויבען, נאָר ווי אַ קוואַל פון אונטען, דורך די פּאָדערונגען פון די אידישע אַרבייטער־מאַסען. און נאָך ביז אויף היינטיגען טאָג איז די דיסטאַנץ צווישען דעם פּראָגראַמאַטישען נאַציאָנאַליזם פון דער אידישער סאָציאַל דעמאָקראַטיע און צווישען די נאַציאָנאַלע שטימונגען פון די אידישע מאַסען זעהר גרויס. די אידישע מאַסען זיינען באמת נאַציאָנאַל געשטימט און אָפען פאַר די העכסטע נאַציאָנאַלע אידעאַלען. די פיהרער אָבער האָבען מעהר ניט אַרויסגע־נעבען אַ הכשר אויף אַ פאַרעווען נאַציאָנאַליזם, פּונקט ווי אַ ליבעראַלער רב גיט אַרויס אין אַ נויט־פאַל אַ הכשר אויף אַרבעס און הערינג צו פּסח.

די גרויסע דיפערענץ צווישען די שטימונגען פון די מאַסען און צווישען דער וועלט אנשויאונג פון די אידישע סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישע פיהרער האָט אַרויסגערופען אַ נייע אידישע אָרגאַניזאַציאָן — די פּועלי־ציוניסטישע, וועלכע איז בערופען צו פערנעהמען מיט דער צייט דעם פּלאַץ פון דער אמת'ער און אלזייטיגער פערטרעטעריין פון די אידישע אַרבייטער מאַסען. זי איז נאָך יונג אין יאָהרען דערוויל, זי האָט נאָך ניט געקאָנט גובר זיין אין דער קורצער צייט פון איהר עקזיסטענץ די נעגאַטיווע השפעה פון איהרע עלטערע שוועסטער, וועלכע האָבען געזוכט צו ווירקען אויף די אידישע מאַסען ענטנאַציאָנאַליזירענד. איהר צוקינפטיגע ענטוויקלונג איז אָבער זיכער, ווייל זי ענטשפּרעכט דעם אידישען פאָלקס־גייסט, ווייל זי האָט איהר טהעאָרעטישע בעגרינדונג ניט געבאָרגט, ניט געליהען און אין איהר ענטוויקלונג קיינעם ניט נאָכגעמאַכט, ווייל זי קומט צו די אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנען ווי אַ גלייכע צו גלייכע, ווען ניט אין דער שטאַרקייט, וואָס דריקט זיך אויס אין צאָהלען, אָבער אין דער שטאַרקייט פון איהר ספּעציפישען נע־וויכט, פון איהר אינערער וואַרהאַפטיגקייט.

צופיעל האָבען מיר נאָכגעמאַכט אַנדערע און פערלייקענט אונזער איינענע נאַטור. מיר האָבען דערביי פערגעסען, אַז ווי דער דייטש, דער פראַנצויז און אַזוי ווייטער זאָל ניט פרעדיגען אפילו דעם עקסטרעמסטען קאָסמאָפּאָליטיזם, איז די סכנה פאַר דעם נאַ־

ציאָנאַלען קיום פון זייער פאָלק ניט גרויס. דער דייטש, דער פראנצויז און אז. וו. האָט ניט פשוט וואוהין צו ענטלויפען. ער מאָג זיך צורייסען, ער בלייבט דאָך אין זיין פאָלק, רעדט זיין שפראַך, האָדעוועט זיינע קינדער אין דעם גייסט פון זיין פאָלק און העלפט בויען די געזאמטע קולטור פון זיין אייגען פאָלק. ביי אונז אָבער איז דאָ וואוהין צו אנטלויפען, און אונזער יוגענד איז טאקע געלאָפען, האָט געזוכט פרעמדע פעלדער, געטרענקט פרעמדען באָדען אָי מיט שוייס, אי מיט בלוט, און איז געוואָרען א היטערין פון פרעמדע וויינגערטנער.

די יוגענד איז געלאָפען, און די פיהרער האָבען צוגעפאטשט „בראוואָ", ביז עס איז געקומען דער קריזיס, דער שרעקליכער קריזיס, ביז מיר האָבען אייגגעזעהען, אז אונזער אינערער חורבן איז אפשר גרעסער און סכנות'דיגער פאר אונזער קיום, ווי אלע פערפאָלגונגען, וועלכע מיר האָבען אויסצושטעהן פון אונזערע שונאים.

און א שטארקער מאָהנרוף האָט פערהילכט די אידישע וועלט, א מאָהנרוף צו בעזינען זיך און אומצוקעהרען זיך צו זיך אליין.

און דער אידישער ארבייטער קאָן ניט בלייבען טויב פאר דיעזען רוף. ער וועט זיך מוזען אָברופען.

12—17 אָקטאָבער, 1916.

# אַ דוחק אויף ווערטער

דאָ ווערט נערעדט מכח אַ קולטורעלער קראַנקהייט, פון וועל־כער די מענשהייט ליידט אָבער ניט ווענינער און אפשר נאָך מעהר ווי פון די פיזישע קראַנקהייטען. די קראַנקהייט בעשטעהט אין דעם, וואָס מיר אפּערירען מיט אַלטע ווערטער, וועלכע דעקען ניט מעהר די נייע געבאָרענע בעגריפען און טראָגען דורכדעם אַריין אַ פּלאָנ־טער אין די געדאַנקען וועלט. דאָס קומט דערפון, וואָס די שפּראַכע, דאָס וויכטיגסטע פערקעהרס־מיטעל צווישען מענש און מענש, איז מעהר קאָנסערוואטיוו, מעהר ריקשטענדיג אין איהר ענטוויקלונג ווי אַלע אנדערע מיטלען, וואָס דיענען צום זעלבען צוועק. דאָס לעבען ווערט מיט יעדען טאָג קאָמפּליצירטער, יעדען טאָג ווערען מיר רייכער מיט נייע בעגריפען, מיר זיינען אָבער זעהר לאַנגזאַם אין דער שאַפונג פון נייע ווערטער. אין דער טעכניק געהט עס נאָך ווי עס איז, ווייל די נויט צווינגט אונז צו געבען אַ נייעם נאָמען דעם נייעם נעגענשטאַנד, זוכען מיר אוים אַלע ווערטער און שאַפען פון זיי נייע קאָמבינאַציאָנען. אַם מייסטען מאַכען מיר אַ הלואה ביי די אַלטע גריכען אָדער די אַלטע רוימער. מיר זיינען פּראַקטיש. מיר מאַכען דאָרט הלואות, וואו מען ברויכט ניט צו צאָהלען צינזען און וואו קיינער פערלאַנגט אויף דעם קרן ניט צוריק. קומט אָבער צו דער אידעען וועלט, ציינט זיך דאָ ארוים אונזער גאַנצע אונפע־הינקייט צו זיין שעפּפעריש, און ווען מיר דענקען אפילו מיט נייע בעגריפען, שלעפּען מיר זיך נאָך נאָך די אַלטע ווערטער.

נו, קאָן מען מיינען, אַז דערין שטעקט ניט קיין סכנה. זאָלען וועגען דעם דאַנה׳נען די פילאָזאָפען אָדער די וואָרט־קינסטלער ווען זיי פיהלען אַ שפּע אין בעגריפען און אַ דוחק אין ווערטער. דער דורכ־שניט מענש האָט זיך ניט וואָס צו קימערען וועגען דער ווערטער

קנאַפּהייט. דער דורכשניט מענטש קען אפילו ניט די העלפט ווער־טער פון זיין אייגענער שפּראַכע, און ווען ער קען זיי, ווייס ער ניט ווי מען ווענדט זיי ריכטיג אָן. מען טאָר אָבער ניט אורטהיילען אזוי. מען טאָר ניט פערגעסען, אז א וואָרט איז מעהר ווי א ס י מ ן, מעהר ווי א ב ע ש ר י י ב ו נ ג פון א בעגריף. מיט דעם וואָרט גיבען מיר אָבער איינער דעם אנדערן אויך דעם א י נ ה א ל ט ג ו פ א פון דעם בעגריף, און דעריבער, ווען מיר ווענדען אָן פאלשע ווערטער, טראָגען מיר אריין פאלשקייט אויך אין אונזערע בעגריפען און דערנאָך איז אונז שווער ארויסצוקריעכען פון אונזער אייגענעם סכסוך. מילא אין דער קאָנקרעטער וועלט פון געגענ־שטאנדען איז די געפאהר ניט אזוי גרויס, ווען דאָס וואָרט פּאסט ניט אזוי צום געגענשטאנד. דער וואָס איז פּעראינטערעסירט אין דעם געגענשטאנד פערלאָזט זיך ניט אויף דאָס וואָרט, ד. ה. אויף דעם נאָמען פון געגענשטאנד. ער אונטערזוכט דעם געגענשטאנד גופא. קויפט ער, צום ביישפּיעל, אן אויטאָמאָביל, וועט ער זיך ניט פערלאָזען אויף דעם נאָמען אויטאָמאָביל, ער ווייס געוויס דעם אונטערשיעד צווישען א פּעקארד און א פאָרד, א. אז. וו., אָבער אין דער אידעען וועלט, וואו מען האָט צו טהאָן מיט אבסטראקטע בעגריפען, וואו מען קאָן דעם געגענשטאנד ניט אָנטאפּען, טראָגט אריין די אָנווענדונג פון ניט פּאסענדע ווערטער א צוטומלעניש אין די בעגריפען, מען קומט צו פאלשע אורטהיילען, און דער אמת, די ריכטיגע זאכלאגע ווערט פערדונקעלט. דיעזער אומשטאנד האָט ניט נאָר א טהעאָרעטישע בעדייטונג, ער איז וויכטיג ניט נאָר פאר געלעהרטע, ער שפּיעלט א בעדייטענדע פּראקטישע ראָליע, ער האָט א גרויסען איינפלוס אויף די ענטוויקלונג פון אונזערע אידעען און פאָרשטעלונגען און דורך זיי אויף אונזער גאנצען פּאָרטשריט.

אָהן קיין שום ספק וואָלט די מענשהייט ניט געווען אזוי גע־שטערט אין איהר פּאָרטשריט, ווען מיר וואָלטען קאָנען דערגריי־כען איינער דעם אנדערן אונמיטעלבאר מיט די געדאנקען, אָדער ווען אונזער שפּראַכע וואָלט געווען אזוי פאָלקאָמען, אז מיר זאָלען מיט ווערטער קאָנען אויסדריקען גאנץ פּרעציז אונזערע געדאנקען. דערווייל זיינען מיר נאָך ווייט פון דעם אידעאל.

אין דער לעצטער צייט איז מיר אויסגעקומען זעהר אָפט צו בעגעגענען זיך מיט אמעריקאַניש־ענגלישע זשורנאַליסטען. זיי האָבען אַלע גערעדט מיט מיר מכח דער מלחמה און מעהר ווי אַלץ האָט זיי אינטערעסירט דער אָנפאַנג, די אורזאַכע פון דער מלחמה, ניט די פּאָליטישע אָדער די דיפּלאָמאַטישע אורזאַכע, וועלכע יעדע פון די קעמפּפענדע מלוכות טרייסעלט פון זיך אָב און וואַרפט זי ארויף אויף איהר געגנערין, די ענגלענדער אויף די דייטשען, די דייטשען אויף די ענגלענדער און אז. וו. — זיי האָט אינטערע־סירט די וועלט־היסטאָרישע אורזאַכע, וועלכע האָט צו טהאָן ניט מיט איינצעלנע מלוכות, נאָר מיט דער ענטוויקלונג פון דער גאַנצער מענשהייט. איך האָב זיך דערפרעהט, ווען איך האָב געמערקט, אַז אויך די אמעריקאַנער זשורנאַליסטען דערהויבען זיך צו אַ העכערער מדרגה פון זוכען און פאָרשען, וואָרים פון אַ העכערען שטאַנדפּונקט אויס בעטראַכטעט קאָנען מיר דאָך ניט צו־לאָזען, אַז אַן איינצעלנע מלוכה, אָדער נאָר אַן איינצעלנע פּאַסי־רונג אין אַ בעשטימטער מלוכה קאָן אראָבבּיהרען פון וועג אַ האַל־בע וועלט און אָנמאַכען אַזא חורבן. אַזעלכע קאַטאַסטראָפען ווי מלחמות איבערהויפּט און נאָך ווי די איצטיגע מלחמה מוזען פער־שטאַנען ווערען ווי אַ רעזולטאַט פון דער אַלגעמיינער אינטערנאַ־ציאָנאַלער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט. עטוואָס מוז זיין פאַלש אָדער פערדאָרבען אין דער גאַנצער ענטוויקלונג, ווען די וועלט־מלחמות זיינען נאָך מעגליך.

ווי גרויס איז אָבער געווען מיין ערשטוינונג, ווען איך בין בעקאַנט געוואָרען מיט דער הערשענדער מיינונג וועגען דער אורזאַכע פון דער מלחמה, וועלכע איז אַקצעפּטירט געוואָרען פון דער זשורנאַליסטישער וועלט אַלס אַ פעסטשטעהענדער אמת. אַלע, אָהן אויסנאַהמע, מיט וועמען מיר איז אויסגעקומען דורכצו־שמועס'ען זיך מכח דעם ענין, האָבען בעהויפּטעט, אַז זיי זעהען די ערשטע און די הויפּט אורזאַכע פון דער איצטיגער מלחמה אין דעם „נאַציאָנאַליזם". די פעלקער זיינען צו אויסגע־שפּראָכען „נאַציאָנאַל" אין זייערע עמפּפינדונגען, און דעריבער קאָנען זיי ניט לעבען מיט איינאַנדער בשלום.

פשוט און גלאַט, ווי דער מעכאַניזם פון אַן אינגעריזאַל זייַנערל.

איך האָב געפּרואווט מתוכח זיין זיך מיט זיי. איך האָב פּערזוכט צו צווינגען זיי, זיי זאָלען זיין לאָגיש. ביי די הנחות איז עס נאָך געגאַנגען, דאָס הייסט ביי דער טהעזע און דער אַנטי־טהעזע. איז אָבער געקומען צום בעשלוס, צום סילאָגיזם — דאָ האָבען זיי זיך אָנגעהויבען צו בריקען און עקשנ׳דיג ניט מודה זיין אין שטרענג לאָגישע אויספיהרונגען.

— זייט איהר מודה, אַז אַ נאַציאָנאַליסט מוז אַנערקענען דעם נאַציאָנאַליזם אַלס פּרינציפּ?

— יע, מיר זיינען מודה.

— זייט איהר מודה, אַז ווי באַלד מיר זיינען פּרינציפּיעלע נאַציאָנאַליסטען מוזען מיר אַנערקענען דאָס רעכט פון יעדער נאַציאָן אויף פרייע ענטוויקלונג?

— יע, מיר האָבען ניט וואָס איינצואווענדען געגען אַזאַ הנחה.

— זייט איהר מודה, אַז דער, וואָס צושטערט פרעמדע נאַציאָנען דורך אונטערדריקונגען אָדער מלחמות, ארבייט געגען די פאָדערונגען פון דעם פּרינציפּיעלען נאַציאָנאַליזם?

— יע, אונז שיינט, אַז אויך דיעזע בעהויפּטונג איז אַ ריכטיגע.

— היינט פאַר וואָס וואַרפט איהר די שולד פון דער מלחמה אויף דעם נאַציאָנאַליזם און איהר זעהט ניט איין, אַז אין אמת׳ען פאַלט די שולד אויף די צושטערער פון דעם נאַציאָנאַליזם, אויף די, וועלכע ערקענען ניט אַן דעם נאַציאָנאַליזם אַלס פּרינציפּ?

— אָבער זיי זיינען דאָך פּאָרט נאַציאָנאַליסטען! ביסמארק און מאָלטקע — זיינען זיי דען ניט געווען קיין נאַציאָנאַליסטען? האָט זיי דען די גאַנצע וועלט ניט בעטראַכט ווי די פערקערפּערער פון דעם אולטראַ־נאַציאָנאַלען געדאַנק? האָבען דען מיר אַליין, אין אונזער איינגעשאַפּט אַלס זשורנאַליסטען, זיי ניט אַרויסגע־

שטעלט אַלס מוסטער בילדער פון נאַציאָנאַליזם? אין אייער לאַנ־
גיק מוז שטעקן אַ בעהאַלטענער סאָפיזם!

איך הויב אָן פון אָנהויב, ווי מיט חדר אינגלעך צו בויען דעם
סילאָגיזם און וויל זיי איבערצייגען, אַז זיי אָפּערירן מיט פאַלשע
ווערטער, אַז דאָס וואָס זיי רופן אָן נאַציאָנאַליזם איז דער אויס־
געשפּראָכענער אַנטי־נאַציאָנאַליזם. עס העלפט אָבער ניט. איך
מערק, אַז די קראַפט פון אַ וואָרט, פון אַן אקצעפּטירטער בעצייכנונג
פון אַ בעגריף איז שטאַרקער פאַר יעדן לאָגישן בעווייז.

איך מאַך אַ פערזוך.

אַ שטאַרקער שלאָגט אַ שוואַכן. וואו ליגט די אורזאַכע —
אין דעם כח פון דעם שטאַרקן אָדער אין די הילפסלאָזיגקייט פון
דעם שוואַכן? וועט איהר געבן אַן עצה, כּדי עס זאָלן מעהר
ניט פאָרקומען קיין שלעגערייען, אַז מען זאָל שוואַך מאַכן דעם
שטאַרקן, ביז ער וועט קיין כח ניט האָבן צו שלאָגן זיך, אָדער
שטאַרק מאַכן דעם שוואַכן, זאָל עס זיין דורך געזעלשאַפטליכען
שוץ אָדער דורך דעם שוץ פון דער מלוכה? און ווי וועט איהר
אָנרופן דעם שטאַרקן, וואָס שלאָגט זיך, מיסברויכענדיג זיין
איבערלעגענעם כח: איז ער נאָך אייער מיינונג אַן אינדיווידואַליסט,
אָדער אַן אַנטי־אינדיווידואַליסט? מוז דען ניט דער אינדיווידו־
אַליסט מודה זיין אין דאָס אינדיווידועלע פּרינציפּ און אַנערקענען
דאָס רעכט פון יעדער איינצעלנער פערזאָן אויף פרייהייט, לכל
הפחות אויף ניט געשלאָגן ווערן?

— יע, איהר זייט גערעכט. געווים איז דער שטאַרקער, וועל־
כער שלאָגט זיך, אַן אַנטי־אינדיווידואַליסט.

— הייַנט מיט וואָס פאַר אַ רעכט רופט איהר אָן די גרויסע
און די קליינע ביסמאַרקס, אָדער ווי זיי הייסן דאָרט, נאַציאָנאַ־
ליסטען? בעגרייפט נאָר דעם שאַדען, וואָס איהר זייט גורם דער־
מיט. איהר רופט אָן דעם ע ר אָ ב ע ר ע ר, דעם אונטער־
דריקער נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ס ט, און איהר פערדינט דער וועלט,
אַז די גאַנצע מלחמה איז ענטשטאַנען צוליעב נאַציאָנאַליזם. פער־
אורטהיילט איהר, הייסט דאָס, דעם נאַציאָנאַליזם. דערנאָך קומט
דער אונטערדריקטער, דער אונטעריאָכטער און ער שרייט וועגן בע־

פרייאונג אין נאָמען פון נאַציאָנאַלען פרינציפּ. דאָס גרויסע פּובלי־
קום איז אָבער בעאיינפלוסט געוואָרען פון אייערע שרייבערייען,
הערט דאָס וואָרט נאַציאָנאַליזם און ווערט פערצאפּעלט. און
עס מוז געהמען א לאַנגע צייט, ביז מען ערקלעהרט דעם פּובליקום
דעם אונטערשיעד צווישען די צוויי מינים נאַציאָנאַליזם, און ניט
אַלע מאָל גיט זיך דאָס איין, ניט אַלע מאָל קאָן מען אויפקלעהרען
א פּובליקום.

איז עס שוין ניט די העכסטע צייט, אז מיר זאָלען שאַפען א
נייע וואָרט אָדער פאַר דעם ערשטען אָדער פאַר דעם צווייטען בע־
גריף פון נאַציאָנאַליזם? דאָס נייע וואָרט וועט אונז העלפען
ארויס פון דעם פּלאָנטער, אין וועלכען מיר געפינען זיך איצט.
דאַן וועלען מיר אויך פערשטעהען, אז די מלחמה איז געקומען ניט
צוליעב דעם אנטי־נאַציאָנאַליזם פון די שטארקע, צוליעב דעם וואָס
זיי טרעטען מיט די פיס דאָס נאַציאָנאַלע פרינציפּ, צוליעב דעם
וואָס זיי רעכענען, אז זיי געהערט די גאַנצע וועלט, אז די אַנדערע,
די שוואַכערע זיינען געשאַפען, אום זיי צו בעדיענען. און ווען
אונזער אויפפאַסונג וועט זיין א ריכטיגע, וועלען מיר אויך ניט
זיין מעהר מטושטש און זוכען דעם ריכטיגען וועג, וועלכער פיהרט
צום אמת׳ען פאָרטשריט.

דאָס זיינען פּרימיטיווע געדאַנקען, אזוי איינפאַך און קלאָהר.
מען מוז זיי אָבער שטענדיג איבער׳חזר׳ען, כל־זמן זיי זיינען ניט
אריין אין דעם אלף־בית.

1 נאָוועמבער, 1916.

# נאָר אַ שפּאַן פון פעסטען באָדען

עס שטעהען פאר מיר אויף בילדער פון מיין יוגענד־צייט, אזוי לעבעדיג, אזוי קלאָהר, אזוי דייטליך אין די אומריסען, גלייך ווי איך וואָלט זיי ערשט נעכטען דורכגעלעבט. מיין יוגענד צייט פאלט צוזאמען מיט דעם אויפלייכטען פון דער אידיש־נאציאָנאַלער בעוועגונג. איינצעלנע זיינען מיר געווען. מאנכע מיט שנעע ווייסע קעפּ, אנדערע נאָך כמעט יונגליך. דער געמיינזאמער אידעאל האָט זיי ווי אויסגעגלייכט. אין די אלטע אויגען האָט זיך אָנגעצונדען א יונג פייערעל, אויף די יוגענדליכע שטערענס האָבען זיך בעוויזען קוים בעמערקבארע אָנדייטונגען פון צוקינפטיגע קנייטשען, א רמז אויף אונרוהיגע געדאנקען. מיר האָבען געבילדעט א חברה, איינע פון די ערשטע חובבי־ציון חברות אין מינסק. די מעהר אייראָפּעאישע שטאָדט אין ליטא ווי אלע אנדערע, אייראָפּעאישער אפילו פון ווילנא. ווילנא איז אידישער. אין ווילנא רוהט אומערום די גלות־שכינה, אין ווילנא פיהלט זיך די אידישע טראדיציאָן אויף טריט און שריט. בנוגע צו אייראָפּעאיזם איז מינסק געשטאַנען העכער, עפּעס מעהר וועלטליכער, פיעל וועלטליכער אפילו פאר קאָוונא, וועלכע שטעהט אם נאָהענטסטען צו דער מערב'דיגער קולטור, לכל הפּחות געאָגראפיש.

אין מינסק איז ענטשטאַנען די שטאַרקסטע חבת־ציון בעוועגונג. דערפאר איז אָבער אויך די געגנערשאפט אין מינסק געווען די שטאַרקסטע. אין ווילנא זיינען די חובבי־ציון געווען ניט אנרעסיוו. זיי האָבען זיך אויפגעפיהרט רוהיג, בעל־הבית'יש. אין מינסק האָט די חבת־ציון דורכגעמאכט איהר שטורם און דראַנג־פּעריאָדע, די געגנער אין ווילנא זיינען געווען מייסטענס די שטרענג אָרטהאָדאָקסישע רבנים און זייערע אָנהענגער, וועלכע האָבען בעקעמפפט די חבת־ציון מיט פסוקים און מדרשים, אָבער אויך אָהן פייער און

ליידענשאפט. אין מינסק האבען מיר געהאט צו טהאן מיט מא־דערנע געגנער, מייסטענס אידישע סאציאליסטען. און אונזער אידעע איז אנגעגריפען געווארען פון צוויי זייטען, פון דער אלטער ארטהאדאקסישער זייט און פון דער יונגער סאציאליסטישער. אידישע סאציאליסטישע ארגאניזאציאנען האבען אין יענער צייט נאך ניט עקזיסטירט, און אלע אידישע סאציאליסטען זיינען געווען פייערדיגע רוסישע פאטריאטען. ווי האט מען אונז בעקעמפפט? וואס זיינען געווען די ארגומענטען? איך בעדויער זעהר, וואס קיי־נעם פון אונז איז ניט איינגעפאלען צו סטענאגראפירען די וכוחים. מיר וואלטען זיי איצט קאנען גוט פערווענדען, מיר וואלטען זיי פערקויפט צו אונזערע היינטיגע געגנער. זעהר אפט לעז איך די געגנערישע פרעסע און זי קלינגט פאר מיר פונקט ווי די מינסקער וכוחים. די זעלבע טענות, די זעלבע ארגומענטען.

און איך געדענק דעם ערשטען „טעג־דעי“. וואס מיר האבען פעראנשטאלטעט אין מינסק. זעלבסטפערשטענדליך איז דאס ניט געווען א „טעג דעי“ אין אמעריקאנישען זין. ערשטענס האבען מיר קיין אבצייכען ניט פארטהיילט, צווייטענס האבען מיר קיין געלד ניט געזאמעלט. דאס איז געווען א ריינער פראפאגאנדא טאג. אנ׳ערך צוויי הונדערט פראפאגאנדיסטען האבען זיך א לאז געטהאן איבער די שטאדט, און זייער אויפגאבע איז בעשטאנען אויסצוגעפינען, ווי גרוים דער ציוניסטישער חיל איז. מיר האבען זיך א לאז געטהאן צו די קרעמער. אויף מיין חלק איז אויסגעפא־לען צו בעזוכען אלע קרעמער אין א שמאלער גאס, וועלכע טראגט דעם נאמען „צווישען די קראמען“. דער נאמען איז זעהר צוטרע־פענד, ווארים איינענטליך איז די גאס גאר קיין גאס ניט: פון ביי־דע זייטען קראמען, און אין מיטען א דורכגאנג צווישען די קרעמער און קרעמערקעס, געגוג פאר איין מענשען, אויך נאר דאן, ווען ער איז ניט צו דיק. די גאס האט דערצו נאך א טבע, ניט דורכצו־לאזען קיין איינציגען זונען־שטראהל. זי ליעגט אין אייביגען שאטען.

צו איינעם פון די קרעמער בין איך אריין און גלייך צוגע־טראטען צו דער אויספיהרונג פון מיין מיסיאן. אין דער געאגרא־

פיע פון ארץ ישראל בין איך געווען בע'הבינ'ט. ערשטענס פון תנ"ך און צווייטענס פון „אהבת ציון" און „אשמת שומרון". האָב איך אָנגעהויבען צו טענה'ן צו דעם קרעמער אין דער גאַס, וואָס ליענט אין אייביגען שאָטען, בזה הלשון:

שוין צוויי טויזענד יאָהר, — דערמיט בעגינען זייערע אַנטיסעמיטישע רעדען אויף די היינטיגע פּראָפּאַגאַנדיסטען, — ווי אונזער פאָלק וואַנדערט ארום פון איין לאַנד אין גלות אין דאָס אַנדערע, געשלאָגען און געפּייניגט, פערפאָלגט אין געהעצט. עס איז שוין דעריבער צייט, מיר זאָלען דערוואכען פון אונזער דרעמעל און אויפהויבען אונזערע אויגען צום מזרח. דאָרט טרויערט אונזער לאַנד. און דאָ האָב איך אָנגעהויבען צו שילדערען די נאַטור־שעהנהייט פון ארץ ישראל, פון איהרע בערג און טהאָלען, פון איהרע פעלדער און וויינבערגער, ניט פערגעסען אויף די איילבערטען און די מילגרוימען. גערעדט האָב איך מיט האַלבע פּסוקים, פון שיר השירים און פון אהבת־ציון, און איך בין געווען איבערצייגט, אז דער קרעמער וועט בעגייסטערט ווערען פון מיינע ווערטער.

דער קרעמער האָט מיך אויסגעהערט און געגעבען מיר א קורצע אָבער קאַטעגאָרישע תשובה: ניין, איך וועל ניט לאָזען אייראָפּאַ און אויסוואַנדערען צוריק נאָך אזיע.

נו, מילאָ ניט איז ניט. פּיעל צייט צו פערלירען האָב איך ניט געהאַט. עס זיינען דאָ ביי גאָט און ביי זיין פאָלק ישראל נאָך פּיעלע קרעמער. איך האָב געטהאָן מיין חוב. איך האָב דערקלעהרט די לאַגע. ווייטער — ווי גאָט וועט געבען.

אין מיין בעריכט האָב איך דערצעהלט פון איינער פון די שטאַרקע נעגנערישע טענות: מען קאָן ניט פערבייטען אייראָפּאַ אויף אזיע. „צווישען די קראָמען" איז פּאָרט א שטיק אייראָפּאַ. דער כרמל, דער שרון ליענען פּאָרט אין אזיע.

דענסטמאָל האָב איך נאָך ניט אזוי גוט פערשטאַנען דעם וויץ פון דעם אידישען קרעמער אין דער שמאָלער גאַס, וואָס ליענט אין אייביגען שאָטען. דאָס הייסט, דער קרעמער האָט ניט געוואָלט מאכען קיין וויץ. ער האָט זיין ענטפער געגעבען אין פּשטות, און דאָך ווי וויציג איז געווען די תשובה.

דאָס איז געווען אין אַ צייט, איידער ענגלאַנד האָט זיך בע־פעסטיגט אין קאַווייט, אין דרום אַרם נהרים, און איידער דייטש־לאַנד האָט אָנגעהויבן צו חלום'ען וועגן אַן אייזנבאַהן פון בער־לין ביז בגדד. ווער האָט אין יענער צייט געזאָלט וויסן פון דער וועלט־ראָליע וואָס אַזיען וועט אַמאָל שפּילען אין די אַמביציאָנען פון די פעלקער:

און נאָך אַן ערלעבנים פון יענער צייט האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון. ווי איך האָב שוין פריהער דערצעהלט, האָבען זיך די חובבי ציון אין מינסק אויפגעפיהרט אַגרעסיוו. פון צייט צו צייט פלעגען מיר פעראַנשטאַלטען גרויסע מאַסען פערזאַמלונגען. איך איבערטרייב נים — גרעסער ווי די פערזאַמלונגען אין קופּער יוניאָן אין ניו יאָרק. די פּאָליציייליכע בעדינגונגען זיינען געווען זעהר שווערע, אָבער מיר האָבען זיי גובר געווען. מיר פלעגען צאָה־לען פון דער מאה, אַזוי פיעל און אַזוי פיעל פאַר יעדע הונדערט אידען. די פּאָליציי פלעגט טאַקע דעריבער בעשטעהען דערויף, אַז אויב שוין אַ געהיימע פערזאַמלונג, זאָל זי לכל הפּחות זיין אַ גרוי־סע. צוליעב אַ קלייגער פערזאַמלונג לוינט זיך ניט צו ריזיקירען.

חול המועד סכות האָבען מיר אָבגעהאַלטען אונזער גרעסטע פערזאַמלונג אין דער ביער ברויעריי פון די ברידער פרומקין אויף דעם טערקישען באַרג. דער באַרג הייסט אייגענטליך „טראַאיצקאיא גאָרא", ווייל אויף איהם שטעהט אַ קלויסטער וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דער הייליגער דריי אייניגקייט. די אידען האָבען אָבער איבערגעמאַכט דעם נאָמען „טראַאיצקאיא" אויף „טורעצקאיא". ניט אין גאַנצען, אָבער פּאָרט אַ ביסעל מגייר געווען דעם באַרג. די ביער ברויעריי איז געווען גרוים. איבער דריי טויזענד מענשען האָבען זיך דאָרט געקאָנט בעקוועם פערזאַמלען.

דער זאַאל איז געפּאַקט. די שטימונג — אַ בעגייסטערטע. איין רעדנער בייט אָב דעם אַנדערען, איך וואַרט מיט אונגעדולד. איך בין נאָך אַפילו יונג, אָבער מען איז מיך שוין אָפּט מכבד מיט אַ פּסוק:

איך שטעה שוין אויבען, אויף דער אימפּראָוויזירטער בימה. איך איבערבליק די אַרמעע ווי אַ יונגער לייטענאַנט און וואַקס אוים

אין מיינע איינענע אויגען מיט צעהן קעפ העכער, העכער פאר דער בימה, אויף וועלכער איך שטעה. קוים האב איך אויסגעדריקט דעם גערדאנק פון די צוויי טויזענד יאהר, און איך זעה, פון אלע זייטען ווערט א געדרענג. האנדטיכער פליהען און די פעטראלעאום לאמ־פען ווערען אויסגעלאשען. א מורמעל געהט דורך פון מויל צו מויל: פאליציי קומט. ווי עס האט זיך שפעטער ארויסגעשטעלט, איז די פאליציי חלילה ניט אויסען געווען קיין רשעות. זי האט זיך מעהר ניט ווי געוואלט איבערצייגען, צי האט מען זי ניט אב־גענארט אין חשבון. מען האט זיך בעדונגען מיט איהר פאר אן אסיפה פון טויזענד מענשען, און זי האט דארט ענטדעקט מעהר פון דריי טויזענד. עס האט נעדויערט ביי א שעה צייט. מען איז ווי עס איז מיט איהר דורכגעקומען פאר די איבעריגע צוויי טוי־זענד, אנגעצונדען ווידער די לאמפען און פארטגעזעצט די דרשות. מעהר ניט פאר די איבעריגע צוויי טויזענד האט מען געמוזט בע־צאהלען טהייערער. די פאליציי האט געהאט א ריכטיגע טענה. עס איז ניט גלייך, — אזוי האט זי גע׳טענה׳ט, — דער אבצאהל פאר כשרה סחורה צו דעם אבצאהל פאר קאנטראבאנדע סחורה. קיין בייז. האט מען מעהר בעצאהלט.

דערשראקען האבען זיך מיינע פריינד פאר מיין גורל און פאר דעם גורל פון מיינעם א חבר. מיר האבען ביידע געטראגען די שי־לער אוניפארם מיט די מעטאלענע קנעפ. און ווען דער שול די־רעקטאר דערוויסט זיך דערפון, קאן ער אונז אויסשליסען פון דער שולע. האט מען אונז, גלייך ווי די פאליציי איז געקומען, געפאקט און געהייסען אונז ארפלאזען זיך אונטען אויף א טרעפ אין קעלע־ריין, דארט וואו עס ליעגט דער מאלץ. עס איז געווען פינסטער. די שטופען האבען מיר ניט געזעהען, האבען מיר זיך ביידע גע־גליטשט אויף די פארענצעס פון די טרעפ. מיר גליטשען זיך און גליטשען זיך, לאנגזאם און פארזיכטיג און מיר קאנען ניט דער־גרייכען דעם באדען. ווער וויים, קלערען מיר, ווי טיעף דער קעלער איז, און מיר בעשליעסען צו בלייבען הענגען אויף די פארענצעס, ביז מען וועט קומען נאך אונז. אונזערע מוסקעלן האבען זיך אפילו זעהר אנגעשטרענגט, אבער אויסגעהאלטען די פראבע.

ווען מען איז פּאַרטיג געוואָרען מיט דער פּאָליציי אויבען, איז מען געקומען צו אונז נאָך אונטען מיט א סטעאַרין ליכט. מען האָט אונז געפונען הענגענדיג אויף די פּאַרענצעס. מיר האָבען דערזעהן, אז מיר זיינען געוועז ביי דער אונטערשטער שטופּע. נאָך איין גליטש און מיר וואָלטען געהאַט פעסטען באָדען אונטער די פיס. מיר האָבען זיך צולאַכט.

פיעלע יאָהרען זיינען אריבער. און ווען איך הער איצט די טענה פון איראָפּאַ און אזיע, דערמאָהן איך זיך אָן דעם קרעמער אין דער שמאָלער גאַס, וואָס ליעגט אין אייביגען שאָטען. און ווען מען פרעגט מיך, ווי וויים מיר זיינען פון ציעל, דערמאָהן איך זיך אָן דער פערזאַמלונג אין דער ביער ברויעריי: איך ווייס ניט ווען מען וועט אויבען מושווה ווערען מיט דער פּאָליציי און אונטען אריינטראָגען ליכט — אפשר נאָר א שפּאַן פון פעסטען באָדען.

24 דעצעמבער, 1916.

# דאָס נייטראַלע יודענטהום

די טויזענד יאָהריגע אָבהענגיגקייט פון דעם ווילען און די קאפריזען פון פרעמדע הערשער און פעלקער האָט אויסגעארבייט אין אונז א בעזונדערע, מערקווירדיגע פסיכאָלאָגיע. מיר שפעקולירען אויף פלוצלינגע פערענדערונגען. עס וועט קומען איין געווינשטער מאָמענט און וועט מאכען א סוף צו אלע אונזערע ליידען. די וועלט וועט מיט אמאָל איינזעהען, אז זי האָט בעגאנגען געגען אונז גרויסע עולות, און זי וועט ראדיקאל ענדערען איהר בעציהונג צו אונז. מיר אליין, אונזער איינענער ווילען, פערוואנדעלט אין אקטיוויטעט, וועט דערביי קיין ראָליע ניט שפיעלען. דער וועגדעפונקט אין די בעציהונגען פון די פעלקער צו אונז וועט קומען אָהן אונזער אריינמישען זיך, ער וועט קומען ווען דעם אונטערדריקער און דעם פערפאָלגער וועט דערעסען ווערען דאָס אייביגע אונטערדריקען און פערפאָלגען, אָדער יוען ער וועט איינזעהן זיין אייגען אונרעכט און וועט חוזר בתשובה זיין.

דאָס איז די פסיכאָלאָגיע פון פאסיווען ווידערשטאנד, אלס א רעזולטאט פון א לאנגדויערענדען צושטאנד פון אונבעהאָלפענהייט. מען פערליערט דעם גלויבען אין זיך אליין, אין די אייגענע שאַפענדע כחות, און מען שליעסט זיך אויס אלס פאקטאָר אין די אלע קאָמבינאציאָנען מכח דער נייגעשטאלטונג פון דער צוקינפטיגער וועלט לאגע. און דאָס איז דאָס שלימסטע אין גלות, די נעגאטיווסטע פון אלע זיינע בעגלייטערשיינונגען. מאָג דער אנדערער קוקען אויף מיר ווי ער וויל, מאָג ער איינשאצען מיינע פעהינקייטען און מיינע קרעפטע אזוי ניעדעריג ווי ער וויל, מאָג ער מיך איגנאָרירען און ניט אריינגעהמען אין זיינע קאלקולאציאָנען — כל־זמן איך פאל ניט אראָב ביי זיך, כל־זמן איך פערליער

גיט מיין ווערטה אין מיינע אייגענע אויגען, האָב איך נאָך בעוואהרט דאָס בעסטע פון לעבען. די צייטען קאָנען זיך ענדערען, און מיט זיי אויך די הערשענדע אנשויאונגען. און איך האָב נאָך די האָפנונג צו צווינגען די סביבה דורך מיין זעלבסטרעספעקט, אז אויך זי זאָל מיך אָנהויבען צו רעספעקטירען. איך מוז אָבער וויסען, אז זעלבסטרעספעקט איז דער א י י נ צ י ג ע ר וועג, וועלכער פיהרט צום רעספעקטירט ווערען. דעריבער טאָר איך ניט ווארטען אויף א ישועה, וואָס זאָל קומען  אָ ה ן  מ י י ן  מ י ט ו ו י ר ק ו נ ג. דאָס איז א סימן פון שוואכקייט און פערלאָרענהייט.

סימנים פון דיעזער קראנקהאפטער פסיכאָלאָגיע, פון שוואכ־קייט און פערלאָרענהייט, האָט אויך ארויסגעצייגט די נייטראלע יודענהייט אין דעם איצטיגען קריזיס־מאָמענט. איך רעד פון דער נייטראלער יודענהייט, ווייל, ערשטענס, קאָן מען ניט שטעלען גרוי־סע פאָדערונגען צו  ד י  אידען, וועלכע זיינען אליין אזוי הארט בעטראָפען געוואָרען אונמיטעלבאר פון דער מלחמה, צווייטענס, ווייל גראד  ד י  אידען, די פון דער מלחמה בעטראָפענע, האָבען ארויסגעצייגט, הויפטזעכליך אין רוסלאנד, מעהר אָרגאניזאציאָנס טאלענט, מעהר זעלבסטאכטונג און מעהר אקטיוויטעט ווי דער ניי־טראלער טהייל פון אידישען פאָלק. און דאָס איז זעלבסטפער־שטענדליך, אז ווען עס ווערט גערעדט מכח דער נייטראלער יו־דענהייט, קומט די אמעריקאנער יודענהייט צוערשט אין בעטראכט.

פון אָנהויב אָן, גלייך ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכען, און מען האָט נאָך ניט געאהנט פון די אונגעהויערע דימענזיאָנען, וועל־כע זי וועט אָננעהמען, איז פאָרגעקומען א גרויסע ערוואכונג, אן אינסטינקטיווע ערוואכונג אין די אידישע מאסען פון אמעריקא. מיט דעם פאָלקס־חוש, וועלכער לעבט אימער אין די מאסען, האָ־בען זיי דערפיהלט, אז דאָ דערנעהנטערט זיך די ישיקזאל־שטונדע פאר דאָס אידישע פאָלק, און זיין גורל ווערט דאָ געלעגט אויף די וואָגשאָל. קיין קלאָרען חשבון האָט מען זיך נאָך ניט געקאָנט אָב־געבען, מען האָט ניט געקאָנט וויסען, וואָס מען האָט צו טהאָן, איין זאַך איז אָבער יאָ געווען קלאָהר: עס איז נויטיג, אז אלע מזומנ׳ע כחות פון דער אידישער בעפעלקערונג זאָל אָרגאניזירט

ווערען ביז צו זייער העכסטער אָנשטרענגונג. עס איז געווען קלאָר, אַז אויב עס איז געקומען די שעה פון גרויסע פערענדערונגען, מוז ראשית כל געענדערט ווערען די שטעלונג פון די אידען גופא צו דעם אידישען פּראָבלעם, אַז מען טאָר זיך ניט פערלאָזען אין איצ־טיגען מאָמענט אויף פ ר ע מ ד ע הילפע.

און וואָלט דער מאָמענט פון דער אידישער ערוואַכונג געפונען אָדער ארויסגעבראכט ענטשפּרעכענדע פיהרער; וואָלטען די פיה־רער עבען אזוי טיעף געפיהלט ווי די מאסען דעם חוב וואָס זיי האָ־בען איצט צו בעצאָהלען זייער פאָלק; וואָלטען זיי פערשטאנען, וואָס פאר א גרויסע קראפט שטעהט הינטער זיי, ווען זיי וועלען זי נאָר קאָנען איינשפּאנען און אויסנוצען זי פאר א גרויסע אויפ־גאבע — די אַמעריקאנער יודענהייט וואָלט מיט אמאָל דערהויבען געוואָרען צו אַן אונגע׳חלום׳טער מדרגה. זי האָט געקאָנט ווערען די וואָרט פיהרערין פון אידישען פאָלק.

וואָס איז אָבער געשעהען?

די אַלטע פיהרער האָבען זיך דערשראָקען. ניט חלילה פאר דעם אידישען חורבן האָבען זיי זיך דערשראָקען, אויך ניט חלילה פאר דעם געדאנק, טאָמער וועט קומען די אָרגאניזירונג פון די אידישע קרעפטען צו שפּעט. ניין, זיי האָבען זיך דערשראָקען פאר ז י י ע ר פיהרערשאפט, די הויפּט סכנה האָבען זיי דערבליקט אין דעם, וואָס עס רוקען זיך אָן נייע פיהרער... זיי האָבען מורא געהאט, טאָמער וועט פערגרעסערט ווערען דער קרייז פון די איד־דישע פיהרער, און איינער אָדער דער אַנדערער פון די אַלטע וועט מוזען אָבטרעטען זיין פּלאַץ אָדער געשטעלט ווערען אין שאָטען דורך דעם גלאַנץ פון דעם נייעם פיהרער. צוויי יאָהר זיינען פער־שוואונדען אין רייבונגען, צאנקערייען, קליינליכע סכסוכים, חשדים און רכילות׳ען. און ווען אַלע מיטעל האָבען ניט געהאָלפען, און די הערשענדע שטימונגען אין די מאסען האָבען געצוואונגען די אַלטע פיהרער צו מאכען הנחות און איינצוגעהן אויף א פשרה — האָט זיך אָנגעהויבען א לאנגע שורה פון פערהאנדלונגען און דינ־גערייען, גלייך ווי דאָס הויפּט פּראָבלעם בעשטעהט אין דער ריכ־טיגער פערטהיילונג פון כבודים...

און די ג אַ נ צ ע אידישע ענערגיע איז אויסגעגעבען געוואָרען אויף די פּרימיטיווע, הילפס ארבייט. איך רוף זי אָן פּרימיטיוו, ווייל אויך אויף דיעזען געביעט, אויף דעם ריין פילאַנטראָפּישען, איז ניט געשאַפען געוואָרען עטוואָס גרויסעס, אימפּאָנירענדעס. ווען מען זאָל בעדענקען, אז נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם האָט דאָס אמעריקאנער יודענטהום געזאַמעלט אָהן בעזונדערע אָנשטרענגונג איינינע מיליאָנען, און היינט נאָר איינינע מאָל אזוי פיעל. ווען מען זאָל ווייטער בעדענקען די שפע, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסען אין דער מלחמה צייט אויף אמעריקא אין דער פאָרם פון א גאָל־דענעם רעגען, פון וועלכען אויך די אידישע בעפעלקערונג, און בע־זונדערס, איהר רייכערער טהייל, האָט פּראָפּיטירט — ווען מען זאָל דאָס אַלעס נעהמען אין אנבעטראַכט, מוז מען קומען צו דעם טרויע־ריגען בעשלוס, אז אפילו אויף דעם געביעט פון דער פּרימיטיווער מאַטעריעלער הילפסלייסטונג איז ניט פיעל געשאַפען געוואָרען.

איך רוף אָבער די הילפע פּרימיטיוו נאָך מחמת פיעל טיעפערען גרונד. די אמעריקאנער יודענהייט האָט זיך ניט געטאָרט בעגנוגע־נען נאָר מיט דעם זאַמלען פון דעם געלד און מיט דער פערטהיי־לונג פון איהם דורך א ש ל י ח. די אמעריקאנער יודענהייט האָט געמאָגט פ ו ן אָ נ ה ו י ב אָ ן ה אָ ב ע ן א י ה ר ע פ ע ר ט ר ע ט ע ר אויפ׳ן אָרט און שטעלע, וואו די פערטהיי־לונג געשעהט, און ניט זיין אָנגעוויזען אויף טענדענציעז געפאַרבטע בעריכטען פון זייטיגע פּאָליטיק טרייבענדע פאַקטאָרען. דורך די דירעקטע פערבינדונג פון אמעריקא מיט די ליידענדע און בע־דירפטיגע וואָלט פערמיעדען געוואָרען א גרויסער טהייל פון די רייבונגען, וועלכע האָבען איינגעשלונגען די אידישע ענערגיע.

קומט מען מיט תירוצים און מען זאָגט, אז עס איז אונמעג־ליך צו האָבען דאָרט אייגענע פערטרעטער. די בעטרעפענדע רע־גיערונגען לאָזען דאָס ניט צו. זיינען דען געמאַכט געוואָרען ערנסטע פערזוכען אין דיעזער ריכטונג? אפשר איז געשאַפען גע־וואָרען אזא סיטואַציאָן, גראד ווייל אמעריקא האָט ביז איצט ניט געשיקט קיין אייגענע פערטרעטער, און די דאָרטיגע פערטרעטער, פון אמעריקא אויס געקרוינט און געשטיצט, ווילען איצט ניט צו־

לאָזען, אז אנדערע זאָלען זיך מישען אין זייער ווירטהשאפט? און ווער בעהויפטעט עס, אז די דאָרטינע פערטרעטער זיינען אזוי שטארק, אז מען קאָן זיי גאָר ניט מנצח זיין? מיר האָבען אן אל־טעם ביישפיעל, און מיר מאָגען פון איהם עטוואָס לערנען. זיינען דאָך גאָר אמאָל, בשעת דאָס אידישע פאָלק האָט געזוכט א לאנד צום ערשטען מאָל אין זיין געשיכטע, געקומען די מרגלים און דער־צעהלט רויבער געשיכטען פון די ריעזען, וואָס זייער קאָפּ דער־גרייכט אזש ביז צום הימעל, און פון די פעסטונגען, וואָס זיינען ניט איינגנעהמבאר. און דאָך האָט עס זיך ארויסגעשטעלט אלס די איינבילדונג פון שוואכע פערזאָנען מיט א קראנקהאפטער פאנטאזיע. אפשר האָבען מיר אויך אין איצטיגען פאל צו טהאָן מעהר מיט איינבילדונג ווי מיט בילדונג?

ווייטער קומט מען און מען טענה׳ט, אז עס איז ניט די פאסענ־דע צייט צו פערנעהמען זיך מיט גרויסע און אויסגעארבייטעטע פלענער. דאָרט ליידט מען הונגער, דאָרט קומט מען אום פון קעלט. די איינצינע זאך, וואָס מיר קאָנען איצט טהאָן איז נאָר זאמלען געלד און שיקען דורך וועמען עס איז.

א פאלשער תירוץ. אזוי צו אורטהיילען האָט דאָס רעכט דער הונגעריגער און דער נאקעטער דאָרט, אָבער ניט דער זאטער און דער גוט בעקליידעטער דאָ. און מערקווירדיג. דער פראָטעסט נעגען דעם בילינען אופן ווי די הילפע ווערט געלייסטעט קומט טראָד פון יענער זייט, גראָד פון די הונגעריגע און די נאקעטע.

די סאָציאל דעמאָקראטען האָבען זיך איין מאָל בעקלאָגט אין דייטשלאנד, אז זיי זיינען מעהר ניט ווי א ן אָ ב י ע ק ט פון דער פרייסישער געזעצגעבונג. די ליידענדע אידען זיינען איצט בעהאנדעלט געוואָרען ווי א ן אָ ב י ע ק ט פון דער אמערי־קאנישער פילאנטראָפּיע. מען האָט זיך מיט זיי קיין עצות ניט געהאלטען, ו ו י מען זאָל פערווירקליכען די הילפע פאר זיי. מען האָט זיי נישט געפרעגט, וואָס איז בעסער צו טהאָן. צו וואָס פרע־גען — עס איז דאָ אן אלטער אויסגעטראָטענער וועג פון צדקה פערטהיילען, און מען זוכט ניט קיין נייע וועגען אין מלחמה צייטען.

דאָס איז סימפּטאָמאטיש אויך פאר אונזערע ווייטערע אק־

ציאָנען. מען וועט אריינגעהמען אין חשבון אַלע פאַקטאָרען. איין פאַקטאָר וועט בלייבען דערביי אויסגעשלאָסען — דאָס אידישע פאָלק גופא.

ניט אַלעס איז נאָך פערלאָרען, און עס איז די העכסטע צייט, אַז יעדער דענקענדער איד זאָל איבערטראַכטען און בעטראַכטען אויף דאָס ניי דאָס גאַנצע פּראָבלעם. און זאָל מען זיך גאָר ניט שרעקען. וואָס אָרגאַניזירטער מיר וועלען אַליין זיין, וואָס גרעסער עס וועט זיין די אויפגאַבע, וועלכע מיר וועלען אונז שטעלען, אַלץ מעהר וועלען מיר פארטיג ברענגען, א ו י ף ד ע ם ג ע ב י ע ט פ ו ן מ א ט ע ר י ע ל ע ר ה י ל פ ע.

30 דעצעמבער, 1916.

# קיין נדחה אין ציוניזם

די פאטריאָטען פון אלע פעלקער מיט דער אויסנאהמע פון זייער אייגען פאָלק, די נשמה פערזאָרגער פון דער גאנצער וועלט, די ליכט־טראָגער מיט פערבונדענע אויגען, די איינגעבילדעטע לעה־רער אָהן תלמידים — די אידישע אסימילאטאָרען, די פערביסענע נעגנער פון דער אידישער נאציאָנאלער בעפרייאונג האָבען זיך ווידער גענומען צו דער ארבייט. די ציוניסטען ווילען מורא האָבען — אזוי האָבען זיי גע׳חשבונ׳ט — ארויסצוטרעטען אָפען מיט זייערע סעפעראטיסטישע אידעען און ציעלען בשעת די הערשער־נאציאָנען ווילען זיין פערנומען מיט דעם גרויסען קאמפף. זיי ווילען מורא האָבען צו צייגען, אז אין דיעזען וויכטיגען מאָמענט בלייבט נאָך ביי זיי איבריג צייט און ענערגיע פאר זייערע אייגענע, בעזונדערע דאגות, פאר זייערע אייגענע, בעזונדערע האָפנונגען. זיי, די אסימילאטאָרען, האָבען זיך פון אָנהויב אָן אָנגעשלאָסען אָן דעם עקסטרעמען פליגעל פון די הורראַ־ און מאָרד־פאטריאָטען און מיט חוצפה געטייטעלט אויף די ציוניסטען: מיר ווילען אָקאָרשט זעהן, וואָס פאר א פנים איהר וועט איצט האָבען מיט אייער אידישען נאציאָנאליזם; און אין זייער פראָוואָצירענדער האַלטונג האָבען זיי זיך ניט אָבגעשטעלט אפילו פאר דראָהונגען און מסירות. אנדערש ווי מיט דעם נאָמען מסירה קאָן מען ניט בעצייכענען דעם ארויסטריט פון געוויסע אסימילאטאָרען אין מלחמה־צייט מיט א בעשולדיגונג, אז דער אידישער נאציאָנאליזם שטעהט אין ווידערשפרוך מיט דעם חוב־געפיהל צום פאטערלאנד, און מיט בעשולדיגונגען פון דעם מין איז געווען פול די אידיש־אסימילאטאָרישע פרעסע, ניט בעאכטענדיג דעם כלומר׳שטען „בורג־פריעדען“, וועלכען די אידישע פארטייען האָבען געשלאָסען פאר די דויער פון דער מלחמה.

דאָך, ניט די דראָהונגען און ניט די פּראָוואָקאַציאָנען האָבען ניט געהאָלפען. די ציוניסטען האָבען זיך ניט דערשראָקען, און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציאָן איז בעשטאַנען די גרויסע פייער־פּראָבע. אין דייטשלאַנד, ווי אין עסטרייך, אין ענגלאַנד און פראַנקרייך, ווי אין רוסלאַנד. אין אַלע לענדער, אָהן אַן אויס־נאַהמע, האָבען די ציוניסטען געבראַכט דעם בעסטען בעווייז, ווי מען קאָן בלייבען טריי דעם אידיש־נאַציאָנאַלען אידעאַל און אין גלייכער צייט ערפילען דעם ערשטען און דעם העכסטען בירגער־ליכען חוב אויף אַזאַ אופן, אַז אפילו די שלימסטע אידישע געגנער און חטאים זוכער זאָלען מוזען שטומען, ניט האָבענדיג גאָרנישט וואָס איינצואווענדען. די ציוניסטען האָבען אומעדום אָנגעפילט די ערשטע שורות פון די פרייוויליגע און די ערשטע שורות אויף די שלאַכט־פעלדער. זיי האָבען בעפרידיגט די שטרענגסטע פאָ־דערונגען, וואָס די מלוכה קאָן שטעלען צו דעם איינצעלנעם בירגער און דאָך האָבען זיי אויף איין ווייַלע ניט מסיח דעת געווען פון דער גרויסער אידישער אויפגאַבע, וועלכע ליעגט אויף זיי. מיט אַלע כחות האָבען זיי זיך בעמיהט צו פעסטיגען די אָרגאַניזאַציאָן, צו שיצען און אונטערשטיצען אונזערע פּיאָנירען אין ארץ ישראל און דעם גאַנצען בנין פון דעם נייעם ישוב. פון די טרענטשעס האָבען זיי געשיקט זייערע שקלים, זייער בייטראַג פאַר דעם נאַציאָנאַל פאָנד און פאַר די ערהאַלטונג פון די פּאַלעסטינישע אינסטיטוציאָ־נען. אין איינצעלנע לענדער, ווי צום בייספּיעל, אין עסטרייך און ענגלאַנד, איז די ציוניסטישע ארבייט אין דער מלחמה צייט אָנגע־נאַנגען אינטענסיווער און ענערגישער ווי פאַר דער מלחמה. אין עסטרייך האָבען די ציוניסטען אָרגאַניזירט אַ פאָנד, וועלכער דיענט דעם צוועק פון באָדען־קויף אין ארץ ישראל פאַר די רואי־נירטע פון דער מלחמה נאָך דער מלחמה. אין ענגלאַנד, וואו די ציוניסטישע אקטיוויטעט איז פאַר דער מלחמה געווען שוואַך, איז פערשטאַרקט געוואָרען גראַד אין דער לעצטער צייט די אָרגאַניזאַ־ציאָן. אין דייטשלאַנד, וואו אַ גרויסער טייל פון די ציוניסטען שטעהט אין אקטיווען מלחמה דיענסט, איז דאָך די אָרגאַניזאַציאָן ניט שוואַכער געוואָרען. און אויך אין רוסלאַנד, וואו עס קומט אויס

צו ארבייטען ביי בעזונדערס אונגינסטיגע אומשטענדען, מערקט זיך אויך איבעראל א שטייגערונג פון דער ציוניסטישער אקטי־וויטעט. מיט איין ווארט, די אסימילאטארישע האפנונג האט זיך ניט ערפילט, און די ציון׳ס געגנער זיינען נאך אמאל אבגענארט געווארען אין זייערע ערווארטונגען. שטעהען זיי איצט ווי פאר א רעטעניש און קריצען מיט די צייהן.

און מערקווירדיג, די פרעמדע, פאר וועמען די אסימילאציאן ציטערט, האבען פערשטאנען די בערעכטיגונג פון די ציוניסטישע געפיהלען אפילו אין דער מלחמה צייט. די ערדעלערע צווישען די פרעמדע האבען ניט נאר פערשטאנען, נאר אויך אויסגעדריקט זייער סימפאטיע מיט דער אידיש־נאציאנאלער שטרעבונג. גרויסע שטאאטסמענער, וויסענשאפטלער און קינסטלער האבען געפונען פאר נויטיג צו זאגען אין קריטישען מאמענט א גוט־ווארט וועגען דעם אידיש־נאציאנאלען אידעאל. די איינציגע, וואס קאנען זיך ניט בערוהיגען, די איינציגע, וואס בעמיהען זיך ארויסצושטעלען דעם ציוניזם אין פאלשען ליכט, צו פערדרעהען זיין זין און צו קאנסטרואירען א געגענזאץ צווישען איהם און די בירגער־חובות, זיינען אונזערע אייגענע אסימילאטארען. אין זייער היפער־פאט־ריאטישען געקינסטעלטען און קראנקהאפטען פאטריאטיזם, אין וועלכען, נעבענביי בעמערקט, קיינער גלויבט ניט, אויסער די וואס שרייבען וועגען איהם, זוכען זיי אויפצורייצען געגען די אידיש־נאציאנאלע עלעמענטען די עפענטליכע מיינונג. אומזיסטע מיה. פאר דער גרויסער עפענטליכקייט האט דער ציוניזם שוין לאנג אויפגעהערט צו זיין א מיסטעריום.

---

עס זיינען איצט צו אונז אנגעקומען די לעצטע נאכריכטען וועגען דאס ציוניסטישע לעבען און שטרעבען אין דייטשלאנד. די נאכריכטען ענטהאלטען אן אויספיהרליכען בעריכט וועגען דעם אויסערארדענטליכען דעלעגירטען־טאג פון די דייטשע ציוניסטען, וועלכער איז אבגעהאלטען געווארען אין לעצטען דעצעמבער. מיר לעזען די איינצעלנע בעריכטען און רעפעראטען. מיר הערען זיך צו פון דער ווייטען צו די פערהאנדלונגען און דעבאטען פון די דע־

לעגאטען און מיר פערגעסען זיך אויף א ווײַלע, אז די קאָנפּערענץ קומט פאָר אין מלחמה־צײַטען און אין מלחמה־פיהרענדע לענדער. מען דערמאָהנט די געפאַלענע חברים, מען שיקט א גרוס צו די חברים אין פעלד, אָהן הויכע ווערטער, אָהן בעריהמערײַ, אָהן בעזונדערע בעטאָנונג. אלעס ערשײַנט אזוי זעלבסט פערשטענדליך. עס איז זעלבסט פערשטענדליך, אז יעדער ציוניסט ערפילט זײַן בירגער־חוב. עס איז זעלבסט פערשטענדליך, אז ער פערלאַנגט ניט קײַן דאַנק פאַר זײַן איבערגעבענהייט. עס איז אָבער אויך זעלבסט פערשטענדליך, אז יעדער ציוניסט מוז אויך ערפילען זײַן חוב צו זײַן אָרגאַניזאַציאָן, מוז זוכען זי צו בעפעס־טיגען און מאַכען זי ווידערשטאַנדס־פעהיג. עס איז אויך זעלבסט פערשטענדליך, אז די גרויסע פּראָבלעמען, וועלכע זײַנען פערבונ־דען מיט דעם ציוניסטישען הויפּט ציעל, טאָרען ניט אָבגעלעגט ווערען אָהן א זײַט, עס טאָר ניט אײַנטרעטען קײַן שטילשטאַנד, עס טאָר ניט געמאַכט ווערען א נדחה אין דער ציוניסטישער ענט־וויקלונג.

און דורך אלע רעפעראַטען און דורך אלע וכוחים געהט דורך איין גרונד געדאַנק: די בעפרײַאונג מוז זיך אָנהויבען אין די גלות־לענדער. גראַד איצט, דורך די וועלט־קאַטאַסטראָפע, איז פאַר דעם דענקענדען, זוכענדען און פאָרשענדען ציוניסט נאָך קלאָרער גע־וואָרען, ווי ווײַט דאָס אידישע לעבען, אפילו פון דעם ציוניסט, איז דאָך געוועזען בעאײַנפלוסט ניט נאָר פון אן אונמיטעלבארער פרעמדער סביבה, נאָר אויך פון א פרעמדער געדאַנקען־וועלט, פון פרעמדע אויפפאַסונגען, פון פרעמדע אידעאַלען. אפילו דער אי־דישער נאַציאָנאַליזם איז אויך פול פסלת, פערמישט מיט פרעמדע עלעמענטען, וועלכע שאַדען איהם נאָר. דער אידישער נאַציאָנאַליזם קאָן ניט לעבען אין פרײַנדשאַפט אָדער נאָר אין שותפות מיט דעם עראָבערונגס־גייסט. דער אידישער נאַציאָנאַליזם איז דער נאַ־ציאָנאַליזם פון דער צוקונפט, ווען דער גלײַכהײַטס־אידעאַל וועט זיעגען און וועט דיענען אלס דאָס רעגולירענדע געזעץ אין די אינ־טערנאַציאָנאַלע בעציהונגען פון דער מענשהייט.

די בעפרײַאונג מוז זיך אָנהויבען אין די גלות לענדער. עס

מוז ראדיקאל געענדערט ווערן די ערציהונג פון דער אידישער יוגענד. העברעאיש, שפראכע און ליטעראטור, מוז פערנעהמען א וויכטיגען פלאץ אין דער אידישער ערציהונג. נאך די העברעאישע שפראך איז אימשטאנד אריינצופיהרען דעם אידישען תלמיד אין די ריינע אונפערשטעלטע אידישע פארשטעלונגס־וועלט, נאר זי בע־זיצט די קראפט צו בעפרייען דעם אידישען געדאנק פון די פרעמדע עלעמענטען, וועלכע ער האט אין זיך אריינגעזויגען. די ציוניס־טישע ארגאניזאציאן ווערט דעריבער אויפגעפאדערט צו גרינדען איבעראל העברעאישע קורסען, און געבען אויך די ערוואקסענע ציוניסטען די מעגליכקייט איינצוהאלטען א חלק פון דעם פער־זוימטען.

נייע געדאנקען, נייע בעגרינדונגען זיינען אין די פאדערונגען ניט ענטהאלטען. די בעסטע עלעמענטען פון די מערב אייראפע־אישע ציוניסטען זיינען שוין לאנג פאר דער מלחמה געקומען צו דער זעלבער ערקענטניס, אז דער ציוניזם קאן ניט לאזען קיין טיעפע ווארצלען, ווען ער זאל ניט האבען א העברעאיש־קולטורעלע גרונד־לאגע. דער ציוניזם קאן ניט וואקסען און ערנעהרען זיך פון דער לופט, ער מוז האבען א נאהרבאדען. אינטערעסאנט איז אבער און נאך מעהר אלס אינטערעסאנט, ביי וועלכע אומשטענדען און אין וואס פאר א צייט די פראגען זיינען פערהאנדעלט געווארען.

די זעלבע ערשיינונג ווערט בעאבאכטעט אויך אין רוסלאנד. אין מאסקווע גרינדען די ציוניסטען א נייע העברעאישע וואכען־שריפט, גרינדען א פאנד פאר א העברעאישע קינדער־ליטעראטור און אז. וו.

און נאך איין וואונש בעזעעלט איצט די ציוניסטישע וועלט. אויף דעם דייטשען דעלעגירטען טאג האט דר. מארטין בובער א ספעציעלען פארטראג איבער די נויטווענדיגקייט פון א מעהר נא־הענטער פעראייניגונג צווישען די מזרח־אייראפעאישע און די מערב אייראפעאישע ציוניסטען און ער ווענדעט זיך מיט א מאהנונג צו ביידע צדדים. די ציוניסטען האבען איצט צו ערפילען אן אויפגא־בע, דיקטירט פון דעם איצטיגען היסטארישען מאמענט: ז י י מוזען רעפרעזענטירען די א י י נ ה י י ט פ ו ן ד ע ם א י ד י ש ע ן

פ אַ ל ק. אויך ניט קיין נייער געדאַנק, אָבער עס איז געווען נויטיג, ער זאָל איצט אַרויסגעזאָגט ווערען מיט בעטאָנונג און בעוואוסטזיין. ער מוז איצט ווערען צום לייטענדען געדאַנק פון א ל ע ציוניסטען.

9 פעברואר, 1917.

# די גייסטיגע קראַפט פון אידישען פאָלק

עס ווירקט ווי באַלזאַם, בערוהיגענד און ערפרישענד, ווען עס קומען צו אונז אָן איצט, אין מאָמענט פון גרויסער דאגה און טיעפען שמערץ, ידיעות פון יענער זייט ים, וועלכע דערצעהלען אונז פון אַ שטאַרקען בטחון, פון אַ פעסטען גלויבען, פון אַ שאַפען פון האָפנונג אין לעבען פון אונזערע ברידער. ניט זעהר אָפט קומען זיי אָן, אָט די ידיעות, נור ווען זיי דערגרייכען אונז, טראָגען זיי אריין אין אונזער אַלטאָג עפּעס אַ מין יום־טוב'דיגע שטימונג און פילען אונז אָן מיט אַן אינערען שטאָלץ. מיר ווערען שטאָלץ אויף זיי, אויף אונזערע ברידער, אַזוי נאָהענט צום חורבן און אַזוי ווייט פון קליינמוטהיגקייט און פערצווייפלונג! און דאָס שטאָלץ־געפיהל מישט זיך אוים מיט אַ געפיהל פון קנאה, אָבער ניט פון יענער קנאה, וועלכע וואַרצעלט אין מענשליכען עגאָאיזם און איז פער־בונדען מיט ניט פערגינען. אַ העכערע קנאה ערפאַסט אונז. מיר ווילען חלילה ניט אָבנעהמען זייער חלק, זייער העלדענמוטה, מיר בעדויערען נור, וואָס מיר זיינען אַזוי ווייט פון זיי און האָבען ניט די זכיה מיטצוהעלפען און מיטצואווירקען, לייטערן זיך גלייך מיט זיי און גלייך מיט זיי ארויסגעהן פון דעם אומגעשטאַלטענדען פראָצעס אויסגעלייטערט, ריינער, אויפגעקלעהרטער, בעסער, עדע־לער און וויעדערשטאַנדספעהיגער.

איך הויב אָן מיט רוסלאַנד.

אָן ערך אַ האַלבע מיליאָן אידישע סאָלדאַטען שטעהען אויף פערשיעדענע שלאַכט־פעלדער, וועלכע ציהען זיך אַזוי ווייט, פון ווילנא און מינסק ביז צו די קאַרפּאַטען, פון באַלטישען ים ביז די הויכע בערג פון קאַווקאַז און נאָך ווייטער. קאָנט איהר זיך פאָר־שטעלען דאָס בילד? איז אייער איינבילדונגס־קראַפט גענוג שטאַרק, איהר זאָלט האָבען אַ השגה פון דעם וואָס קומט פאָר?

זייט איהר אימשטאַנד אַרומצונעהמען אי די האַלבע מיליאָן אידישע סאָלדאַטען און די לכל הפּחות אייניגע מיליאָנען זיידעס און באָבעס, טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער, ברידער און קינדער, וועלכע קעמפּ־פען אויס ז י י ע ר מלחמה ביי זיך אין דער היים; אָן אינערע מלחמה מיט זיך אַליין, יעדער אין זיין אופן, יעדער נאָך זיין שטיי־נער? דאָס זיינען די, וועלכע ערלעבען אַלע מלחמה שרעק פון דער וויטען, בייטאָג אין דער פאַנטאַזיע, ביי נאַכט אין חלום.

און די „אַנטלויפענדע״? — דאָס איז דער טעכנישער נאָמען פאַר דעם נייעם וואַנדערער וועלכער איז אויסגעריסען געוואָרען פון זיין שטענדיגען באָדען און געטריבען געוואָרען „ווי מעקענע פון שייער״, „ווי אַ בלאַט פאַר׳ן ווינד״ אָהן אַ ציעל, אָהן אַ בעשטימונג. ניט איינצעלנע, צעהן און הונדערט טויזענדע מיט אַמאָל, איינער צום אַנדערען צוגעטוליעט, ווי די שעפּסען, ווען עס פּאַקט זיי אַ שטורם, דורך רעגען און האָגעל, ווינד און שנעע, דורך פעלדער און וועלדער האַלב נאַקעט, הונגעריג און דורשטיג. קאָן מען פון וויטען האָבען אַ פאָרשטעלונג פון אַזאַ בילד? קאָן מען האָבען אַ השגה פון אַזעלכע קאָנצענטרירטע ליידען, פון דעם ברענענדען שמערץ, פון דער שטעכענדער בעליידיגונג?

מיר גלויבען ניט מעהר אין וואונדער, מיר לעבען מיט׳ן שכל און אין אַלץ זוכען מיר דעם טרוקענעם חשבון. און דאָך איז געשעהן דאָס וואונדערבאַרסטע. מיר האָבען עס ביז איצט נור קוים בעמערקט, ווייל די ידיעות וועגען די פאַקטען קומען אָן צו אונז נור פעראיינצעלט און זיי האָבען זיך נאָך ניט פערשמאָלצען אין אונזער השגה אַלס אַן איינהייט.

געדענקט נור! אומעדום, וואוהין דער שיקזאַל האָט פער־וואָרפען די „אַנטלויפענדע״, ווערען געגרינדעט נייע קהלות, עס ווערען געעפענט אידישע שולען פאַר די נאָך איבערגעבליבענע קינ־דער, און די אַנטרונענע טראָגען אריין אין די קהלות אַ נייעם גייסט, אַ גייסט פון אידישקייט. אין ס י ב י ר וועקט דער נייער איינ־געדרונגענער גייסט די אַלטע עלעמענטען, די דערווייטערטע, די פון זייער שטאַם אָבגעריסענע, און אין קאַלטע, ווינטערדיגע סיבירישע שטעדט ווערט געשאַפען אַן אַטמאָספערע פון וואַרעמענדער האָפ־

נונג. אין ליטא חרוב געווארענע ישיבות וואַקסען אויס ווי א פעניקס פון זייער אייגענער אש אין טיעף רוסישע צענטרען.

געדענקט נור! די „אנטלויפענדע“ געהען דורך אויף זייער וואנדערונג שטעדט און שטעדטלעך. מען טהיילט זיך מיט זיי מיט דעם לעצטען ביסען, מען בעדעקט זייערע פערפראָרענע אברים און מען שיקט מיט זיי... ספרים און מלמדים. די חדר אינגלעך זאָלען חלילה עברי ניט פערגעסען. ווער וויים, ווי לאנג עס וועט זיי אויסקומען צו וואַנדערען!

אין פעטראָגראד פערזאמעלט זיך די אידישע אינטעליגענץ. אויסער די עלעמענטארע דאגות פאר דעם גורל פון די רואינירטע עקזיסטענץ, טראָגט זי אין זיך נאָך א דאגה, א היילינגע דאגה. מען מוז בויען א טעמפעל פאר דער אונגעפעלשטער אידישער קונסט. א אידיש טהעאטער זאָל געשאפען ווערען.

אין מאָסקווע ווערט געגרינדעט א נייע העברעאישע צייטונג. מען דארף ניט צולאָזען, אז דאָס העברעאישע וואָרט זאָל פערשטומט ווערען, עס טאָר ניט זיין קיין הפסקה אין דער העברעאישער ענטוויקלונג.

מען פייערט דעם האלבען יובל פון ביאליק׳ס שאפען. דער־מאָהנט מען זיך אָן די קליינע, אָן אונזער וואַקסענדע האָפנונג. מען זאמעלט א פאָנד פאר א העברעאישע קינדער ליטעראטור. עס איז טאקי נויטיג, מען טאָר ניט ווארטען, ווער וויים, ווי לאנג די מלחמה וועט נאָך דויערען!

דאָס זיינען נור איינצעלנע פאקטען. קאָן מען דען אלעס אויפ־צעהלען? ווייסען מיר דען אלעס? ערשט שפעטער וועלען מיר זיך דערוויסען פון אלע וואונדער, וואָס אונזער גייסט האָט געשאפען אין דער מלחמה צייט.

איך נעה איבער צו עסטרייך.

ניין חלקים פון דעם חורבן איז אויסגעפאלען אויף דעם גורל פון גאליציען. ווי א שפיעל־באַל זיינען די גאליצישע אידען גע־וואָרפען געוואָרען און איבערגעגאנגען פון האנד אין האנד און פון רשות אין רשות. און נתאד דיעזע פיעל געפלאגטע, פון פערשיעדענע זייטען פערפאָלגטע „גלייכבערעכטיגטע בירגער“ האָבען געצייגט א

ביישפּיעל פון פעסטער טרייהייט און איבערגעבענקייט. פּיעל האָ־בען זיי געליטען. שרעקליך האָבען זיי געהאַט אויסצושטעהן, ווייל זיי האָבען ניט געקאָנט בעהאַלטען זייערע געפיהלען, זיך בויגען און חנפ'ענען, ווי עס האָבען געהאַנדעלט די אַנדערע גרופּען. די אין לעבען פּערלאַכטע און פערשפּאָטעטע האָבען געדיענט אַלס מוסטער פון אינערן שטאָלץ אין מאָמענט פון דער גרעסטער סכנה. אין ווינען און אין פּראַג און אין די אַנדערע שטעדט, וואו די אידיש־נאַציאָנאַלע בעוועגונג האָט געפונען פּלאַץ, פעראייניגען זיך די נאַציאָנאַלע כחות צו שיצען די געדעמעטעטע פון דעם שווערד פון דעם שונא און פון די מסירות פון די שכנים. זיי זוכען זיי צו שיצען פון הונגער און נויט און פון דער אונבאַרמהערציגער רחמנות פון דער אָפיציעלער פילאַנטראָפּיע, וועלכע וויל יוצא זיין אַנקעגען זיי מיט אַן ארויסגעשליידערטער נדבה... זיי גרינדען פאר זיי שולען, נעהמען זיך אָן פאר די קינדער, עס זאָל אין זיי ניט פערלאָשען ווערען דער גליהענדער פונק פון ליעבע און אַכטונג צו זייער פּיעל געפּרופטען פאָלק.

און אין דייטשלאַנד.

דאָס אָפיציעלע, הערשענדע, רעגיערענדע אידישע דייטשלאַנד האָט באַנקראָטירט. קנעכטיש אין געזינונג, ביוראָקראַטיש אין האַנדלונג, פּרעמד, קאַלט און גאוה'דיג אין בעציהונג צום מזרח־אייראָפּעאישען אידען, האָט זיך דאָס אָפיציעלע יודענטהום אין דייטשלאַנד בלאַמירט אין דעם איצטיגען גרויסען מאָמענט. קיין פּערענטפערען זיך וועט ניט העלפען, קיין אַרויפּקייקלען די שולד פון איינעם אויף דעם אַנדערען וועט ניט נוצען. עס מאַכט ניט אויס, ווער אַלס איינצעלנע פּערזאָן איז אַרויסגעטראָטען אין דער עפענטליכקייט. ניט איינצעלנע פער־זאָנען ווערען דאָ גע'משפט. עס ווערען גע'משפּט ריכטונגען און גע־זעלשאַפטליכע קלאַסען. און דער פאַקט בלייבט אַ פאַקט, אַז בשעת די רוסיש־אידישע אינטעליגענץ איז געווען בעשעפטיגט מיט דער גרויסער דאגה פאַר דעם קיום פון דעם אידישען פאָלק, בשעת די בעסטע אין עסטרייך האָט געשמידט פּלענער, ווי צו בויען די אידי־שע צוקונפט נאָך דער מלחמה, איז אַ געוויסע געזעלשאַפטליכע

שיכט פון דייטשען יודענטהום געווען פערנומען מיט דער דאגה, ווי צו פערהיטען דייטשלאנד פון דער פויליש־אידישער סכנה. איידער דער גורל פון פוילען איז נאך בעשלאָסען געוואָרען, האָט מען זיך שוין געוואָלט פערוואָרענען מיט מחיצות און אָבצוימונגען.... פערטרעטער פון אָפיציעלען יודענטהום האָבען פערלאָרען יעדע בושה, יעדעס געפיהל פון עלעמענטארער אנשטענדיגקייט און פערלוימדעט אויפ'ן שרעקליכסטען, העסליכסטען אופן זייערע ווייטע ברידער. זיי האָבען זיך געוואָלט א ו נ ט ע ר ק ו י פ ע ן, אויספיינען, און זיי האָבען זיך דערמיט אליין פערקויפט און מיאוס געמאכט. זיי פיהלען דאָס איצט אליין. זייערע שכנים האָבען מסכים געווען צו זייער חאראקטעריסטיק בנוגע די פוילישע אידען, זיי זיינען אָבער ניט מסכים, דאָס צווישען דעם פערלוימדער און פערלוימדעטען איז א גרויסער אונטערשיעד פאראן...

מען מוז אָבער געדענקען, אז שוין פון לאנג געהט אָן אין דייטשען יודענטהום גופא א שפאלטונגס פראָצעס, און עס וואָלט געווען א ביטערע עולה, פאלש און אונגערעכט ארויפצוואווארפען די אחריות פאר די העסליכע פאָליטיק אויף דאָס געזאמטע דייטשע יודענטהום. דאָס דייטשע יודענטהום ערנייערט זיך, עס מאכט דורך אַן אויסלייטערונגס־פראָצעס. געגען דאָס אָפיציעלע יודענטהום ערהעבט זיך דער נייער דור, די יוגענד. און איך גלויב ניט, אויב די דייטשע אידישע יוגענד האָט וואָס אראָבצופאלען בנוגע איהרע בעציהונגען צום אידישען פאָלק, צו זיין געגענווארט און צוקונפט, פאר דער מזרח־אייראָפעאישער יוגענד.

פאר אונז ליעגט א בעריכט פון דער דייטש־ציוניסטישער קאָנווענשאָן, וועלכע איז אָבגעהאלטען געוואָרען אין בערלין אין לעצטען דעצעמבער. פון דעם בעריכט געהט ארויס, אז אין פונקט נאציאָנאלע פאָליטיק אויף אין די גלות לענדער זיינען אין דער לעצטער צייט צוגעשטאנען צו די ציוניסטען אויף פיעלע אינטעליגענטע כחות. דער עולם הויבט זיך אָן ארומצוזעהען אין וואָס פאר א זומפ די אסימילאציאָן און דאָס אסימילאטאָרישע קריכערטהום האָט זיי פארשלעפט...

מיר לעזען דעם בעריכט און מיר פערגעסען אויף א ווייַלע,

אז עס טרעטען דאָרט אויף און זיינען זיך מתוכח מענשען, וועלכע געפינען זיך אויפ'ן רעכטען שויפּלאַץ פון דער שרעקליכער מלחמה. מען רעדט אין בערלין מיט בעגייסטערונג פון דעם מזרח איירא־פּעאישען יודענטהום, דעם בעפרוכטענדען, דעם שאַפענדען, דעם ערמונטערענדען, דעם בויענדען. מען רופט און מען מאָהנט צו פערברידערונג, צו פערשמעלצונג, צום אויפגעהן אין א י י ג ע נ ע ם פ אָ ל ק ס ט ה ו ם. ניטאָ קיין אויפגעבלאָזענער פּאַטריאָטיזם — דער פּאַטריאָטיזם ווערט געצייגט אויף די שלאַכטפעלדער, דאָ איז דער פּלאַץ פון חשבון הנפש, מען אונטערזוכט די אייגענע נשמה, מען וויל זי ערהאַלטען, זי שענער מאַכען, ערעלער, געלייטערטער. מען טרעט אויף געגען די פּאָלשע פּאָליטיק פון צובּרעקלונג פון דעם אידישען פּראָבּלעם מען רעדט פון איין גרויסער, שותפות'דיגער אויפגאַבע, מען רעדט וועגען איין געמיינזאַמער רעטונג, וועגען צו־שטערונג פון אלע מחיצות צווישען מזרח און מערב אין יודענטהום. עס הערט זיך א פּראָטעסט פון אַן אָנגעוועהטאָגטער נשמה, א געשריי נאָך גאַנצקייט, נאָך פאָלקס־איינהייט.

ווי באַלזאַם ווירקען זיי די איינצעלנע, זעלטענע ידיעות. מיר לעבען מיט'ן שכל און גלויבען ניט מעהר אין וואונדער. און דאָך שטעהען מיר פאַר דעם וואונדערבּאַרען, ווי עס איז בעשריבען אין אונזערע אַלטע ביכער.

11 פעברואַר, 1917.

# מדה כנגד מדה

דער וועלט־בעריהמטער דייטשער עקאָנאָמיסט אוגוסט פאָן־שמאָלער, איינער פון די איינפלוסרייכסטע מענער אין דייטשלאנד, ניט נאָר אלס געלעהרטער, נאָר אויך אלס פאליטיקער, צו וועמעס וואָרט די געבילדעטע געזעלשאפט הערט זיך צו און צו וועמעס מיינונג זי פערהאַלט זיך מיט גרויס רעספעקט — האָט דאָ ניט לאנג געמאַכט אַ ביטערען אנגריף אויף די אידען אין דייטשלאנד. אוגוסט פאָן שמאָלער איז ניט געוועזן בעקאנט אלס אנטיסעמיט, אין זיינע ווערק און אין זיינע פאָליטיש־עפענטליכע אויפטרעטונגען האָט מען ניט נעקאָנט מערקען סימנים פון דעם אידען־האַס, וועלכער איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר פיעלע דייטשע געלעהרטע, בעזונדערס אויף דעם געביט פון די סאציאלע וויסענשאפטען, ד. ה. אויף דעם געביעט, וואו עס מוזען אנגעריהרט ווערען די בעציהונגען צווישען קלאסען און גרופען. דעריבער האָט דער אנגריף פון שמאָלער געווירקט אין דייטשלאנד ווי אַ בליץ פון קלאָרען הימעל. קייגער האָט איהם ניט ערווארט, און ער האָט אויף יעדען געווירקט ווי אַן איבערראַשונג. מעהר ווי אַלע אָבער זיינען איבערראַשט געוואָרען, זעלבסטפערשטענדליך, די, אויף וועמען דער אנגריף איז געמאַכט געוואָרען — די אידען.

די אידען אין דייטשלאנד ווייסען דעם ווערטה פון דעם „וויסענשאפטליכען“ אנטיסעמיטיזם, זיי ווייסען פון ערפאהרונג, אז די אמת'ע סכנה שטעקט ניט אין די אנטיסעמיטישע האנדלונגען פון אַ רעגיערונגס־בעאַמטען, ניט אין דעם וואולגארען גאַסען־אנטיסעמיטיזם, ניט אין די ביליגע אויסערונגען פון די נאָך ביליגערע פאָליטיקער. די אמת'ע סכנה, אזוי ווייט האָבען די דייטשע אידען געלערנט פון דעם נסיון פון די לעצטע עטליכע דורות, שטעקט אין דעם „פיינעם“ אנטיסעמיטיזם, אין דעם

„אויסגעפּוצטען“, אין דעם „בעגרינדעטען“, ווייל פאר דעם בעגרינדעטען אנטיסעמיטיזם זיינען אָפען אלע אויערען און אלע טהירען, ווייל דעם בעגרינדעטען אנטיסעמיטיזם קאָן מען ניט מבטל זיין מיט א פאָר הויך־קלינגענדע, אלגעמיינע און אבגעדראשענע פראזען, ווייל געגען דעם אנטיסעמיטיזם, וועלכער פערשאנצט זיך הינטער די פעסטע מויערן פון דער וויסענשאפט, מוז מען אויפטרעטען מיט שווערע קאנאָנען, און דאס איז ניט אזוי לייכט. וויימער ווייסען זיי פון דער זעלבער ערפאהרונג, אז יעדע אנטיסעמיטישע אויסערונג ווערט בעטראכט אלס וויסענשאפטליך בעגרינדעט, ווען זי געהט ארויס פון א וויסענשאפטסמאן. דער וויסענשאפטסמאן, ווען ער איז אנערקענט און פאָפּולער, געניסט דעם זכות אין דער געזעלשאפט ניט קאָנטראלירט צו ווערען. ער ברויכט זיך ניט אנצושטרענגען און ברענגען דוקא בעווייזע, וועלכע זאלען שטיצען זיין מיינונג. זאגט ער ארויס א מיינונג, פערלאזט זיך אויף איהם דער עולם בלינד: מסתמא האָט ער שוין אן אויסרייכענדען גרונד. דער וויסענשאפטסמאן קאָן אליין זאָגאר קעמפפען געגען דעם בלינדען גלויבען, ער קאן פערלאנגען, אז יעדע קלייניגקייט זאל בעוויזען ווערען מיט אותות ומופתים, אבער גראד דורך דעם שאפט ער פאר זיך אליין אן אטמאָספערע פון ג ל ו י ב ע ן. דער גרויסער עולם מאכט דעם חשבון אזוי: ווי זאל מען ניט גלויבען א מאן, וועלכער בעקעמפפט דעם גלויבען און וויל, אז אלעס זאל זיין בעגרינדעט און בעוויזען?

דער אָנגריף פון שמאָלער איז געמאכט געווארען נאָר אגב אורחא, אזוי זיך פארבייגעהענדיג. א אידישער געלעהרטער, א מיטגליעד פון בערלינער שטאָדט־ראטה, א כלל־טהוער אין בעסטען זין פון וואָרט מיט א גרויסער השפעה אין זיין ווירקונגסקרייז, האָט פערפאסט א חיבור איצט אין מלחמה־צייט, וואו ער בעהאנדעלט די ברענענדע עקאָנאָמישע צייט־פראגען פון דעם איצטיגען היסען מאָמענט. דער פערפאסער ווערט בעטראכט אלס אויטאָריטעט אויף דעם געביעט פון דער סטאטיסטישער וויסענשאפט. ער איז אויך פראפעסאר פון דער בערלינער אוני־

ווערזיטעט, ד. ה. ווי הונדערטע אנדערע אידישע געלעהרטע איז ער נור פריוואט־דאָצענט און דעם פּראָפעסאר טראָגט ער נור אלס געשענקטען ערהרען־טיטעל. (אין דייטשלאנד, ווי אין מאנכע אנדערע מדינות, עקזיסטירט דער טיטעל פּראפעסאר נור אלס טיטעל. מען זאגט, אז ער איז געשאפען געווארען במעט אויס־שליסליך צוליעב די אידישע געלעהרטע, און די פּראפעסארען, וועלכע טראגען דעם טיטעל און האָבען ניט קיין קאטהעדער, זייי־נען בעקאנט אונטער דעם נאָמען „רחמנות־פּראפעסארען“). דער־צו מוז נאָך געזאגט ווערען, אז אלס וויסענשאפטלער געהערט ער ניט צו דער שמאָלער'שער שולע און אלס פּאליטיקער געהערט ער ניט צו דער שמאָלער'שער פּארטיי. דער גרויסער געלעהרטער שמאָלער האָט רעצענזירט דאס ווערק פון דעם אידישען פּראפע־סאר און האָט בענוצט די געלעגענהייט אבצורעכענען זיך דערביי מיט דעם „סעמיטישען גייסט“, וועלכער איז אריינגעדרונגען פון א פרעמדער וועלט אין די דייטשע געזעלשאפט און וויל זי בע־הערשען. דער רעצענזענט שטעלט זיך ניט אָב אויף איינצעלנע פונקטען, און ניט ביי די איינצעלנע פונקטען מאכט ער זיין אטאַ־קע. ווי א געניטער סטראַטעג פיהרט ער אויס א ג ע נ ע ר א ל א ט א ק ע. אויך גרייפט ער ניט אָן דעם איינצעלנען אידען, ער אטאקירט דעם אידען אין דעם איינצעלנען פונקט, ווי עס האָט געהאנדעלט דער עלטער־עלטער־זיידע פון דעם אנטיסעמיטיזם. ער איז געוועזן אין כעס אויף מרדכי'ן און אויסגעלאזען דעם כעס האָט ער צו מרדכי'ס פאָלק.

צו שמאָלער'ס וואָרט הערט מען זיך שטענדיג צו. דאך גלויב איך, אז צו אזא פרסום ווי זיין לעצטע רעצענזיאן פון א וויסענשאפטליכען ווערק האָט נאָך קיין פּאליטישע רעדע פון איהם ניט זוכה געווען. מען האָט די רעצענזיאן אונטערגעכאפּט און זיך בעמיהט צו פערשפּרייטען זי ווי א נייע ענטפּלעקונג.

און נאָך מעהר איז מען איבערראשט געווארען, ווייל דער אנגריף איז געמאכט געווארען דוקא אין דער צייט פון דעם אזוי אנגערופענעם „בורג־פריעדען“. די פּאליטישע פּארטייען אין דייטשלאנד האָבען נעמליך בעשלאָסען ניט צו בעקעמפפען זיך

געגענזייטיג כל זמן די מלחמה וועט דויערען. דאס איז א מין נדר פון פאליטישען שווייגען. איך ווייס ניט, אויב מען האט די אידען שפעציעל איינגעלאדען אלס גלייכבערעכטיגטע אין דעם „שווייג נדר", עס איז אבער א פאקט, אז די אידען האבען זיך מיט שמחה אנגעשלאסען אן דעם „בורג פריעדען", ד. ה. זיי האבען מבטיח געווען, אז זיי פון זייער צד וועלען זיך ניט בעשעפטיגען מיט דעם אנטיסעמיטיזם, מיט דעם תנאי, אז אויך דער אנדער צד זאל זיך איינהאלטען. די ערשטע צייט נאך דער אבמאכונג האט טאקע אויסגעזעהען עטוואס פריעדליכער אין דייטשלאנד. דאך איז שווייגען, ווי עס זעהט אויס, ניט נאר קיין לייכטע אויפגאבע, און די מלחמה דויערט אזוי לאנג. איז דער נדר געבראכען געווארען. דערווייל האט איין צד עובר געווען אויף דעם נדר, און די אידען שטעהען אין פערלעגענהייט און קאנען זיך קיין עצה ניט געבען. פארמעל זיינען זיי אויך בערעכטיגט צו ברעכען דעם נדר, און דאך האבען זיי מורא און אפעלירען נאך אימער צו דעם „בורג־פריעדען".

מערקווירדיג, ווי אומעדום זיינען מיר דער יוצא מן הכלל. אפילו בנוגע א „בורג־פריעדען" אין מלחמה־צייטען האט מען מיט אונז געמאכט די ע ר ש ט ע אויסנאהמע.

שמאלער'ס אנגריף, און גראד אין איצטיגען מאמענט, קאן ניט בעטראכט ווערען אלס אן איינצעלפאל. ער איז סימפטאמאטיש, ער בעווייזט, ווי פאלש זיינען די האפענונגען, וועלכע ווערען אויפגעבויט אויף מ א מ ע נ ט א ל ע שטימונגען. שטימונגען, וועלכע ווערען ארויסגערופען פון אן ע ק ס ט ר א א ר ד י נ ע ר ע ן מאמענט אין דעם לעבען פון די פעלקער, פערשווינדען מיט דעם פארבייגעהן פון דעם מאמענט, און אויב דער מאמענט דויערט צו לאנג, פערשווינדען זיי איידער נאך דער מאמענט איז גוסס. דאס האט איצט פאסירט אין דייטשלאנד מיט די אידישע האפנונגען. תיכף נאך דעם אויסברוך פון דער מלחמה, ווען גאנץ דייטשלאנד איז געפאקט געווארען פון אן עלעמענטארען פערשמעלצונגס־דראנג, איז געשלאסען געווארען דער „בורג־פריעדען". אין דעם מאמענט האט מען אויך די אידען מצרף געווען

צום מנין. גליך האָט די אידישע פּרעסע אנגעהויבען צו זאגען נביאות, אַז דער אַנטיסעמיטישער גייסט איז אויף אייביג פער־שוואונדען פון דער געזעלשאפט און וועט מעהר ניט אויפשטעהן תחית המתים. די אידישע פּאָליטיקער האָבען גענומען אויף זיך די ראָליע פון חברה־קדישא לייט און האָבען פעראנשטאלטעט פאר דעם אַנטיסעמיטיזם אַן ערשט־קלאַסיגע לויה, אפילו מיט הספדים און נעמאכטע טרעהרען: מיר האָבען גענען איהם געקעמפפט כל זמן ער האָט געלעבט, אבער אין גרונד איז ער גאר ניט געווען אזא רשע... ביי א הספד געפינט מען תמיד א שטיקעל שבח אויך פאר דעם גרעסטען שונא. זיי האָבען זיך צונעאיילט, די חברה קדישא לייט פון דעם אנטיסעמיטיזם, און איצט שטעהען זיי מיט גרויס פערוואונדערטע אויגען: האָבען מיר זיך אבגענארט אין חשבון, אדער האָבען מיר פאר זיך ווירקליך א פאקט פון תחית המתים?

מיר זוכען ניט קיין נקמה, דאך האָט די געשיכטע אבגעצאָהלט די דייטשע אידען מדה כנגד מדה. בשעת עס איז געשלאָסען גע־ווארען דער „בורג־פריעדען" האָבען די אידישע גרופען געשלאָסען אויך צווישען זיך א מין קליינעם „בורג־פריעדען", א מין שטיל־שטאנד צוליעב „שלום בית". מען האָט אָבגעמאכט, אז ביז עס וועט קומען דער וועלט פריעדען זאלען די אסימילאנטען פון איין זייט און די ציוניסטען פון דער אנדער זייט ארויסלאזען די כלי זין פון זייער האנד און ארבייטען געמיינשאפטליך פאר די שותפות'דיגע אידישע אינטערעסען. דער אידישער „שלום בית" האָט אבער נאָך פיעל ווענינער געדויערט ווי דער אלגעמיינער דייטשער „בורג־פריעדען". די אסימילאנטען האָבען צוערשט גע־בראכען זייער הבטחה און אנגעהויבען צו פיהרען דעם קאמפף גע־גען דעם אידיש־נאציאָנאלען געדאנק נאָך מיט מעהר ביטערקייט און מיט מעהר אונפערשעמטהייט ווי פאר דער מלחמה. זיי האָ־בען נעגלויבט דורך דעם אלגעמיינעם בורג־פריעדען, אז זיי זיצען שוין זעהר פעסט אין זאָטעל און אנגעהויבען צו צייגען ווער זיי זיינען.

אָבער גראד די אסימילאנטען מיט זייערע אומגעלומפערטע אויפטרעטונגען אין דער לעצטער צייט געגען דעם אידישען נאציאָ־

נאַליזם — גראַד זיי האָבען פ ר אָ ו ו אָ צ י ר ט די נייע אַנטי־
סעמיטישע שטרעמונג אין דייטשלאַנד. זיי שניידען איצט וואָס
זיי האָבען אַליין געזעעט.

16 פעברואַר, 1917.

# ברייטע און ענגע אידעען

איך האָב איצט ניט דאָס ווערק אונטער מיין האנד און איך מוז זיך פערלאָזען אויף מיין זכרון. איך גלויב אָבער, אז די ענטדעקונג געהערט דעם געלעהרטען פראָפעסאָר לאַנגע, דעם מחבר פון „דער געשיכטע פון דעם מאטעריאליזם". ער האָט נעמליך פעסטגעשטעלט, אז אויך דער מאָדערנער ציוויליזירטער מענש איז ניט אימשטאנד צו דענקען אין ריינע אבסטראקציאָנען און מיט יעדען אבסטראקטען בעגריף מוז ער פערבינדען די פאָר־שטעלונג פון א בעשטימטער געאָמעטרישער פיגור. צום ביישפיעל, ווען מיר נעהמען דעם בעגריף ליעבע. די אויסערונגען פון דער ליעבע זיינען קאָנקרעט, דער בעגריף אָבער פון ליעבע ווערט נעצעהלט צו די אבסטראקטע. מיר רעדען פון דער ליעבע און האָבען א מאָס פאר ליעבע. מיר זאָגען מעהר ליעבען, ווייניגער ליעבען, און ניט ווילענדיג מאָלט זיך אויס אין אונזער פאָרשטע־לונג א ליניע, וועלכע מיר בענוצען אלס מאסשטאב פאר דער ליעבע, און מיט דעם מעהר און ווייניגער פערבינדט זיך דער בעגריף פון לענגער און קירצער, דיקער און דינער, ברייטער און שמעלער. מיט אנדערע ווערטער, ניט אָבגעבענדיג זיך קיין חשבון, מעסטען מיר איינעם פון די העכסטע אבסטראקטע בעגריפען מיט'ן מעטער, יארד אָדער אייל, פונקט ווי מיר וואָלטען דאָ געהאט צו טהאָן מיט א געוועהנליכען קרעמער־ארטיקעל. עס איז ניט נויטיג דוקא צו מעסטען די ליעבע. מען קאָן זי אויך וועגען. מיר רעדען פון א גרויסער און קליינער ליעבע, מיר רעדען אָבער אויך פון א וויכטיגער (און וויכטיג איז דאָס זעלבע ווי וואָגיג) און פון א לייכטער ליעבע. אם בעסטען האָט דער דערמאָנטער גע־לעהרטער דעמאָנסטרירט זיין געדאנק דורך די פערשיעדענע שם התאר'ים (אדיעקטיווא), וועלכע זיינען פערבונדען מיט דעם בע־

גריף צייט אין די פערשיעדענסטע שפראכען. דער בעגריף צייט איז ענטשיעדען איינער פון די אבסטראקטעסטע, און ניט אומזיסט האבען זיך געמאטערט די דענקער פון אלע צייטען ביז אויף היינטיגען טאג פעסטצושטעלען, וואס פאר א מהות האט די צייט. ווילען מיר אבער צ י י נ ע ן די צייט, מוזען מיר האבען צ י י ג ע ר און דערצו נאך א ציפערבלאט. דאס הייסט, מיר קאנען תופס זיין די צייט נאר אין רוים, און ווען מיר דענקען פון דער צייט, דענקען מיר פון א קורצער און א לאנגער צייט. מיר מוזען פערגלייכען די צייטען. קורץ און לאנג איז אבער א ריין געאמעטרישער בעגריף. ווייטער האט ער אונטערזוכט עטימאלאגיש די נעמען פאר די פערשיעדענע צייט־אבשניטען (טאג, וואך, חדש א. אז. וו.) אין די אלטע סעמיטישע און ארישע, ווי אויך אין די נייע שפראכען. עס געלינגט ניט אזוי לייכט צו קומען צום מקור, צו דער אורשפרינגליכער בעדייטונג פון א נאמען, ווען מען וויל זיך ניט פערלירען אין השערות און סברות. אין פיעלע פון דיעזע נעמען האט ער אבער פעסטגעשטעלט די פערבינדונג פון דעם ווארט מיט א בעשטימטער געאמעטרישער פיגור. דער אלטער העברעער האט זיך, צום ביישפיעל, אויסגעדריקט „חגים ינקפו“, וואס עס בעדייטעט די ימים טובים האבען געמאכט א קרייז. די דייטשען רעדען איצט פון א רונדען יאהר, און מיר אידען פון א קיילעכדיגען. ווען מיר רעדען פון א קיילעכדיגען יאהר, בעקומט ביי אונז דער בעגריף יאהר דאס בילד פון דעם לויתן, וועלכער רינגעלט ארום די וועלט און האלט זיין אייגענעם עק אין מויל. עס איז אבער ווידער ניט דוקא נויטיג צו האבען די פארשטעלונג פון יאהר פערבונדען מיט דער פיגור פון א קרייז. אנדערע פערבינדען די פארשטעלונג פון יאהר מיט א קוואדראט פיגור, וואו די פיער צייטען פון יאהר בילדען די זייטען פון דעם קוואדראט.

בקיצור, ער האט פעסטגעשטעלט, אז אונזערע מייסטע בעגריפען, ווען זיי זיינען אפילו ריין אבסטראקט, ווערען געדאכט קאנקרעט, ד. ה. פערבונדען מיט קאנקרעטע פארשטעלונגען אין רוים. איך געדענק, אז בשעת איך האב זיך דערוואוסט פון

דיעזער ענטדעקונג, האָב איך אָנגעהויבען מיך אליין צו קאָנטראָ־לירען, אָנגעהויבען צו אנאליזירען אלע מיינע אבסטראקטע השגות און אז איך האָב ארויסגעפונען די ריכטיגקייט פון דער ענטדע־קונג, בין איך ביי זיך שטארק אראָבגעפאלען. די אבסטראקטע השגות האָבען פערלאָרען פאר מיר א גרויסען חלק פון זייער קדושה, און איך האָב פערלאָרען מיין רעספעקט פאר זיי: זייט איהר דאָך אויך ניט מעהר ווי פשוט'ע חי וקים'ס און איך קאָן צו אייך צוטרעטען מיט א מעטער און מיט'ן פונט אין דער האנד. איך האָב זיך שפעטער געטרייסט. איך האָב דאָך בעגריפען, אז ליעבע קאָן מען ניט מעסטען אויפ'ן מעטער און א יאָהר קאָן מען ניט בויגען, מעהר ניט אונזער דענק־אפאראט איז ניט פאָל־קאָמען, עס פעהלט אין איהם עפעס א שרייפעל, וואָס לאָזט אונז ניט צו די עולמות העליונים.

איך האָב אָבער קיין מאָל ניט גערעכענט, אז דאָס געאָמעט־רישע דענקען זאָל פערארורזאכען אזוי פיעל צרות אין אונזער אידעען־וועלט, און בעזונדערס ווירקען אזוי שטערענד ביי דער פערווירקליכונג פון אונזערע אידעען. איך געדענק נאָך פון מיינע יונגענד־יאָהרען, ווען איך בין אלס א תלמיד פון א מיטעל־שולע בעקאנט געוואָרען מיט מיינע יונגענדליכע פּאָליטישע געגנער. איך בין דענסטמאָל געוועזען א חובב ציון, און מיינע געגנער זיינען געוועזען סאָציאליסטען, ניט חלילה אידישע סאָציאליסטען, נאָר סאָציאליסטען אידען. און איך געדענק אין וועלכער פערלעגענ־הייט זיי פלעגען מיך פערזעצען, ווען זיי פלעגען מיר צום שלום פון א הייסען ויכוחים־אָוועגד א שליידער טהאָן אין פּנים דעם פאָרוואורף: מיר דיענען א ב ר י י ט ע ר אידעע, און דו דיענסט א שמאָלער אָדער אן ע נ ג ע ר אידעע; אין אונזער סאָציא־ליזם נויטיגט זיך די גאנצע וועלט, דאָס איז אן אידעע, וואָס אומפאסט די גאנצע מענשהייט, און דו אינטערעסירסט זיך פאר א מין חבת ציון אידעע, וועלכע האָט צו טהאָן מיט א קליינער אומה און נאָך ניט מיט דער גאנצער אומה, נאָר מיט א הייפעלע פון דיעזער אומה. איך האָב געפיהלט, אז דאָ שטעקט א סאָפיזם, איך האָב זיך געראנגעלט ווי ווייט איך האָב געקאָנט, דאָך פלעגען

מיינע גענגער על פי רוב ארויסגעהן די זיעגער.ברייטע אידעען און ענגע אידעען האָבען זיך פערהאַלטען צו איינאַנדער ווי א קאַנאַנע צו א רעוואָלווער, היינט גנה און האַלט מלחמה מיט א רעוואָלווער נעגען א קאַנאָנע!

יאָהרען זיינען געגאַנגען. פון יונגלינג איז געוואָרען א מאַן. דער מאַן האָט דערגאַנגען דעם סוד, אז די קאַנאָנע איז געווען נאָר פון פּאַפּיער און איהרע קוילען האָבען נאָך געקאָנט ווענינער מזיק זיין ווי ארבעס פון א קינדערשען ביקסעל. די חבת ציון איז מעהר ניט ווי די אָנווענדונג אויף דאָס אידישע פּראָבלעם פון דעם אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ. דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער פּרינציפּ אומפאַסט אָבער די גאַנצע מענשהייט פונקט ווי דער סאָציאַליזם און פונקט ווי די אַנדערע אַלמענשליכע אידעען. דער מאַן האָט פערשטאַנען, אז די וויכטיגקייט פון אַן אידעע העננט אָב פון איהר אינערען ווערטה און ניט פון דער צאָהל מענשען, וועלכע נויטיגען זיך נאָך אין איהר פערווירקליכונג. דער מאַן האָט פערשטאַנען דעם סאָפיזם, וועלכער שטעקט אין דעם זשאָנגלירען מיט ברייטע און שמאָלע אידעען. ווען די וויכטיגקייט פון אַן אידעע זאָל בעשטימט ווערען דורך איהר ברייט, ד. ה. דורך דער צאָהל מענשען, וועלכע נויטיגען זיך אין איהר פערווירקליכונג, וועט אויסקומען, אז יעדע ברייטע אידעע פערוואַנדעלט זיך אין ענגע און שמאָלע נאָך דעם גראַד פון איהר פערווירקליכונג. הייסט עס, אז די וואָס ווילען דיענען ברייטע אידעען, טאָרען ניט צולאָזען זייער פערווירקליכונג.

א ביישפּיעל. א האַלבע וועלט האָט זיך אָנגענומען פאַר בעלגיען. בעלגיען איז א קליינע אומה. האָט זיך א האַלבע וועלט אָנגעכאַפּט אָן א שמאָלער אידעע.

ווי גרויס איז אָבער געווען מיין איבערראַשונג, ווען איך האָב אויך דאָ אין אמעריקא דערהערט די אַלטע טענות און אַלטע וכוחים וועגען ברייטע און שמאָלע אידעען און אין נאָך א יואָולנאַרערער פאָרם ווי אין אָנהויב פון אונזער פרייהייטס־בעוועגונג. מען בעקעמפּפט נאָך שטענדיג דעם אידישען נאַציאָנאַליזם אויף דער אסמכתא, ווייל ער איז צו ענג, און דעם ציוניזם, ווייל ער

אומפאסט נאָר א טהייל פון אידישען פאָלק. מען קאָנסטרואירט נאָך אימער א נעגענזאַץ צווישען נאציאָן און מענשהייט, ווייל די נאציאָן איז נאָר א טהייל פון דער מענשהייט. מען וויל נאָך ניט פערשטעהן, אז עס קאָנען עקזיסטירען אידעען, אין וועמעס פערווירקליכונג עס נויטיגט זיך נאָר א קליינע גרופע, אָדער זאָגאר נאָר איין איינציגע פערזאָן, און דאָך טראָגען זיי אין זיך אן אַל־מענשליכען ווערטה, און עס קאָנען עקזיסטירען אָ ר י מ ע אידעען, פרימיטיווע, ווען אפילו די גאַנצע מענשהייט זאָל זיין פעראינטע־רעסירט אין זייער פערווירקליכונג. מען וויל נאָך ניט פערשטעהן, אז דער י ו ש ר פון אן אידעע ווערט ניט קלענער דערפון, וואָס נאָר א קליינע גרופע נויטיגט זיך אין איהם. מען וויל ניט פער־שטעהן, אז די וויכטינקייט פון אן אידעע העננט ניט אָב פון איהר אבסאָלוטען געוויכט, נאָר פון איהר ספעציפישען געוויכט.

און די קליין־קרעמער מיט דעם מעטער און מיט דעם פונט אין דער האנד געהען ארום און בעריהמען זיך: איהר האָט הונ־דערט טויזענד, מיר האָבען פינף הונדערט טויזענד, אונזער מחנה איז גרעסער! דיעזע בעריהמעריי האָט שוין ווירקליך הערעסען. די וועלט איז ניט קיין מארק און אידעען זיינען ניט קיין קרעמער־ארטיקעל. צעהלט ניט אייער מחנה; מיר זיינען ניט אויף א קנעכט־מארק און ניט אויפ׳ן שלאכט־פעלד. זאָגט וואָס ווינשט אייער מחנה, וואָס וויל זי? וואוהין און נאָך וואָס שטרעבט זי? אפשר נארט איהר זיך אליין אָב אין חשבון? אפשר מאכט איהר נאָר דעם חשבון אָהן דעם בעל הבית? ווארים ווען עס וועט קומען דער ריכטיגער מאָמענט, וועט דער קאמפף אויסגעפאָכטען ווערען ניט צווישען צאָהל און צאָהל, נאָר צווישען אידעע און אידעע, אידעאל און אידעאל.

19 פעברואר, 1917.

# אונזער וועג, אונזער שפּראַך

אנטיסעמיטיזם, שוין ווי עס צייגט די עטימאָלאָגיע פון דעם וואָרט, איז ניט קיין פּרימערע ערשיינונג, נאָר אַ סעקונדערע, ד. ה. דער אנטיסעמיטיזם איז ארויסגערופען געוואָרען דורך די עקזיסטענץ פון אַן אנדער ערשיינונג, צו וועלכער ער האָט זיך געשטעלט אין אַ געוויסען געגענזאַץ אָדער זאָגאַר פיינדליך. די אנדערע ערשיינונג איז דער סעמיטיזם. דאָס איז עלעמענטאַר, כמעט באַנאַל. דאָך מוז עס זעהר אָפט בעטאָנט ווערען, כדי ארויסצושלאָגען איין מאָל פאַר אַלע מאָל די אונזיניגע פערקעהרטע בעהויפּטונג פון די קרומע מוחות, וועלכע זוכט צו ערקלעהרען די אידישע עקשנות'דיגע עקזיסטענץ אויף צו להכעיס אלע אומשטענדען און בעדינגונגען, דורך דעם אנטיסעמיטיזם. דאָס איז די פערברייטעטע און די הערשענדע מיינונג אין אַלע אסימילאַטאָרישע קרייזען. די אידען וואָלטען שוין לאנג פערשוואונדען אלס אידען פון דער וועלט-געשיכטע, נאָר די אנטיסעמיטען דערלאָזען זיי ניט דערצו, זיי מינטערען זיי אָב, זיי שרייען זיי אָב אין לעצטען קריטישען מאָמענט. די אנטיסעמיטען זיינען מעכב די אידישע גסיסה. ווען פון אונז איז ניט אויסגעקומען צו הערען דיעזען וואונדערבאַרען געדאנק אין פערזאמלונגען; ווען איז ניט אויסגעקומען צו לעזען מכח דיעזער וואונדערבארער טהעאָריע אין דער אסימילאַטאָרישער פעריאָדישער פרעסע און אין אסימילאַטאָריש טענדענציעזע ספרים? אויף אזא אופן קומט אויס, אַז קיין זעלבסטשטענדיגע לעבענס-קראַפט בעזיצט שוין דאָס אידישע פאָלק ניט מעהר. מעהר ניט עס בעזיצט נאָך אַ דוקא-כח, אָדער נאָך ריכטיגער, ווען מיר זאָלען בלייבען שטרענג לאָגיש, אפילו קיין דוקא-כח בעזיצט דאָס אידישע פאָלק אויך ניט מעהר, עס לעבט נאָר פון די חסדים פון דעם אנטיסעמיטיזם. מיט אנדערע ווערטער: די אנטי-

סעמיטען געהען אזוי אוים נאך די אידען, אז זיי לאָזען זיי ניט אויסגעהן.

מיר האלטען די אנטיסעמיטען ניט פאר אזוי נאריש און מיר בעטראכטען זיי ניט פאר אונזערע בעלי טובות. מיר נעהמען רעריבער אראָב פון אונז די גאַנצע אחריות פאַר דעם גרויסען כבוד, וואָס די אסימילאציאָן שרייבט זיי צו מיט זייער בעהויפּטונג, אז דער אנטיסעמיטיזם בילדעט די ערהאלטענדע קראפט פון דעם אידישען פאָלק, די קראפט, וועלכע געפינט זיך אויסער אונז, וואכט אָבער איבער אונז און שיצט אונז פון אונטערגאנג. אונז האָט אפילו דער אנטיסעמיטיזם ניט איבערגעשראָקען, מיר האָבען ניט פערלאָרען אונזער קאָפּ און ניט אויסגעקעהרט די לאָגיק אויף דער לינקער זייט. און ווייל מיר זיינען לאָגיש, זיינען מיר זיך מודה אין אונזער פערברעכען. ניט די אנטיסעמיטישע פּראָוואָקאציאָן האָט ארויסגערופען אונזער בעטאָנונג פון אונזער אייגענעם פאָלקס־איך, ניט דורך הרדיפות און גזרות זיינען מיר דאָס וואָס מיר זיינען, נאָר אומגעקעהרט. מיר זיינען זיך מודה ומתודה פאר דער גאנצער קולטור־מענשהייט, אז דורך אונז, און נאָר דורך אונז, איז געקומען אויף דער וועלט דער אנטיסעמיטיזם, דורך דעם פאקט פון אונזער פּאָלקסטהום, דורך דעם פאקט פון אונזער אנדערש גע־שטאלטעטען איך, דורך דעם פאקט פון אונזער פערשיעדע־נער וועלט־אנשויאונג, וועלכע ענטפּלעקט זיך אין אלע אונזערע שאפונגען, אין דעם גאנצען אידעען־גאנג פון אונזער גייסט. און מיר זאָגען ווייטער: מיר זיינען זיך מודה ומתודה, מיר געהען ניט אריין אין פשרות, ניט מיט זיך אליין, ניט מיט דער וועלט. און אויב די וועלט, די קולטור־וועלט, בעטראכט דאָס אלס א פערברע־כען, אָדער נאָר ווי א חוצפה פון אונזער זייט, זיינען מיר מוכן ומזומן צו ערהאלטען די פערדיענטע שטראָף. מיר וועלען אָבער נאָר דאן מצדיק זיין דעם דין, ווען די ריכטער, וועלכע וועלען אונז משפט'ען, וועלען ארויסציינען עלעמענטארען יושר און אָנווענדען די זעלבע שטראָף אויף אלע אנדערע, וואָס האָבען בעגאנגען דאָס זעלבע פערברעכען אָדער ארויסגעוויזען די זעלבע חוצפה ווי מיר. מיר וועלען פערלאנגען, מיר וועלען פאָדערען, אז מיט אונז

אינאיינעם זאָלען בעשטראָפט ווערען אויף  א ל ע  אומות העולם, אָ ה ן  א ן  א ו י ס נ א ה מ ע,  וואָרים זיי האָבען אלע געזינדיגט אינאיינעם מיט אונז — זיי האָבען געקעמפפט מיט אלע כחות פאר זייער פאָלק׳ס קיום. מיט אלע פערברעכער פון דיעזען מין האָבען מיר קיין מורא ניט בעשטראָפט צו ווערען. וואָס קאָן אונז דען קומען דערפאר, אין וואָס קאָן דען בעשטעהן דער פסק דין ? אויס־קוילענען איינער דעם אנדערען — די גאנצע מענשהייט קאָן דאָך ניט בעגעהן קיין זעלבסטמאָרד. וועט נאָר בלייבען איין ברירה — געפענגנים. וועט זיך די וועלט פערוואנדלען אין איין גרויסע תפיסה און יעדעס פאָלק וועט בעקומען זיין פלאץ. נו, דאָס מיינען מיר דאָך טאקע. ווי די פערטהיילונג פון די פלעצער זאָל ניט אויספאלען, מיר האָבען זיך ניט וואָס צו שרעקען. זאָלען ציטערען די גרעסערע פעלקער, וועלכע האָבען פערכאפט א האלבע וועלט און ווילען נאָך פערכאפען אויף די אנדערע העלפט. זיי וועלען טאקע פערליערען דעם גרעסטען חלק פון זייער פערמעגען דורך א יושר׳דיגער פערטהיילונג. אונז וועט דער יושר ניט שאדען.

אָט דאָס איז אונזער שטאנדפונקט. אָט דאָס איז די שפראך, מיט וועלכער מיר ווענדען זיך צו דער קולטור־וועלט. אָט דאָס איז די פאָרמולירונג פון אונזערע טענות, ווען מיר טרעטען אויף אפילו פאר דער אנטיסעמיטישער וועלט. מיר זיינען ניט געזוונקען אזוי טיעף צו קריכען און צו בעטלען. מיר זיינען ניט אזוי ווערטה־לאָז און ניעדריג אין אונזערע איינענע אויגען צו קומען און צו בעטען זיך: האָט רחמנות, לאָזט אונז נאָר א וויילע צורוה, מיר וועלען אליין נוסס זיין. מיר האָבען ניט פערלאָרען די חרפה און די בושה צו געהן און צו דערצעהלען מעשיות פון א פערשוואונדענער שאפונגס־קראפט, פון א פערלאָרענעם גייסט, פון אן אויסגעטריקנע־טער נשמה. מיר קאָנען דאָס ניט טהאָן, מיר וועלען דאָס ניט טהאָן, און קיין מאָריטעטס־בעשלוס וועט אונז צו אזא האלטונג ניט צווינגען, ווייל אביסעלע לעבען וועגט איבער פיעל טויט, ווייל אין אזעלכע פראגען ענטשיידעט דער לעבעדיגער און ניט די אָב־געשטאָרבענע. די טויטע אויך — אָבער די וואָס ליגען אין די קברים און ניט די אָבגעשטאָרבענע, וואָס געהען ארום צווישען די

לעבעדיגע. און די טויטע אין די קברים זיינען מיט אונז. זיי האָבען זייער האָפנונג גענומען מיט זיך, און זי שפּראָצט פון די אלטע קברים, זיי האָבען זייער בטחון געלאָזען אונז בירושה, זייער בטחון און דעם זכות צו רעדען אין זייער נאָמען.

און מיר זיינען איבערצייגט, אז אפילו די שלימסטע אנטי־סעמיטען וועלען זיין געצוואונגען צו ענדערען זייערע בעציהונגען צו אונז. זיי וועלען בלייבען אנטיסעמיטען, אָבער זיי וועלען זיך פערהאלטען צו אונז ווי די אנטי גערמאַנען צו די גערמאַנען אָדער ווי די אנטי סלאַווען צו די סלאַווען, און אז. וו. עס וועט בלייבען די גענגערשאפט, אָבער עס וועט פערשווינדען די פעראכטונג, מען וועט אויפהערען צו „הלומען" זיך איבער אונז. מען וועט אונז אָנהויבען צו פערשטעהן.

דער אנטיסעמיטיזם וואָלט ווייט ניט געווען אזוי געפעהרליך, ווען דער סעמיטיזם וואָלט פערשטאַנען ווי צו האלטען זיך, ווי צו רעפּרעזענטירען זיך, ווי צו רעדען, ווי צו פערהאנדלען. געוויס קאָן מען ניט זוכען קיין יושר ביי די פּראַקטישע אנטיסע־מיטען, אָבער מיר מוזען זיך אויך מודה זיין, אז אומזיסט וועלען מיר זוכען פּאָליטישען פערשטאַנד און טאַקט ביי די אסימילאַ־טאָרישע פערטרעטער פון אונזער סעמיטיזם. זיי האָבען פער־טראָטען אונזער זאך אָהן שכל און אָהן ווירדע, און מיר געניסען יעצט די פּירות פון זייערע פּלאַנצונגען.

מיר האָבען דעריבער פאר זיך א שווערע אויפגאַבע. איידער מיר געהען ארויס אין די גרויסע עפענטליכקייט, מוזען מיר פער־האנדלען מיט אונזערע אונלאָגישע סעמיטען. מיר מוזען זיי בע־קעהרען, מיר מוזען זיי איבערצייגען, אז זייערע בקשות ביי די אנטיסעמיטען און זייער מלחמה געגען אונז וועלען זיי ניט העלפען, מיר מוזען זיי קלאָר מאכען, אז די וועגען, אויף וועלכע זיי האָבען אונז ביז איצט געפיהרט, האָבען צו נישט געפיהרט, און אז מיר שטעהען איצט אין אונזער לעבען פאר גרעסערע און קאָמפּליציר־טערע פּראָבלעמען ווי מיט פיעלע דורות צוריק. מיר מוזען ווייטער זיי אָנווייזען אויף דעם פאקט, אז די קולטור־מענשהייט האָט גראָד אין די לעצטע דורות געמאכט גרויסען פאָרטשריט אין דער אנער־

קענונג פון דעם נאציאָנאַלען פרינציפּ, אז די נייע אָרדנונג, וועלכע וועט איצט נאָך דער גרויסער וועלט־קאטאסטראָפע מוזען איינגע־פיהרט ווערען, וועט זיין פונדאמענטירט אויף דעם נאציאָנאַלען פּרינציפּ, און אז די קולטור־וועלט וועט אונז פשוט ניט פערשטעהן, ווען מיר אליין וועלען אויסבייטען אין דעם גרויסען מאָמענט אונזער גרויסע נאציאָנאלע פאָדערונג אויף קליינע בקשות, צו וועלכע די וועלט האָט זיך שוין לאנג צוגעוועהנט.

די קולטור־וועלט וועט אונז בעדויערען. די אנטיסעמיטישע וועלט וועט אונז אויסלאכען. מיר ווילען ניט זיין ניט בעדויערט, ניט אויסגעלאכט. מיר ווילען פערלאנגען אונזער פלאץ אונטער דער זון.

23 פעברואר, 1917.

# ווער פּראָוואָצירט אַנטיסעמיטיזם?

די טאַקטיק, וועלכע די אידישע אסימילאַציאָן האָט אָנגעווענדעט אין איהר קריעגס־צוג געגען די אידיש נאַציאָנאַלע תביעות אין די איינצעלנע לענדער, וואו עס שלאָגט נאָך דער אידישער פאָלקס־פולס, און מיט פערדאָפּעלטער קראַפט געגען דער איהר פערהאַסטער ציוניסטישער בעוועגונג אין דער גאַנצער וועלט, האָט געפיהרט צו נעגאַטיווע און זעהר טרויעריגע רעזולטאַטען. ז. ה. די אסימילאַטאָרישע טאַקטיק, האָט אומעדום פּראָוואָצירט דעם אנטי־סעמיטיזם און איהם בעוואַפענט מיט נייע כלי־זין, געריכטעט ניט אַנטקעגען איינצעלנע גרופּען, נאָר געגען דעם געזאַמטען אידישען פאָלק. די ליפעראַנטען פון די נייע כלי־זין האָבען זיך געציעלט אויסשליסליך אין ז י י ע ר ע געגנער, די וואָס האָבען אָבער בענוצט די כלי־זין, האָבען ביי די ליפעראַנטען ניט געפרעגט קיין עצה, וואוהין צו ציעלען זיך און ועמען צו טרעפען, פּונקט ווי עס בעראַטה זיך ניט דער קונה פון א רעוואָלווער מיט'ן קרעמער, צו וועלכען צוועק ער זאָל דעם רעוואָלווער געברויכען. ליידער האָט נאָך קיינער ביי אונז ניט גענומען אויף זיך די אויפגאַבע אויס־צופאָרשען די ענטוויקלונג פון דעם אנטיסעמיטיזם אלס געזעל־שאַפטליכע ערשיינונג אין דער לעצטער תקופה, אין צוזאַמענהאַנג מיט די מעטהאָדען פון אונזער אייגענעם עפענטליכען אויפטרעטען, אי ווען מיר גרייפען אָן, אי ווען מיר פערטהיידיגען זיך, און ארויס־געפינען די פאַקטאָרען, וועלכע האָבען גורם געווען דעם אנטי־סעמיטישען וואוקס. דאָס וואָלט געווען ניט נאָר אן אינטערע־סאַנטע פּסיכאָלאָגישע אָבהאַנדלונג איבער א וויכטיגע היסטאָרישע ערשיינונג, דאָס וואָלט געווען אויך א לעהררייכע אָבהאַנדלונג, וועלכע וואָלט קודם כל אונז אליין געגעבען די מעגליכקייט צו אורטהיילען איבער דעם נוצען און דעם שאדען פון אונזער איינענער

האלטונג, פון אונזערע אייגענע מעטהאָדען, וועלכע מיר ווענדען אָן געגענאיבער דער גרויסער וועלט אין אונזער שטענדיגען קאמפף, דעם אויסערען ווי דעם אינערען. אזא אָבהאנדלונג, ניט טענדענציעז געפארבט, גאָר בעגרינדעט אויף אָביעקטיווע פאקטען, וואָלט בעוויזען, וועד פון אונז איז דער שולדיגער אין דער פ ע ר ב ר י י ט ו נ ג פון דעם אנטיסעמיטיזם: די וואָס בעקענען זיך אָ פ ע ן צום אידישען נאציאָנאליזם און זאָגען דעם אמת, אז זיי זוכען ניט דאָס גליק אין דער פריינדשאפטליכער האלטונג פון די אנטיסעמיטישע קרייזען, די וואָס קומען ניט מיט בקשות און פערטהיידיגונגען און אפאָלאָגעטישע מליצות, אָדער די וואָס האלטען זיך שטענדיג אין איין פערענטפערען זיך און אין איין בעטען מחילה און ענטשולדיגונג פאר זייער עקזיסטענץ? די וואָס פאָדערען ג ע ר ע כ ט ע מענשליכע בעציהונגען צו זיך אויפ'ן גרונד פון גלייכער עקזיסטענץ־בערעכטיגונג פאר אלע פעלקער, נאציאָנען אָדער נאציאָנאלע גרופען, אָדער די וואָס גיבען אָן אין נדן זייער טענדענץ צו פערשווינדען, אָבצורוימען דעם פלאץ און ניט ווארפען זיך מעהר אין די אויגען פון דער הערשענדער בעפעלקערונג?

און עס איז די העכסטע צייט, אז דער צוזאמענהאנג צווישען דעם אנטיסעמיטיזם און דער אידישער האלטונג אין עפענטליכען לעבען זאָל פעסטגעשטעלט ווערען, כדי די אידישע וועלט זאָל פערשטעהן דעם ערך פון דעם שאָדען, וואָס די אסימילאציאָן ברענגט דער אידישער געזאמטהייט, ניט נאָר מיט דעם, וואָס זי רייסט ארויס פון פאָלק'ס אָרגאניזם אַ טהייל פון זיינע שאפענדע כחות, נאָר אויך מיט איהרע מעטהאָדען, וועלכע זי ווענדעט אָן, ווען זי טרעט אויף אגרעסיוו געגען דער אידיש נאציאָנאלער בעוועגונג.

פון דער געשיכטע, — און דער אנטיסעמיטיזם האָט זעהר אַ לאנגע געשיכטע, כמעט אזוי לאנג, וואָס איז אויך נאטירליך, ווי די געשיכטע פון דעם סעמיטיזם, — האָט מען געקאָנט אויפווייזען מיט אותות ומופתים, אז דער שטארקסטער און העפטיגסטער אויס־ברוך פון דעם אנטיסעמיטיזם אין אלע תקופות, ממצרים ועד הנה, אָנהויבענדיג פון דער אלכסנדרינישער עפּאָכע און ענדיגענדיג מיט דער נייער צייט, איז צוזאמענגעפאלען שטענדיג מיט דער אויס־

געשפּראָכענער אסימילאַטאָרישער ריכטונג אין די העכערע קרייזען פון דער אידישער געזעלשאַפט. דער אנטיסעמיטיזם האָט טויזענד מאָל געמאָגט פּאָרמולירען זיין בעשולדיגונג, אז די אידען ווילען בילדען אַ שטאַאט אין שטאַאט. אין אמת׳ען אָבער איז דאָס געווען מעהר ווי אַן אָפּיציעלע טענה פון זיין זייט, וויל דערמיט, מיט אזא מאָטיווירונג, האָט ער זיכערער און שנעלער געקאָנט אריבערציהען אויף זיין זייט די עפענטליכע מיינונג. די אַנטיסעמיטען האָבען געוואוסט דעם סוד, אַז די מאַסען קאָן מען אם בעסטען שרעקען מיט דעם פרעמדען. די מאָטיווירונג איז אָבער געווען אַ פאַלשע, וואָרום מיר זעהען, אז יעדעס מאָל, ווען דער פרעמדער, אין דעם פאל דער איד, האָט אָנגעהויבען צו ציינען אַ טענדענץ מקריב צו זיין זיין אייגענארטיגקייט, האָבען די אַנטיסעמיטען אָנגעהויבען צו שרייען נאָך העכער, נאָך קרעפ־טיגער צו פּראָטעסטירען. דער האס צום זיך אסימילירענדען אידען האָט פיעלפאַך איבערטראָפען די געגנערשאַפט צו דעם נאַטירליכען אידען. דאָ ווערט ניט גערעדט מכח דער אויבערפלעכליכער אסימילאַציאָן, וועלכע דריקט זיך אויס אין די אויסערע לעבענס־פאָרמען, און וועלכע קאָן בעטראַכט ווערען אלס אַ נויטווענדיגע אָנפּאַסונג צו דער סביבה. דאָ האַנדעלט זיך מכח דעם אינערען פּראָצעס פון דער אסימילאַציאָן, מכח דער ראַדיקאַלער גייסטיג־קולטורעלער אסימילאַציאָן, וועלכע וועט איבערבייטען אַ וועלט אויף אַ וועלט, זיטען אויף זיטען, געשמאַק אויף געשמאַק און קולטור אויף קולטור.

איך וויל זיך אָבשטעלען אויף אַ ביישפּיעל, אַרויסגענומען פון די דייטש־אידישע און די רוסיש־אידישע בעציהונגען אין דער נייסטער צייט. די אידען אין דייטשלאַנד שפּיעלען זעהר אַ גרויסע ראָלע אויף דעם געביעט פון ליטעראַרישען שאַפען, בעזונדערס אין דער פּובליציסטיק און אין דער קריטיק. די זעלבע ערשיינונג האָט זיך אויך אָנגעהויבען צו מערקען אין דער לעצטער צייט אין רוסלאַנד. און אין ביידע לענדער איז דורך דיעזען אומשטאַנד אויפגעוועקט געוואָרען דער אַנטיסעמיטיזם אין אַזעלכע קרייזען, פון וועלכע מען האָט ניט ערוואַרט, אַז זיי זאָלען אָנגעשטעקט

וערען פון דער אנטיסעמיטישער קראנקהייט — נעמליך אין די
יינערע קינסטלער־קרייזען. מען האָט בשום אופן ניט געוואָלט
מוחל זיין די אידישע השפעה אויף שפּראַבען און ליטעראַרישען
עשמאַק.

איך ריהר דאָ אָן די פראגע נאָר מיט א פּאָר ווערטער. צוליעב
איהר איז שוין אָבער געשאַפען געוואָרען א גרויסע ליטעראטור,
און זי ווערט ברענענדער פון טאָג צו טאָג. איך פערלאָז זי איצט
און געה איבער צו דער פראגע פון די אסימילאַטאָרישע קאמפּפס־
מעטהאָדען געגען דעם אידישען נאציאָנאליזם און וועל זיי אילוס־
טרירען אויך נאָר דורך א פּאָר ביישפּיעלען, ווי ווייט זיי פער־
העלפען דעם אנטיסעמיטישען וואוקס.

דאָס איז געווען גלייך נאָך דער מיליטערישער רעוואָלוציאָן
אין דער טירקיי. די פערטרעטער פון דער הערשענדער טערקישער
פּארטיי פון איינינונג און פּראָגרעס האָבען בעזוכט די מייסטע
אייראָפּעאישע הויפּט־שטעדט. זייער פּארטיי האָט דורכגעפיהרט
א גלענצענדע שטיק ארבייט. נאָך מיט א קורצער צייט צוריק
האָט מען ניט געגלויבט, אז עס וועט זיך איינגעבען אזוי לייכט
ארונטערנעהמען פון טהראָן אבדול האמיד׳ען, פאר וועלכען דאָס
גאנצע אָטאָמאנישע רייך האָט געציטערט, און אָבשיקען איהם מיט
א רעשטעל ווייבער פון זיין הארעם אין דער אידישער ווילא אין
סאלאָניקי. די וועלט האָט בעוואונדערט די יונג טערקען, און אין
די אייראָפּעאישע הויפּט־שטעדט האָט מען זייערע פערטרעטער
געמאכט א שעהנעם קבלת פּנים. אין פּאריז האָט זיך פּאָרגע־
שטעלט פאר זיי א דעפּוטאציאָן פון דער אליאנס איזראעליט אוני־
ווערסעל, מיט דעם בעיאָהרענטען פּרעזידענט פון דער געזעלשאפט
אין דער שפּיצע. דער בעיאָהרענטער פּרעזידענט פון א געזעל־
שאפט, וואָס טראָגט אויף זיך דעם נאָמען „כל ישראל חברים“,
האָט בעגריסט די יונג־טערקישע פּערטרעטער זעהר חניפה׳דיג און
האָט געפונען פאר נויטיג ארייגצופלעכטען אין זיין בעגריסונג
איינינע אויפקלעהרענדע ווערטער מכח דער אליאנס איזראעליט
און די אנדערע אידישע אָרגאניזאציאָנען. ער האָט אויפמערקזאם
געמאכט די יונג־טערקישע פערטרעטער, אז די אליאנס איזראעליט

פערפאָלגט נאָר פּריװאַטע װעגן צװועקען און האָט ניט די אַמביציע, װי דאָס איז דער פאַל מיט אַנדערע איד־דישע אָרגאַניזאַציאָנען (אויב מיין זכרון נאַרט מיך ניט, האָט ער די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציאָן דערמאָהנט בפירוש), אָבצורייסען עטוואָס פון דער טערקיי.

פון יענער צייט אָן, — דאָס קאָן מען בעווייזען, — האָט די יונג טערקישע פּאַרטיי אָנגעהויבען צו פערהאַלטען זיך מיט מעהר חשד אויף צו דער טהעטיגקייט פון דער אַליאַנס איזראַעליט אין ארץ ישראל. דער גרונד איז אַ פּשוט'ער. די טערקישע רעגיער־רונג האָט געמאַכט אַזאַ חשבון: אויב די ציוניסטען װילען װירקליך פון איהר עטוואָס אָברייסען, קאָן די אַליאַנס דאָס זעלבע װעלען מיט דער צייט. זי איז דאָך פאָרט אַ אידישע אָרגאַניזאַציאָן. די זעלבע מעטהאָדע פון אונטערקויפען זיך אויפ'ן חשבון פון אַ נעננערישער אָרגאַניזאַציאָן האָט אויך אייניגע מאָל אָנגעװענדעט דער הילפס־פעראיין פון די דייטשע אידען, אויף פאַר דער זעלבער טערקישער רעגיערונג. אין דעם הילפס־פעראיין האָט זיך מתקנא געװען די שװאַכע אין כחות און בעטעל־אָרימע אין מיטלען ניי געגרינדעטע געזעלשאַפט איק"א און האָט זיך אויך ערלויבט צו רעדען מיט דעם זעלבען לשון מיט דער טערקישער רעגיערונג. די רעזולטאַטען זיינען געװען גלייך די ערװעקונג פון אַן אַלגעמיינעם חשד נעגען אַלע אידישע אָרגאַניזאַציאָנען, מיט אַנדערע װערטער, די פּראָװאָצירונג פון דעם אַנטיסעמיטיזם.

אין דייטשלאַנד האָבען אידישע פיהרער זיך ערלויבט, איצט אין מלחמה צייט, אַרויסצוטרעטען מיט שרעקליכע בעשולדיגונגען אַנקעגען די פּוילישע אידען. זיי האָבען זיך געװאָלט שיצען און האָבען גערעכענט, אַז די בעשימפּפונג פון דעם פּוילישען אידען װעט זיין אַ גוטעס פּראָפילאַקטישעס מיטעל נעגען דעם אַנטי־סעמיטיזם אין דייטשלאַנד. און רעזולטאַט — די שטייגערונג פון דעם געזעלשאַפטליכען אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד. דער גרונד איז װיעדער אַ פּשוט'ער. די אַנטיסעמיטען האַלטען, אַז דער דייטשער איד און דער פּוילישער זיינען דאָך גאַנץ נאָהענטע קרובים. זיי גלויבען ניט אין ריינאַך'ס טהעאָריען.

נאָך פיעל, פיעל ביישפּיעלען האָט מען געקאָנט ברענגען צו ציינען, אז אונזערע אַסימילאַטאָרען זיינען ניט נאָר שלעכטע אידען — זיי זיינען נאָך שלעכטערע פּסיכאָלאָגען און וועלען זיך האָבען צו בראָטען אויף דעם פייער, וואָס זיי אליין בלאָזען פאנאנדער.

2 מערץ, 1917.

# מיתת נשיקה

איך האָף, אונזערע עקסטרעמע אידישיסטען וועלען מיר מוחל זיין, ווען איך וועל זיך אָבשטעלען אויף דעם העברעאישען אויס־דרוק: „מיתת נשיקה“. איך קאָן נעבען די פערזיכערונג, אז איך האָב דאָס מאָל נעוועהלט דעם העברעאישען אויסדרוק, ניט כדי אימיצען איינצו׳רוגז׳ען, נאָר פּשוט מחמת איך געפין איהם, דעם אויסדרוק, פאר קורץ, שארף און פּרעציז. צוויי ווערטער — און דאָך כאראקטעריזירען זיי א גאנצע סיסטעם, א גאנצע שיטה, ווי פּטור צו ווערען פון זאכען, וועלכע מען האָט ניט ליעב.

„מיתת נשיקה“ איז דער נעגענזאַץ פון „מיתת חניקה“ — א מיטעל, וואָס ווערט זעהר אָפט אָנגעווענדעט אין פּאָליטישען קאמפּף פון נעגנערישע פּארטייען. עס שווימט ארויס א נייע אידעע, א נייער פּלאַן. איין צד פערטהיידיגט זיי, דער אנדער צד בעקעמפּפט זיי, וויל ד ע ר ש ט י ק ע ן די אידעע, דעם פּלאַן. ניט אלע מאָל אָבער קאָן מען דערשטיקען דאָס נייע מיט ברוטאלער קראפט. דאָס נייע האָט ערוואָרבען צופיעל אנהעננער, צופיעל פּאָפּולער נעוואָרען אין די מאסען, און פאר די מאסען מוז מען האָבען אָבשיי, אביסעל דרך ארץ, און ווען ניט דרך ארץ, מוז מען זיך דאָך רעכענען מיט די שטימונגען פון די מאסען, ווייל די מאסען האָבען שוין אזא טבע מורד צו זיין אין די פיהרער, ווען די פיהרער ווילען זיי פערפיהרען צו ווייט. בייט דער נעגנערישער צד איבער די טאקטיק. פון „מיתת חניקה“ נעהט ער איבער צו „מיתת נשיקה“. ער ערקלעהרט זיך מיט אמאָל אויך איינפער־שטאנדען מיט דעם נייעם פּלאַן און גרייט צו אונטערשטיצען איהם, אונטערצושטופּען, העלפען ביי זיין פערווירקליכונג. אָפטמאָל דערנעהט עס ביז צו א ליעבעס־ערקלעהרונג צו דעם נייעם פּלאַן. ווערט שוין דער פּלאַן א בשותפות׳דיגער,ביידע צדדים נעהמען

איהם ארום,ביידע הויבען אָן צו רייטען אויף איהם, ביידע ווערען זיינע בעלי בתים. בשעת אָבער איין צד איז ערנסט און דיענט דעם פּלאַן מיט זיין גאַנצען הארצען, טראַגט זיך ארום דער אנדער צד מיט גאַנץ אנדערע כונות. דאָס וואָס ער האָט ניט געקאָנט דערגרייכען מיט דער שיטה פון דערשטיקען און דערווערגען, מיט „מיתת חניקה", זוכט ער צו דערגרייכען מיט דעם סיסטעם פון האַלזען און קושען, מיט „מיתת נשיקה". יעדער פון אונז גערענקט נאָך דעם „וישקהו" מיט פּינטעלעך, וואָס מיר האָבען געלערענט אין חומש. די מעשה איז אַ פּשוט'ע. צוויי ברידער, עשו און יעקב, האָבען זיך נאָך לאַנגע יאָהרען פון ענטפרעמדונג וויעדער בעגעגענט. און אז ברידער בעגעגענען זיך, צוקושט מען זיך געוועהנליך. האָט אָבער עשו זיך געקושט מיט פּינטעלעך...

מיר פאַלט ניט איין חלילה צו פערגלייכען ווען עס איז פון אונזערע אינערע נעגנער מיט עשו'ן. ערשטענס, בעזיצען זיי ניט זיין גבורה און ווי כשר'ע אייניקלעך פון יעקב'ן ציהען זיי חיונה גלייך מיט דעם אנדער צד ניט פון שוועהד נאָר פון „הקול קול יעקב", און צווייטענס האָבען זיך אונזערע אינערע נעגנער דערווייל זיך נאָך גאָר ניט צוקושט מיט אונז. אזוי ווייט האַלט עס נאָך ניט. לעת עתה האנדעלט עס זיך נאָר מכח שותפות־דיגע ארבייט ביי דער אויספיהרונג פון איין איינציגען פּלאַן. אָבער איך גלויב, אז דער אויסדרוק „מיתת נשיקה", אָדער אַ „וישקהו" מיט פּינטעלעך, ווען מען וואָלט ניט הארפען געבען קיין פּירושים אויף איהם, איז די בעסטע כאראקטעריסטיק פאַר דער טאקטיק פון דעם נעגנערישען צד אין דער קאָנגרעס־בעוועגונג.

צוויי יאָהר נאָכאנאנד כמעט האָט מען זיך אזוי געהיצט. די צדדים האָבען געפיהרט אזעלכע הייסע וכוחים, עס איז דער־נאַנגען ביז צו פערזענליכע בעליידיגונגען און נעגענזייטיגע בעשול־דיגונגען אין ווערען שלאָגען פארטיי־קאפּיטאל פון דעם אידישען חורבן. און, דאנק גאָט, די צדדים זיינען זיך צונויפגעקומען, ווי עס איז מושווה געוואָרען, געאייניגט זיך אויף אַ קאָמפּראָמיס־פּראָגראם און אָנגעזאָגט דער גאנצער וועלט, אז פון איצט אָן הערשט שלום און אחדות אין אמעריקאניש־אידישען לאַגער.

און וואָס שטעלט זיך איצט ארוים ? פון שלום און אחדות, פון אן ערנסטער איינינונג, פון אן עהרליכער פשרה קאָן נאָר די רעד ניט זיין. די עלעמענטען, וועלכע זיינען געווען געגען דער קאָנגרעס־אידעע פון אָנהויב אָן, זיינען געבליבען די זעלבע אויס־געשפּראָכענע געגנער. מעהר ניט זיי האָבען אומגעביטען זייער טאַקטיק. ווען עס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבען צו דערשטיקען די קאָנגרעס אידעע גופא, האָבען זיי זיך בעמיהט צו דערשטיקען אין זיך אויף אַ צייט לאַנג זייער געגנערשאַפט, אומגעביטען די אָפענע אָפּאָזיציאָן אין א בעהאַלטענע און אָנשטאָט צו שטערען פון דרויסען זוכען זיי צו צושטערען פון אינוועניג.

די קאָנגרעס־אידעע האָט געהאַט צוויי שטאַרקע אָפּאָזיציאָ־נעלע גרופּען. מיר רעדען דאָ איצט נאָר פון איינער, פון דעם „נאַציאָנאַלען ארבייטער קאָמיטע“.

די וואָרט־פיהרער פון דעם „נאַציאָנאַלען ארבייטער קאָמיטע“ האָבען זיך אַ ביסעל צוגעאיילט. דערמיט האָבען זיי נאָר זיך אליין געשאַדט. מיר מוזען זיי זיין דאַנקבאַר פאַר דעם גאַנצען אמת, וואָס זיי האָבען ארויסגעזאָגט אין זייער לעצטער קאָנ־ווענשאָן. מיר זיינען שטענדיג פאַר אבסאָלוטע פרייהייט, וואָרום נאָר ווען מען פיהלט זיך פריי, זאָגט מען דעם אמת, און די וואָרט־פיהרער פון נאַציאָנאַלען ארבייטער קאָמיטע האָבען קענטיג זיך ווירקליך געפיהלט פריי, נאָכדעם ווי זיי זיינען פּטור געוואָרען פון די פּועלי ציוניסטישע און אנדערע נאַציאָנאַליסטישע פּער־מרעטער, און האָבען אונטער דער השפּעה פון א פרעהליכער, פרייער שטימונג, אויסגעזאָגט פון חדר.

מיך אינטערעסירט ניט דער געזונדער מענשען־אפּעטיט, וועל־כען די „וואָרטפיהרער“ פון „נאַציאָנאַלען ארבייטער קאָמיטע“ האָבען ארויסגעצייגט, ווען זיי האָבען בשעת חדוה געשטעלט דעם אנטראַג, אז דאָס קאָמיטע זאָל זיך פערוואַנדלען אין א פּערמאַ־נענטע קערפּערשאַפט אלס א נעזעצליכע פערטרע־טערין פון דער אָרגאַניזירטער ארבייטערשאַפט אין אלע פראַגען פון נאַציאָנאַל־אידישען כאַראַקטער און בעדייטונג. מיך אינטע־רעסירט דאָ אויך ניט די געזונדע אָפּאָזיציאָן, וואָס די ווירקליכע

אַרבייטער־פיהרער האָבען געמאַכט די „וואָרט־פיהרער". נאָכמעהר, איך ערוואַרט פון דער אָפּאָזיציאָן קיינע ישועות ניט פאר דער גאַנצער קאָנגרעס־בעוועגונג. ווען צוויי חסידים קריעגען זיך איבער א רבי, דאַרף זיך א מתנגד ניט אריינמישען. צוויי חסידים פון צוויי בעזונדערע רבי'ס וועלען גיכער שלום ווערען ווי דער דאָקטאָר און דער אַפּאָטהעקער נאָך א סכסוך. וואָס מיך אינטערעסירט דאָ — איז די שטעלונג פון דעם נאַציאָנאַלען אַר־בייטער קאָמיטע אין דער פּערזאָן פון די „וואָרט־פיהרער" צו דעם גאַנצען אידישען פּראָבלעם, צו די אויפ־גאַבען, וועלכע דער גרויסער מאָמענט שטעלט אונז. קאָנסטרוק־טיווער רעליעף איז פערוואָרפען געוואָרען. עס האָבען זיך זאָגאר געפונען מענשען, וועלכע האָבען זיך ציניש אויסגעלאַכט פון דעם גאַנצען געדאַנק פון קאָנסטרוקטיווען רעליעף, זיי האָבען זיך פער־שטעלט פאר תם'עוואַטע און געפרעגט: וואָס איז קאָנסטרוק־טיווער רעליעף? דעם געדאַנק פון א נאַציאָנאַלער הלואה האָט מען אָבגע־פּטר'ט מיט א פּאָר בילינגע וויצען: ווי באַלד עס איז שווער צו ערוואַרטען, אז דער אָדער יענער אידישער גביר זאָל געבען צו אַזא צוועק מיליאָנען, איז פערשפּאָרט צו רעדען וועגען אַזעלכע פּלענער. עס האָט אויך ניט געהאָלפען וואָס דער געדאַנק פון א נאַציאָנאַלער הלואה איז ארויסגעלאָזען געוואָרען אין דער גרויסער פּרעסע מיט אַזא טאַראַראַם נאָכדעם ווי דער שליח פון דעם אַמעריקען דזשוּאיש קאָמיטע האָט זיך אומגעקעהרט פון זיין געלונגענער נסיעה נאָך אייראָפּא. די פּאַלעסטינא־פראַגע? אָבער זי איז דאָך שוין לאַנג געשטאַנען ביי דער חברה ווי א ביין אין האַלז, און כדי צו בעפרייען זיך פון איהר, האָט איינער פון די וואָרט־פיהרער זאָגאר נעביך געמוזט ערקלעהרען, אז וועגען פּאַלעסטינא איז איבעריג צו רעדען, ווייל די אידען לעבט זיך דאָרט אויך איצט אָהן עין הרע זעהר גוט.

„אויף ניין האָט מען קיין חרטה ניט!" דאָס איז געווען דער לייט־מאָטיוו פון דער גאַנצער קאָנווענשאָן.

און פון זיך אליין שווימט ארויף די גרויסע פראַגע: היינט צו וואָס א קאָנגרעס? צו וואָס נייע פּלענער, נייע וועגען, נייע

אָרגאַניזאַציאָנען? פאַר דעם אידישען פאָלק בלייבט דאָך סיי ווי סיי קיין אַנדער ברירה ניט, ווי אָנצופערטרויען זיין גורל אין די הענד פון די אַלטע גבאים, זיי וועלען שוין צונויפקלייבען די נדבות. אידען זיינען פון שטענדיג אָן געווען רחמנים בני רחמנים: אָדער רחמנות געהאַט, אָדער געלעבט פון רחמנות, און אויך איצט וועלען זיי זיך מיט רחמנות ווי עס איז דורכשלאָגען.

און פון זיך אליין שווימט ארויף די פראגע: צוליעב וועלכען צוועק האָבען זיך די וואָרט־פיהרער פון נאַציאָנאַלען ארבייטער קאָמיטע נאָך געדונגען, אז מען זאָל זיי געבען דוקא זעקס פערטרעטער אין קאָנגרעס? וואָס ווילען זיי דאָרט פערטרעטען? ווילען זיי דאָרט רעדען מכח דער אידישער אחדות, כדי אָבצוטויטען מיט געמאַכטער פריינדליכקייט דאָס, וואָס זיי האָבען ניט געקאָנט דערשטיקען מיט פאָליטישען כח?

אָבער ניט נאָר עטוואָס אונאויפריכטיגעס, אויך עטוואָס קינדיש־נאַאיוועס שטעקט אין אזא פאָליטיק. מען לאָזט ארויס פון חשבון א וויכטיגען אומשטאנד. דאָס אידישע פראָבלעם האָט צוויי זייטען, אין זיין לעזונג זיינען פעראינטערעסירט ניט נאָר די אידען, אויך די אינטערנאַציאָנאַלע וועלט איז דערין פער־אינטערעסירט. דאָס אידישע פראָבלעם וועט ארויפגעשטעלט ווערען אויף דער טאגעס־אָרדנונג ביי די פריעדענס־פערהאנדלונגען אויך אָהן די צושטימונג פון דער אָדער יענער אידישער אָרגאַניזאַ־ציאָן. מען וועט זיך רעכענען ניט מיט די „וואָרט־פיהרער“, נאָר מיט דעם גרויסען פאַקט פון דער אונגעלעזטער אידישער פראגע. און די אמת'ע וואָרט־פיהרער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער וועלט, די וואָס וועלען האָבען צו זאָגען א דעה, וועלען זיך בעסער צו־הערען צו פאָרמולירונגען און פאָדערונגען, וועלכע וועלען זיין בעגרייפליכער, פערשטענדליכער, ווייל אַלגעמיין מ ע נ ש ל י כ ע ר. און מענשליך איז, ווען א פאָלק זוכט נאַציאָנאַלע פרייהייט, מענש־ליך איז, ווען א פאָלק זוכט א לאנד, א היים.

6 מערץ, 1917.

# די פסיכאָלאָגיע פון „אַנדערען“

די פסיכאָלאָגיע איז אין פערגלייך מיט איהרע שוועסטער־וויסענשאפטען, ווי די פיזיאָלאָגיע אָדער די ביאָלאָגיע צום ביי־שפיעל, זעהר פערצווייגט, ווייל זי האָט צו טהאָן ניט נאָר מיט דעם איינצעלנעם נפש נאָר אויך מיט גרופען, קלאסען, מאסען, נאציאָנען און פעלקער אַלס קאָלעקטיווע איינהייטען. איהר פאָר־שונגס־אָביעקט איז דער מענש און די געזעלשאפט, זי קומט אין בעריהרונג מיט די עקזאקטע נאטור־וויסענשאפטען פון איין זייט און מיט דער סאָציאָלאָגיע אין ברייטסטען זין פון ווארט פון דער אנדער זייט. אין די לעצטע יאָהרצעהנטען האָט זי זיך אזוי אויס־געברייט, אזוי פערצווייגט, אז פיעלע פון די פאָרשער, ניט האָבענדיג מעהר קיין מעגליכקייט צו בעהערשען זי אין גאנצען, האָבען אָנ־געהויבען צו בעשרענקען זיך אויף איינצעלנע אָבגעגרענעצטע גע־ביטען פון דער אַלגעמיינער פסיכאָלאָגיע און ווידמען דעם איינ־צעלנעם געביעט זייער גאנצע פאָרשונגס־קראפט.

איינע פון די נייע צווייגען פון דער אלגעמיינער פסיכאָלאָגיע איז „די פסיכאָלאָגיע פון דעם א נ ד ע ר ע ן“, א פראָדוקט פון די ניי־צייטליכע פאָרשונגען. צוליעב דעם חבוד פון דעם „אנדערען“ איז שוין געשאפען געוואָרען א גאנצע ליטעראטור — ליידער אָבער א צו איינזייטיגע ליטעראטור, ווייל זי בעמיהט זיך צו בע־לויכטען ניט דעם „אנדערען“, ניט זיין זעעלישען צושטאנד, נאָר די בעציהונגען צום „אנדערען“ מצד דעם „איינענעם“. עס איז צוואָר אמת, אז דער אנדערער „אַן און פיר זיך“ האָט ניט קיין אנדער פסיכאָלאָגיע, ער איז פ א ר ז י ך א געוועהנליכער איינענער און ערשט דער אנדער „איינענער“ מאכט איהם צום „אנדערען“. דאָס איז אָבער מעהר ניט ווי א ריין טהעאָרעטישער אמת, א פילאָזאָפישער אמת, אָבער ניט אַן אמת פון לעבען. אין

לעבען בעשטעהט יערע געזעלשאַפט פון „איינענע“ און פון „אנ־דערע“, און די „איינענקייט“ און די „אנדערקייט“. אויב מען קאָן זיך אזוי אויסדריקען, בערוהען ניט אויף ג ע נ ע נ ז ײ ט י ג ע ג ל י י כ ע בעציהונגען, נאָר אויף גאַנץ בעשטימטע איינזייטיגע בעציהונגען פון די „איינענע“ צו די „אנדערע“. בלייבען טאָקע די איינענע „איינענע“ אפילו אין די אויגען פון די אנדערע, און ווערען טאָקע די אנדערע בעטראַכט אלס „אנדערע“ אפילו פון זיך גופא. צו ווערען געהאַלטען אלס אן „איינענער“ און צו שפּיעלען די ראָליע פון אן „איינענעם“ אין דער געזעלשאַפט — דאָס איז א פּריווילעגיום, וואָס דער אנדערער בעמיהט זיך צו דערגרייכען, אָבער דערגרייכט דאָס קיין מאָל ניט אין גאַנצען. אין בעסטען פאַל דערגרייכט ער די שטופע פון „כמעט אן איינענעם“, אָבער „כמעט אן איינענער“ איז דאָך „אן אנדערער“. דער „כמעט“ לעגט אויף איהם ארויף א בעזונדער חתימה. זיינען אלע איינענע ניט גע'חתמ'עט, און ער איז א גע'חתמ'עטער איינענער. א גע־חתמ'עטער איינענער איז אָבער מעהר ניט ווי „אן אנדערער“, אָבער בשום אופן ניט קיין גאַנצער איינענער. און עס איז דאָ א סימן מובהק, נאָך וועלכען מען קאָן דערקענען דעם „כמעט אן איינענעם“ אין דער געזעלשאַפט און אונטערשיידען איהם פון דעם אמת'ען איינענעם. דער אמת'ער איינענער שוויינט וועגען זיין „איינענקייט“, דער כמעט אן איינענער שרייט וועגען איהר תמיד, ער זוכט א געלעגענהייט און נוצט אוים יערע געלעגענהייט זי צו בעטאָנען, צו מאַכען זי בולט'דיגער. דער אמת'ער איינענער האָט ניט פאַר וועמען צו בעריהמען זיך. דער „כמעט אן איינענער“ מוז ערשט ברענגען א בעווייז, א כתב, אז ער איז פּונקט ווי דער איינענער.

די פּאָרשער, וועלכע האָבען אין זייערע ווערק בעלויכטען די פּסיכאָלאָגיע פון דעם אנדערען, האָבען זיך ליידער מעהר אינטערע־סירט מיט דער ווירקונג פון דעם אנדערען אויף דעם איינענעם ווי אומגעקעהרט. ערשט ווען אויך די צווייטע העלפט פון דיעזען וויסענשאַפטליכען צווייג פון דער אלגעמיינער פּסיכאָלאָגיע וועט זיין אזוי גוט בעאַרבייט און אויסגעפאָרשט ווי די ערשטע העלפט,

וועלען מיר האָבען עטוואָס גאַנצעס. ביז איצט האָבען מיר פאַר אונז נאָר איין העלפט פון דעם אינטערעסאַנטען פּראָבלעם, און מיר זיינען זיך מודה, אונז אינטערעסירט פיעל מעהר די צווייטע זייט ווי די ערשטע, ווייל „איינענע" זיינען מיר שוין אַזוי לאַנג ניט געווען און „אַנדערע" זיינען מיר שוין אַזוי לאַנג, זאָגאַר אביסעלע צו לאַנג, אַזוי לאַנג, אַז פיעלע פון אונז פערשטעהען שוין ניט מעהר די פּסיכאָלאָגיע פון דעם איינענעם.

אויף די פאַרשער קאָן מען אָבער קיין פאַראיבעל ניט האָבען. ווי זיינען אליין אייגענע און אינטערעסירען זיך מעהר פאַר זייערע „אייגענע" ווי פאַר זייערע „אַנדערע". וואָס מיך פערדריסט אָבער יאָ, איז דאָס, וואָס די פאַרשער דערמאָהנען ניט אין זייערע ווערק דעם ערשטען בעגרינדער, דעם אור־אור־זיידען פון „דעם פּסיכאָלאָג פון דעם אַנדערען", דעם, וואָס האָט צוערשט בענוצט „די פּסיכאָ־לאָגיע פון דעם אַנדערען" פאַר זיינע פּאָליטישע צוועקען און וואָס האָט זי צוערשט אַזוי גוט פאָרמולירט. עס קאָן זיין, די פאַרשער שעהמען זיך מיט איהם, עס פאַסט זיי ניט דער יחוס פון דעם בעגרינדער — חרפה אָן א זייט, וויסענשאַפטלער טאָרען ניט קוקען אויף יחוס.

דער ערשטער, וועלכער האָט, ווי עס זעהט אויס, גוט פער־שטאַנען די פּסיכאָלאָגיע פון דעם אַנדערען, זי קלוג פאָרמולירט און געשפּיעלט אויף איהר, איז אָהן צווייפעל געווען דער דורך אונז פעראייביגטער העלד פון דער מגילה — המן, דער זוהן פון המדתא. ער פערלאַנגט נאָר איין קליינינקייט, מען זאָל איהם אויסליעפערען אַלע אידען פון די הונדערט און זיעבען און צוואַנציג מדינות, און ער וועט שוין זיי טהאָן זייער רעכט. אַזאַ וואונש, אַזאַ משונה'דיגער וואונש מוז דאָך בעגרינדעט ווערען. האָט מען דאָך געקאָנט ערוואַרטען, אַז ער וועט קומען ווי א בעדייטענדער פּראָקוראָר מיט אַן אָנקלאַגע לכל הפחות אויף צוואַנציג עמודים. עס הויבט זיך אָבער גאָר ניט אָן. די גאַנצע „המן מסירה" בע־שטעהט פון איין געוועהנליכען פסוק: „און עס האָט געטהאָן זאָגען המן צום קעניג אחשורוש, עס איז פאַראַן איין פאָלק, צוזעעט און צושפּרייט צווישען די פעלקער אין אַלע מדינות פון דיין

קעניגרייך, און זייערע דינים (ריכטיגער — מנהגים) זיינען אנ־דערש פון די דינים פון יעדן פאלק און די דינים פון קעניג טהוען זיי ניט און פאר'ן קעניג איז ניט ווערטה זיי צו לאזען". המן זאגט ניט, אז די אידישע דינים זיינען שלעכט, אדער ערגער פון די אנדערע. ער רעדט אויך ניט פון דעם היזק, וואס די אידען ברענגען דער מדינה מיט זייערע דינים. ער לאזט זיך ניט אריין אין חקירות. פאר איהם איז גענוג, וואס די אידישע דינים זיינען אנדערש פון די דינים פון די אנדערע פעלקער. אין דעם אנדערש זיין ליעגט דער הויפּט־פונקט פון דער בעשולדיגונג.

און דאך איז געבליבען „המן'ס מסירה" אלס א צייכען פון שרעק ביז אויף היינטיגען טאג. און מיט רעכט ווערט זי בעטראכט אלס די שרעקליכסטע מסירה. בעשולדיגונגען קאן מען ווידערלעגען, בלבולים קאן מען אבלייקענען, בעווייזען מיט אותות ומופתים, אז זיי זיינען פאלש. וואס קאן מען אבער טהאן געגען די בעצי־הונגען צום „אנדערען", וועלכע זיינען טיעף איינגעווארצעלט אין דער פסיכאלאגיע פון דעם „איינענעם"?

מען דארף ניט פערגעסען: דער אנדערער איז ניט דער פרעמדער. דעם פרעמדען איז מען מוחל זיין פרעמדקייט, מען פערהאלט זיך צו איהם זאגאר מיט רעספעקט, ווען מען וויים, אז ביי זיך איז ער אן איינענער. אדער אז ער האט לכל הפחות א פלאץ, וואו ער קאן גילטען אלס אן איינענער, ווען ער וויל. דער אנדערער אבער איז דער, וואס איז ערגעץ ניט קיין איינענער, און ער איז דעריבער פער'משפט אויף שטענדיג צו פערנעהמען דעם צווייטען פלאץ. דער ערשטער פלאץ בלייבט רעזערווירט פאר דעם „איינענעם". דער פרעמדער איז א מענש מיט א פרייער ברירה, דער אנדערער האט ניט קיין ברירה, ער האט ניט וואוהין צו געהן. די נעזעלשאפט אכטעט דעם מענשען מיט א פרייער ברירה.

וואלטען דאס נאר פערשטאנען אונזערע „אנדערע". וואלטען זיי נאר בעגריפען, אז אין דעם מאמענט, ווען נאר א טהייל פון אונז וועט בעשטעהן פון „איינענע", בעקומען אויך זיי, די וואס בלייבען אלס אנדערע, א פרייע ברירה. זיי וועלען אנהויבען

בעטראכט ווערען אלס **איינענע אין דער פאטענץ**, און זייער שטעלונג אין דער געזעלשאפט וועט מוזען ווערען א בעסערע, א מעהר נאטירליכע. זיי וועלען צוריק געווינען די פערלארענע זעלבסט־אכטונג און די געזעלשאפט — די פערלארענע אכטונג צו זיי.

9 מערץ, 1917.

# וואָכעדיגע צדקה און נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ

שטיל און רוהיג, כמעט בעהאַלטענערהייד איז פאַרינגען זומער אָבגעפאָהרען דער פערטרעטער פון דעם אמעריקאַנישען אידישען הילפסווערק נאָך אייראָפּא אום צו שטודירען די פערהעלטניסע אם אָרט און שטעלע. מיט פויקען און טראָמפּעטען איז ער נאָך אייניגע חדשים צוריקגעקעהרט, נאָכדעם ווי ער האָט שוין אַלעס אויסגעשטודירט און די ריכטיגע זאַכלאַגע ארויסגעפונען. אונטער פויקען און טראָמפּעטען פערשטעה איך די אָנקינדיגונג גלייך נאָך דער צוריקקעהרונג אין דער גֿעזאַמטער אמעריקאַנישער טאַגעס־פרעסע וועגען דעם צעהן מיליאָן דאָלאַר־פאָנד, וואָס איז נויטיג אום צו שטילען דעם מאָמענטאַנעם הונגער, און וועגען דעם הונדערט מיליאָן גמילות חסד־פאָנד, וואָס איז נויטיג אום צו אונטערנעהמען גרויסע אקציאָנען, כדי צו פערהיטען דאָס אידישע פאָלק פון רואין און אונטערגאַנג. עס גֿעהט אונטער דאָס אידישע פאָלק אין פוילען, גאַליציען און ליטא. עס האָט מעהר קיין כח ניט אריבערצוטראָגען דעם שווערען דרוק, וואָס איז אויסגעפאַלען אויף זיין גורל. עס איז מעהר ניט אימשטאַנד צו לייסטען ווידער־שטאַנד. די איינציגע האָפנונג איז אמעריקא, אַלע אידישע אויגען, ווען דאָס ליכט איז נאָך ניט אויסגעלאָשען אין זיי, בליקען אויף די אמעריקאַנער אידען. זיי אליין האָבען נאָך די מעגליכקייט אָבצואווענדען פון מיליאָנען אידישע קעפּ די פערניכטונגס־סכנה, וועלכע שוועבט איבער זיי.

דאָס אונגעפעהר איז גֿעווען דער קורצער, שאַרפער און שניידענדער זין פון דער אָבגעגעבענער ערקלעהרונג פון דעם צוריקגעקעהרטען אמעריקאַנער שליח. און פיעלע, וואָס זיינען אפילו ניט גֿעווען איינפערשטאַנדען מיט זיין טאַקטיק און מיט זיינע האַנדלונגען אין אייראָפּא, פיעלע, וואָס האָבען שאַרף פער־

אורטהיילט די איינזייטיגע אויפפאסונג פון דער גרויסער אויפ־גאבע, וועלכע ער האָט געהאט אויסצופיהרען, פיעלע, וואָס האָבען בעטראכט די בעפעסטיגונג פון די אסימילאטאָרישע כחות אין די מלחמה־לענדער דורך די סאנקציאָן פון דעם אמעריקאנער שליח אלס א נאציאָנאלעס אונגליק, האָבען זיך אויף א צייט לאנג צוריק־געצויגען מיט זייער קריטיק און פעראורטהיילונג. זיי האָבען זיך געטרייסט: עס זיינען געמאכט געוואָרען גראָבע פעהלער ביז איצט, איצט אָבער, ווען די סיטואציאָן איז אזוי קלאָר און דער חורבן האָט זיך ענטפּלעקט אין זיין גאנצער שרעקליכער נאקעט־קייט, איצט — אזוי האָבען זיי געדאכט — וועט מען אויך אין אמעריקא איינזעהן, ווי ווייניג מען האָט ביז איצט געלייסטעט און מען וועט זיך נעהמען צו דער ארבייט מיט דאָפּעלטער און דרייפאכער ענערגיע. נים נאָר וועט מען זעהן וואָס שנעלער צו זאמלען דעם צעהן מיליאָן דאָלאר פאָנד, וועלכער איז נויטיג פאר די פליסענדע נויט, ווייל עס איז דאָך גיטאָ קיין נדחה אויף הונגער, נאָר מען וועט אויך באלד צוטרעטען צו דער רעאליזירונג פון דעם גרעסערען פּלאן, מען וועט זיך בעפרייען פון דעם ענגען קרייז פון די פילאנטראָפּישע בעגריפען און מען וועט איבערגעהן צו שטאאטסמענישע אקציאָנען.

דאָס איז נים אזוי לייכט פאר מענשען, וועלכע האָבען א לעבען־לאנג אָפּערירט אין זייער עפענטליכער טהעטיגקיים מיט צדקה און נדבות — אָבער דער מאָמענט. האָבען זיך דאָך געמעל־דעט גאנץ נייע כחות אויך ביי אנדערע פעלקער, דער מאָמענט האָט זיי ארויסגערופען, די גרויסע נויט האָט זיי ארויסגעשלעפּט פון דער רעזערווע און אוועקגעשטעלט אין די ערשטע שורה. אפשר וועט אויך מיט אונז פּאסירען אזא נס. האָבען זיך דאָך געפונען אידען אין דייטשלאנד, ענגלאנד און אין אנדערע מדינות, וועלכע די רעגיערונגען האָבען אָנפערטרויט גראָד איצט זעהר פעראנט־וואָרטליכע אויפגאבען, וואָס פאָדערען גרויסען אָרגאניזאטאָרישען טאַלאנט. אפשר וועלען זיך דאָ אויך אָברופען אייניגע טאלענטירטע כחות, כדי צו ארבייטען פאר זייער אייגען פאָלק? אזוי האָט מען גערעכענט, געהאָפט און געווארט.

אזוי האָט מען גערעכענט, געהאָפט און געוואַרט, און דער־
ווייל איז אריבער נאָך א ווינטער. נאָך א ווינטער — אפשר דער
ו ו י כ ט י ג ס ט ע ר ווינטער, אפשר דער ל ע צ ט ע ר ווינטער
פאר דעם סוף פון דעם גרויסען וועלט־סכסוך. און וואָס האָבען
מיר אין רעזולטאַט? דער גרויסער פּלאַן איז צושמאָלצען גע־
וואָרען אין איינעם מיט דעם ווינטערדיגען שנעע, און דער קלענע־
רער פּלאַן איז אפילו אויף א דריטעל ניט אויסגעפיהרט געוואָרען.
לאַנגזאַם און קנאַפּ, טראָפּענווייז ווי פון א פערשטאָפּטען רעהר
פליסען די נדבות, און די פּאַפּיערענע אויפרופען האָבען מעהר
קיין ווירקונג ניט אויף דאָס גרויסע פּובליקום. טומפּע קולות
דערגרייכען נאָך צו אונז פון צייט צו צייט פון יענער זייט ים,
אָבער דער עולם דאָ רעאגירט אויף זיי נאָר זעהר שוואַך. עס
נעהען אוים די כחות ד אָ ר ט צו שרייען, פון טאָג צו טאָג זינקט
די ענערגיע ד אָ צו העלפען.

וואו ליעגט די סבה, וועלכע רואינירט דאָס גאַנצע הילפס־
ווערק? ליעגט זי טיעף אין כאַראַקטער פון דער אידישער בעפעל־
קערונג דאָ אין אמעריקא, אָדער נאָר אין דער שיטה, וועלכע עס
האָבען אַנגעווענדעט די וואָס האָבען אָרגאַניזירט דאָס הילפס־
ווערק? איז דאָס דער פּועל יוצא פון אַן אָרגאַנישען פעהלער
פון די אידישע מאסען, אָדער דער רעזולטאַט פון פאַלשע מעטהאָ־
דען? אין ערשטען פאַל וועט קיין תרופה ניט העלפען, וואָרים
עס בייטען ניט מאסען אזוי שנעל זייער כאַראַקטער. אין צווייטער
פאַל איז די האָפנונג נאָך ניט פערלאָרען.

און איך בין איבערציינגט, אז דער פעהלער ליעגט ניט אין
כאַראַקטער פון אונזער פאָלק, ניט אין דער שטעלונג פון אונזערע
מאסען, נאָר אין דער פאַלשער שיטה, מיט וועלכער מען האָט
זיך אונטערגענומען דורכצופיהרען דאָס הילפסווערק.

און די שיטה איז בעשטאַנען אין פאָלגענדען. די, וואָס
שטעהען אַן דער שפּיצע פון דעם הילפס־ווערק, האָבען פון אָנהויב
אָן ניט צוגעלאָזען, אז די הילפס־אַקציאָן זאָל אָננעהמען דעם
כאַראַקטער פון א גרויסער נאַציאָנאַלער אויפגאַבע. זיי האָבען
איינפאַך ניט צוגעלאָזען, אז די אידישע וועלט אין אמעריקא זאָל

דורך א גוט אָרגאַניזירטען אויפקלערונגס־דיענסט בעקומען א ריכטיגען בעגריף פון דעם, פון וואָס עס האנדעלט זיך דאָ. און וויסען האָט געזאָלט די אידישע וועלט, אז דאָ האנדעלט זיך ניט מכח פשוט'ער צדקה נאָר מכח א קאמפף פאר די נ א צ י אָ נ א ל ע עקזיסטענץ פון אידישען פאָלק. דער וועג צום אידישען געלד־בייטעל האָט דאָ געפיהרט דורך דעם פערשטאנד, דורך דער ריכ־טיגער אויפפאסונג פון דעם פּראָבלעם, און דער וועג איז פער־צוימט געוואָרען פון אָנהויב אָן. „מיר טרייבען ניט קיין פּאָליטיק" איז געוועזען דאָס לאָזונגס־וואָרט פון די פיהרער. מיר בעשעפטיגען זיך נאָר מיט צדקה. יעדע צדקה האָט אָבער איהרע גרעניצען, וועלכע זי קאָן ניט איבערשרייטען. יעדעס רחמנות־געפיהל ווערט נעזעטיגט מיט דער צייט. נאָר נ א צ י אָ נ א ל ע אויפגאבען זיינען אימשטאנד צו וועקען אלץ מעהר און מעהר ענערגיע אין א פאָלק.

די גאנצע פּראָפּאגאנדא איז געפיהרט געוואָרען אויף א צדקה־בטלנישען אופן. מען האָט געזוכט אויסצוקומען מיט „באבסקע סגולות". עס איז ניט געוועזען קיין בעפרוכטענדער גע־דאנק, קיין צענטראלע אידעע, קיין ווייטע פּערספּעקטיווע. דער שווערפּונקט פון דער פּראָפּאגאנדא איז געלעגען אין „אפּיעל", און דער אפּיעל איז געוועזען שטענדיג א מאָגערער, אן איינאַרטיגער, אן איבערגע'חזר'טער צום הונדערט און איינטען מאָל. מען האָט גערעדט נאָר פון דער נעגענוואַרט אָהן וועלכע עס איז פערבינדונג מיט וועלכער עס איז צוקונפט, מען האָט געלעבט פון היינט אויף מאָרגען און פון האנד אין מויל, מיט קורצע השגות און קליינע מאָטיווען. עס איז ניט געוועזען קיין שוואונג, מען האָט געזוכט ארויסצודריקען העכסטענס פון אויג א טרעהר און פון נעלד־בייטעל א דאָלאר, אָבער ניט א נייע מחשבה פון קאָפּ און בעגייס־טערונג פון דער נשמה. בעגייסטערונג איז פערבונדען מיט האָפ־נונג — און פון האָפנונגען איז ניט געוועזען קיין סמן, קיין זכר. אלץ וואָס האָט א שייכות צו א נאציאָנאלער האָפנונג, איז געוועזען פערבאָטען, אויסגעשלאָסען.

איצט לאדעט מען איין נייע „מכשפים". אפשר וועלען ז י י

דערגרייכען דעם עולם. איך גלויב ניט, אז מיט נייע ט ע כ נ י ש ע מעטהאָדען זאָל מען עטוואָס דערגרייכען. ניט די טעכניק איז שולדיג אין דעם מיסערפאָלג פון דעם הילפסווערק. די סבה ליעגט פיעל טיעפער. זי ליעגט אין דער פאלשער אויפפאסונג פון דער אויפגאבע. און ווען עס ווערט שוין יא אונטערנומען אַ רעוויזיאָן, זאָל מען זיך ניט אָבשטעלען אויף די טעכנישע מעטהאָדען. אַ מ א ש י נ ע קאָן דורך טעכניק געהאָלפען ווערען, אָבער א הילפס־ווערק פון נאציאָנאלער בעדייטונג איז ניט קיין טויטע מאשינע.

11 מערץ, 1917.

# צייט פראַגען

## א.

א מערקווירדיגע זאַך — שוין אַזוי לאַנג שטודירען מענשען געשיכטע, פאָרשען אויס איהרע געשעהעניסען און דרינגען אריין אין איהר זין, און דאָך זיינען די בעסטע געשיכטס־פאָרשער ניט אימשטאַנד פאָראויסצוזעהן און פאָראויסצוזאָגען דעם גרויסען מאָ־מענט, כאָטש א קורצע צייט איידער ער טרעט איין. אפנים עס זיינען נאָך דאָ סודות אין דער געשיכטע און אפנים, אז דער מענש־ליכער שכל איז ניט גענוג שאַרף, אום אריינצושניידען זיך אין די צוקונפט און וויסען וואָס עס טוט זיך אין איהרע פערבאָרגענע קאַ־מערען.

די צוויי גרעסטע געשעהעניסען פון דער נייעסטער צייט, די וועלט־מלחמה און די רוסישע רעוואָלוציאָן, ערשיינען א י צ ט ביידע אַזוי לאָגיש, זיי געהען ארויס מיט אַזא נויטווענדיגקייט פון דער גאַנצער פריהערער ענטוויקלונג, און דאָך זיינען זיי ביידע אָנ־געקומען אַזוי פּלוצלונג, אַזוי אונערוואַרטעט, אַזוי אונגעריכטער־הייט, און די גאַנצע קלוגע ערפאַהרענע און געבילדעטע וועלט איז אַזוי איבערראַשט געוואָרען פון זיי ביידען. אמת, מען האָט גע־וואוסט, אז די מלוכות האַלטען אין איין פערגרעסערען זייערע אר־מעען און פלאָטען, בויען פעסטונגען און גרייטען אָן כלי זין, און דאָך האָט קיינער ניט געגלויבט, אז די מענשהייט האַלט ביי ערב מלחמה. מען האָט זיך געטרייסט מיט דער טעאָריע פון בעוואַ־פענטען פריעדען. אמת, אַלע האָבען געוואוסט, אז רוסלאַנד גע־פינט זיך שוין זייט א לאַנגער צייט אויף א פולווער פאַס, אז די אונ־צופריעדענהייט וואַקסט אין דער מעהר ציוויליזירטער רוסישער געזעלשאַפט פון טאָג צו טאָג, און דאָך איז קיינעם ניט איינגעפאַ־

לען דער געדאנק, אז די רעוואָלוציאָן וועט אויסברעכען גראד איצט אין רעכטען מיטען פון דער מלחמה. ווייטער האָבען אלע מומחים נביאות געזאָגט, אז ביי דעם היינטיגען שטאנד פון דער קריעגס־טעכניק קאָן א מלחמה צווישען גרויסע נאציאָנען ניט לאנג דויע־רען, עס מוז שנעל קומען צו א מורא'דיגען צוזאמענשטויס צווי־שען די קעמפפענדע צדדים, און נאָך דעם צוזאמענשטויס מוז קו־מען שנעל די ענטשיידונג. בנוגע צו דער רוסישער רעוואָלוציאָן האָט מען נביאות געזאָגט, אז זי וועט לאנג דויערען און זי וועט זיין איינע פון די בלוטיגסטע. איז געקומען די ווירקליכקייט און האָט אָבגעלייקענט אלע חשבונות, עפעס פונקט ווי זי וואָלט זיך געוואָלט לוסטיג מאכען איבער די אויסרעכענונגען פון די מומחים. די מלחמה דויערט אזוי לאנג, אז די מומחים האָבען שוין זאָגאר אויפגעהערט נביאות צו זאָגען וועגען איהר סוף, און די רוסישע רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט געבראכט אזא ראדיקאלע איבערקעהר־רענים אין דער גרעסטער אייראָפּעאישער מדינה, איז אָבגעגאנגען כמעט ווי פריעדליך, כמעט ווי אָהן קרבנות.

אָבער ווי עס זאָל זיך ניט אָבנארען דער מענשליכער שכל אין זיינע פּאָראויסזאָגונגען, בערוהיגט ער זיך קיינמאָל ניט, ער וויל פּאסען אי די רוהיג ליעגענדע פערגאנגענהייט, אי די ברויזענדע געגענוואַרט, אי די אָנקומענדע צוקונפט. ער וויל הערשען איבער די צייטען, לכל הפחות — געדאנקליך.

און איך גלויב, אז יעדען פון אונז ווילט זיך איצט וויסען: וואָס וועט זיין דער סוף פון דער מלחמה, ווי וועט אויסזעהן די וועלט־קארטע נאָך דער מלחמה? ווי וועט אָבלויפען די רוסישע רעוואָלוציאָן — וועלען ניט קומען נאָך אמאָל די שווארצע כחות פון דעם פיעל געשטראָפטען לאנד און א דרעה טאָן דאָס ראָד ווי־דער אויף צוריק? און צום שלום — וואָס וועט זיין מיט אונז? וועט זיך די וועלט וועלען רעכענען נאָך דער מלחמה אויך מיט אונזער היזק, וועט זי אונז ארייננרעכענען אין דער משפחה פון די פ ע ל ק ע ר, וועלכע האָבען געבראכט די גרעסטע קרבנות, אָדער זי וועט אונז פאנאנדערווארפען אויף פערשיעדענע בלעטער פון דעם גרויסען וועלט־קאָנטאָ־בוך נאָך דער צאָהל פון די לענדער, וואו

עס לעבען די צושטרייטע חלקים פון אונזער פאָלק? און וואָס וועט זיין מיט אונזערע ברידער אין בעפרייטען רוסלאַנד? וועט זייער עמאַנציפּאַציאָן זיין נאָר אַ צווייטע אויפלאַגע פון דער מערב־אייראָפּעאישער ציוויליזאַציאָן, אַ סטערעאָטיפּע אויפלאַגע, ניט פערמעהרט און ניט פערבעסערט? אָדער וועט זי טראָגען אַ גאַנץ אַנדער חאַראַקטער, און די אידען וועלען צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע בעקומען פרייהייט ניט אַלס איינצעלנע בירגער, נאָר אַלס אַ נאַציאָנאַלע מינאָריטעט?

זעלבסטפערשטענדליך מוז מען ביי דער בעאַנטוואָרטונג פון די פאָרמולירטע פראַגען אָפּערירען מיט השערות. השערות מוזען זיך שטיצען אויף דעם נסיון און די פאַקטען פון דער פערגאַנגענהייט, אָבער קיינער קאָן אויף זיך ניט נעהמען די אחריות פאַר זייער ריכטיגקייט, ווייל מיר האָבען שטענדיג צו טאָן מיט „צופעלליגע מאָמענטען", מיט פאַקטאָרען, וועלכע ליעגען ערגעץ פערשטעקט און שפּרינגען אַרויס גראַד, ווען מען ריכט זיך ניט אויף זיי.

איך וויל מאַכען אַ פערזוך צו געבען אַן אַנטוואָרט אויף די געשטעלטע פראַגען, אָבער דאָס מאָל ניט „על ראשון ראשון ועל אחרון אחרון", נור אומגעקעהרט, איך וועל אָנהויבען מיט דער לעצטער פראַגע.

וואָס קאָן מען ערוואַרטען בנוגע דער עמאַנציפּאַציאָן פון אונזערע ברידער אין רוסלאַנד? ווי וועט זי אויסזעהן, וועלכען חאַראַקטער וועט זי טראָגען? אַלס פּראַאויסזעצונג נעהמען מיר אָן, אַז דער נצחון פון דער רוסישער רעוואָלוציאָן איז אַן אַבסאָלוטער, און די נייע אָרדנונג שטעהט פעסט און געזיכערט.

איך וועל זיך ניט אריינלאָזען אין חקירות און וועל נעהמען פאַר מיינע השערות אַ שטיצפּונקט נור איינינע טהאַטזאַכען.

רוסלאַנד איז אַ נאַציאָנאַליטעטען־שטאַאט, און מיט דער פּראָקלאַמירונג פון בירגערליכער גלייכבערעכטיגונג אַליין וועט קיין נייע רעגיערונג ניט יוצא זיין אנקעגען די נאַציאָנאַלע מינאָריטעטען, וועלכע האָבען געליטען אונטער דעם אַלטען רעזשים אַלס נאַציאָנאַלע איינהייטען ניט ווייניגער ווי עס האָבען געליטען די

איינצעלנע בירגער אלס בירגער. די בעפרייאונג פון דעם איינ־צעלנעם בירגער אהן דער בעפרייאונג פון דער נאציאנאלער גרופע, צו וועלכער ער געהערט, איז נור א האלבע בעפרייאונג, און א רעגיערונג, וועלכע וויל זיין מאדערן און עקזיסטירען אויף גע־זונדע יסודות, טאר ניט צולאזען, אז אין גרויסע מאסען זאל הער־שען אן אונצופריעדענהייט. עס איז דעריבער שווער אנצונעהמען, אז די נייע רוסישע רעגיערונג, וואו די ליבעראלע שטרעמונג שפיעלט א גרויסע ראליע, זאל איגנארירען די פאדערונגען פון די נאציאנאלע מינאריטעטען. אדרבא, מיר האבען גענוג אסמכתות, וועלכע ערלויבען אונז צו גלויבען, אז די נייע רעגיערונג וועט אנ־ווענדען פון איהר זייט אלע מיטלען, כדי צו רעגולירען די נאציא־נאליטעטען פראגע אין רוסישען שטאאט ניט אויפ'ן גרונד פון קראפט און איבערגעוויכט, נור אויפ'ן גרונד פון די אלגעמיינע פרינציפען פון יושר און פון פרייהייט גראד ווייל רוסלאנד איז דאס לעצטע לאנד, וועלכע מאכט דורך אזוי שפעט איהר ערנייע־רונגס־פראצעס, וועט זי מוזען איינפיהרען ביי זיך אויך די מאָ־דערנסטע רעפארמען.

א צווייטע טהאטזאכע.

מיט עלף יאהר צוריק, אז עס האט זיך געגרינדעט אין רוס־לאנד, נאך דער רעוואלוציאן פון 1905, דער „פערבאנד צו דער־גרייכונג פון פולבערעכטיגונג פאר אידען", זיינען ענטשטאנען היציגע דעבאטען וועגען דער פארמולירונג פון די אידישע פאדע־רונגען. כמעט קיינער פון די גרינדער פון פערבאנד האט ניט אנגענומען אן אסימילאטארישען שטאנדפונקט, עס האבען זיך נאר געפונען אייניגע, וועלכע האבען געראטהען, אויס טאקטישע גרינדע, צו בענוגענען זיך מיט דער פאדערונג פון ביר־גערליכע און פאליטישע רעכטע און לאזען די נאציאנאלע פאדע־רונגען אויף שפעטער. דיעזע עצה איז פערווארפען געווארען, און מען האט מיט איבערוויעגענדער מאיאריטעט אנגענומען, אז אונטער פולבערעכטיגונג פערשטעהט מען: בירגערליכע, פאלי־טישע און נאציאנאלע גלייכבערעכטיגונג.

ווען מיר זאלען נעהמען אין בעטראכט, אז מיט עלף יאהר

צוריק, ווען מען האָט אפילו געגלויבט אין דער קראַפט פון דער נייער פערפאַסונג און איהר דויערהאַפטיגקייט, האָט מען דאָך געוואוסט, אז די רעגיערונג איז געבליעבען די אלטע, די צאַריסטישע רעגיערונג, און מען וועט זיך מוזען מיט איהר שטאַרק רעכענען ביי יעדער קלענסטער פרייהייטסעראָבערונג. דאָך האָבען זיך די אידישע פערטרעטער ניט דערשראָקען און קלאָהר פאָרמו־לירט זייערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. ווען מען זאָל ווייטער נעה־מען אין אנבעטראַכט, אז דאָס נאַציאָנאַלע בעוואוסטזיין איז פאַר די לעצטע עלף יאָהר געשטיעגען ביי די אידען אין רוסלאַנד, און אז איצט וועט מען זיך ווענדען צו אַ נייער, ליבעראַלער רעגיע־רונג — נעהמענדיג דאָס אַלעס אין אנבעטראַכט, מוז מען ער־וואַרטען, אז אונזערע ברידער אין רוסלאַנד וועלען איצט נאָך מעהר פעסטער און געשלאָסענער פערטהיידיגען זייער נאַציאָנאַלע פאָזיציאָן.

---

## ב.

24—25טען מערץ איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין ניו יאָרק די נאַציאָנאַל סאָציאַליסטישע קאָנווענשאָן, אויף וועלכער די פער־טרעטער פון די פערשיעדענע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע אָרגאַ־ניזאַציאָנען — נאַציאָנאַל אין אידישען זין — און פון הונדערט און פופציג טויזענד אָרגאַניזירטע אידישע ארבייטער האָבען אָנ־גענומען, אין פערבינדונג מיט דעם בעפאָרשטעהענדען אידישען קאָנגרעס, אַ דעפיניטיווע שטעלונג צו אַלע הויפּטפראַגען, וואָס שטעהען יעצט אויף דער טאָגעס אָרדנונג פון אונזער פּאָליטישען לעבען. די קאָנווענשאָן האָט שטאַטגעפונדען אין דעם זעלבען זאַל, אין בעטהאָווען האָל, וואו עס זיינען אָבגעהאַלטען געוואָרען די זיצונגען פון דער ערשטער קאָנווענשאָן, וועלכע איז אָבגעהאַלטען געוואָרען צום זעלבען צוועק, מיט אָנדערטהאַלב יאָהר צוריק. די

פערטרעטער פון די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציאָנען זיינען געווען בעטהייליגט אויך אין דער ערסטער קאָנווענשאָן, אָבער נור אַלס א מינאָריטעט. דענסמאָל האָבען זיי נאָך געגלויבט, אז די אָ פ י צ י ע ל ע פיהרער פון דער אָרגאַניזירטער אידי־שער ארבייטערשאַפט וועלען סוף כל סוף אויפגעבען זייער ענט־נאַציאָנאַליזירענדע פּאָליטיק, וועלכע זיי האָבען געטריבען ביז איצט, און וועלען זיך אָנשליסען גאַנץ אויפריכטיג אָן די קאָנ־גרעס בעוועגונג, וועלען מיטהעלפען, אז דער קאָנגרעס זאָל אָננעה־מען א נאַציאָנאַלעס פּראָגראַם, און וועלען מיטווירקען ביי דער דורכפיהרונג פון דיזען פּראָגראַם. זיי האָבען אַזוי געגלויבט, ווייל די אויפלעבונג פון דער נאַציאָנאַלער אידעע אין דער גאַנצער וועלט און בעזונדערס אין די סאָציאַליסטישע רייהען האָט זיי בערעכטיגט צו דער מיינונג, אז די אידישע ארבייטער־פיהרער וועלען ניט קאָנען בלייבען די איינציגע אויסנאַהמען אין דער גאַנצער וועלט און וועלען מוזען, אונטער דעם דרוק פון דער הער־שענדער וועלט שטימונג, אנערקענען די אידישע נאַציאָנאַלע פאָ־דערונגען. און די ערשטע צייט האָט עס טאַקי אַזוי אויסגעזעהען, אז עס טרעט אריין אָן אויסניכטערונג אין די מחנות פון דער אידישער ארבייטערשאַפט. די החלטות, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרען אויף דער ערשטער קאָנווענשאָן בנוגע צו דער הויפּט־אויפגאַבע פון דעם קאָנגרעס, זיינען געווען צופריעדענשטעלענדע. זיי זיינען אָנגענומען געוואָרען אויפ'ן גרונד פון א פשרה. איין זייט האָט זיי בעטראַכט אַלס א פּראָגראַם מאַקסימום, די אנדער זייט — אַלס א פּראָגראַם מינימום, און מען מוז צוגעבען, אזביידע צדדים זיינען נעגאַנגען אין זייער נעגענזייטיגען נאָכגעבען אַזוי ווייט, ווי עס איז נור מעגליך געווען פאר זיי. און ווער ווייס — עס קאָן זיין, אויב דער קאָנגרעס וואָלט פערווירקליכט געוואָרען גלייך נאָך דער ערשטער קאָנווענשאָן, וואָלט די ערציעלטע פער־אייניגונג אפשר ניט צושטערט געוואָרען. מיט א פּאָליטישען אָבמאַך איז ווי מיט א שידוך. וואָס וועניגער צייט מען האָט חרטה צו האָבען, אַלץ בעסער פאר'ן שידוך. ליידער אָבער האָט זיך די קאָנגרעס פראַגע צו לאַנג פערצויגען, און „דאָס נאַציאָנאַלע

ארבייטער קאָמיטע", — די בעפאָלמעכטיגטע פון דער ערשטער קאָנווענשאָן — האָט אָנגעהויבן שריט ביי שריט אָבצוזאָגען און אָבצוטרייסלען זיך פון די אָנגענומענע החלטות. די נאַציאָנאַל סאָציאַליסטישע עלעמענטען האָבען קיין אנדער ברירה ניט געהאַט ווי צו פערלאָזען זייער פלאַץ אין נאַציאָנאַלען ארבייטער קאָמיטע, כדי ניט צו סאנקציאָנירען זיינע נייע בעשליסע, וועלכע שטעהען אין ווידערשפרוך מיט די אין דער ערשטער קאָנווענשאָן אָנגענומענע החלטות. און פון דעם מאָמענט אָן, ווארפט אראָב דאָס נאַציאָנאַלע קאָמיטע פון זיך יעדע מאַסקע און הויבט אָן אויסצוזאָגען זיך פון די אידישע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען מיט דעם זעלבען ציניזם ווי גאָר אמאָל אין די גוטע אַלטע צייטען, ווען די פיהרער פון דער אידישער ארבייטערשאַפט האָבען זיך געפיהלט אַלס אונבעשרענקטע זעלבסטהערשער אויף דער אידישער גאַס. דאָס נאַציאָנאַלע ארבייטער קאָמיטע האָט ווייטער אָנגעהויבען צו רעדען וועגען זיין אַליינינגער פערטרעטונג פון דער געזאַמטער אידישער ארבייטערשאַפט און האָט אויסגעארבייט זאָגאַר א פּלאַן, ווי צו בעפעסטיגען זיין הערשאַפט אויף אייבינע צייטען. די „דיפּלאָמאַטען" האָבען דאָס מאָל א גרויסען טעות געהאַט אין חשבון, און זייער פּלאַן האָט זיך זיי ניט איינגעגעבען. צום ערשטען מאָל פּיליינכט האָבען די דיפּלאָמאַטישע פיהרער ארויסגערופען מיט זייער טאַקטיק און נאָך מעהר מיט זייערע אבזיכטען, צו־צו־שמיעדען די ארבייטערשאַפט צו די פיהרער אויף אין אַלע נאַציאָנאַל אידישע פראַגען, א העפטיגע אָפּאָזיציאָן אין זייער אייגענער מחנה.

דאָס איז געווען דער ערשטער קלאַפּ פאר דעם „נאַציאָנאַלען ארבייטער קאָמיטע". דעם צווייטען קלאַפּ, א פיעל שטארקערען, האָט איהם פערזעצט די קאָנווענשאָן פון די נאַציאָנאַליסטען. ווען מען נעהמט אין אנבעטראַכט, אז זיי האָבען געהאַט נור ווענינג צייט אויפצוקלערען און צו ארגאניזירען די מאַסען, און ווען מען בעריקזיכטיגט, אז די גאַנצע מאַשינע, וועלכע הערשט איבער דעם אידישען ארבייטער, געפינט זיך אין די געגנערישע הענד, מוז דער ערפאָלג פון דער נאַציאָנאַל סאָציאַליסטישער קאָנווענ־

שאָן בעטראכט ווערען אלס א קאָלאָסאלער. ווי דער „פאָר־ווערטס" זאָל ניט ארויס פון די כלים מאכענדיג צו קליינגעלד די רעזולטאטען פון דער קאנווענשאָן, דער פאקט, אז זי האָט פער־טראטען הונדערט און פופציג טויזענד ארגאניזירטע אידישע אר־בייטער פון ארבייטער רינג און פון פערשיעדענע יוניאנס, בלייבט א פאקט, וואס רעדט פאר זיך, און מען קאן איהם ניט מבטל זיין, ניט מיט פערשווייגען, ניט מיט זיעדלערייען. און מיר זאגען, אז ווען די קאנווענשאָן וואלט דערגרייכט נור דאס איין ציעל, צו צו־שטערען די געפעלשטע מיינונג פון דער אליינהערשאפט פון גע־וויסע פיהרער איבער די אידישע ארבייטער מאסען, וואלט איהר פערדיענסט אויך דענסטמאָל געווען זעהר גרויס. און די צאָהל הונ־דערט און פופציג טויזענד איז א שעהנע התחלה.

דאָך דער ווערט פון דער קאָנווענשאָן איז געווען א פיעל גרעסערער און איהרע פּאָזיטיווע רעזולטאטען זיינען ווייט בעדיי־טענדער ווי די צושטערונג פון א פערברייטעטער געפעלשטער מיי־נונג. די קאנווענשאָן האָט קלאָר בעוויזען, אז דער אינטעליגענ־טערער און ענטוויקעלטערער טהייל פון די ראדיקאלע עלעמענטען פון אונזער פאָלק דערנעהענטערט זיך אלץ מעהר און מעהר צו אונזער נאציאָנאלער אידעע און נעהמט אָן אלע איהרע לאָגישע קאנזעקווענצען. די בעשליעסע פון דער קאָנווענשאָן וועגען די פאָדערונגען פון נאציאָנאלע רעכטע, וועגען א גרויס געפלאנטער נאציאָנאלער הלואה, און דער הויפּט בעשלוס וועגען דער פאָדע־רונג, אז אונזער פאָלק זאָל געגעבען ווערען די מעגליכקייט צו שאַ־פען פאר זיך א היים אין ארץ ישראל, וועלען געווים פערשריעבען ווערען אין דער געשיכטע פון אונזער אויפלעבונג מיט גאָלדענע בוכשטאבען. דער טיעפער ערנסט, מיט וועלכען עס זיינען געוועזן דורכגעדרונגען אלע רעדען און בעריכטען, און די וואונדערבארע געהויבענע שטימונג, וועלכע האָט די גאנצע צייט פון די פער־האנדלונגען געהערשט צווישען די דעלעגאטען, וועלען בלייבען לאנג, לאנג אין זכרון פון די, וואס האָבען געהאט די זכיה צו בע־טהייליגען זיך אין דער קאנווענשאָן אלס דעלעגאטען אדער אלס צושויער. און די שטימונג איז געשאפען געוואָרען, ווייל די לייַ־טער פון דער קאנווענשאָן זיינען געשטאנען אויף דער הויך פון

דעם היסטאָרישען מאָמענט, וועלכען מיר לעבען איצט איבער. ווייל זיי האָבען ניט צוגעלאזען קיין וואכעדיגען טאָן אין די פערהאנדלונגען.

קריצען מיט די צייהן, זיעדלען זיך מיט ציוניזם און מגן דוד — דאס וועט ניט העלפען. די בעסטע עלעמענטען פון אונזער פאלק וועלען זיך ניט לאָזען בלענדען און פארפיהרען. זיי וועלען געהן מיט זיכערע שריט אויף דעם וועג, וואס פיהרט צו אונזער ערלעזונג.

---

ג.

געהערען זיי צו אונז אדער צו אונזערע געגנער?

ברענט אין זיי א וועלכער עס איז פונק, און זיי אליין האָבען ניט געוואוסט דערפון, דען אונטער אש איז ער געלעגען בעגראבען, און ווען די גרויסע שטונדע האָט געשלאָגען, די לייטערענדע, די קלערענדע, די רייניגענדע, און זי האָט בעריהרט דאס איינגעשלאָפענע געפיהל און דאָס בעהאלטענע פייערל, איז ארויס דער פערשטעקטער פונק און האָט זיי ווערטער אריינגעגעבען, וואס טראָגען אין זיך א הייליג פייער, און זיי רעדען איצט פון שטורם, פון א שטירמישען הארץ און א לעכצענדער נשמה?

אדער זיי פאסען זיך נור צו צו דער גרויס פון דעם מאָמענט, און אין הארצען ביי זיי איז לעדיג, אָהן א קויהל, אָהן א פונק, און זיי בענוצען זיך נור מיט פרעמדען פייער, גענומען פון א פרעמדען מזבח, אזוי, אויסגעבאָרגט, אויף א ווייל, ווייל עס פאסט זיך צו זיין בעגייסטערט אין מאָמענט, ווען עס ווערט אומגעארדענט די וועלט, און ווען עס פעהלט אינערע בעגייסטערונג, איז מען יוצא מיט אויסערער, אבי מען צייגט סימנים פון בעגייסטערונג און התפעלות?

דאָס איז די פראגע, וועלכע ענגבערט מיין מח און נעהמט

פון מיר אוועק מיין זעעלישע רוה. ניט חלילה ווייל איך האָב די געוואוינהייט צו זוכען פעהלער, ניט ווייל מיר פעהלט דער גלויבען אין דער אויפריכטיגקייט און דער ליטערער געזינונג פון די וואָס קעהרען זיך אום, אויך ניט צוליעב ענגהערציגקייט, ווייל איך האָב חלילה מורא, עס וועלען נאָך קומען די נייע און ענג מאכען די אלטע. פעהלער זוך איך ניט, חושד בין איך קיינעם ניט אין זייטיגע כונות און פניות און אויך האָב איך קיין מורא ניט, עס זאָל זיין וועניג פלאַץ פאר אלעמען. אויב נאָך גאָר פארצייטען, ווען אונזערע עלטער־זיידעס פלעגען עולה־רגל זיין פון אלע עקען נאָך ירושלים, „האָט קיין מענש ניט געזאָגט, ענג איז מיר דער פלאַץ, איך זאָל נעכטיגען אין ירושלים", וועלען מיר הײַנט געווים געפינען גענוג ארבייט, מיר אלע, די נייע און די אלטע. א ברייט ארבייטס־פעלד ליעגט פאר אונז אויסגעשטרעקט און עס קאָן אויף דיעזעם פעלד געפינען בעשעפטיגונג יעדער מח און יעדע האנד. הלואי זאָלען זיי זיך נאָר פעראייניגען. מיר ווייסען דאָך אלע, אז אויב מיר ליידען, ליידען מיר פון מאנגעל אין כחות, ווארים פון אונזער וועלט האָבען זיך פיעלע דער־ווייטערט, ווענען מיר האָבען געוואונשען צו האָבען ביי זיך. יעדער איז געגאנגען אין זיין איינענע זייט, יעדער אין זיין אייגען פעלד — אין אמת'ען א פרעמד פעלד, און אונז האָבען זיי פער־לאָזען אליין. זיינען געבליבען נאָר וועניגע, כמעט איינצעלנע. זיי האָבען אָבער ניט ארויסגעלאָזען די פאָהן פון האנד און האָבען גערופען צו ארבייט און ערנייערונג. און מיר ווייסען דאָך, ווי גרויס עס איז געווען די שמחה פון די איינצעלנע, ווען זייער מחנה איז רייכער געוואָרען מיט א צוגעקומענעם. מיט אָפענע אָרעמס האָבען זיי איהם אויפגענומען און מיט פרייד געגעבען איהם א פלאַץ אין דער שותפות'דיגער ארבייט.

און דאָך, ווען איך פערנעהם איצט קלינגענדע ווערטער וועגען דער נבואה פון אונזער צוקונפט, ווי זי ווערט מקוים, און וועגען משיח'ס צייטען, וואָס רוקען זיך צו צו אונז אזוי נאָהענט, און איך פערנעהם די ווערטער פון דער פרעמדער זייט, פון וואנען איך האָב זיך ניט געריכט אויף זיי — איז אַנשטאָט פרייד און

נענוגטהואונג גנב׳עט זיך צו מיר אריין א דאגה און דער גייסט פון ספקות הויבט אָן צו בעוועלטיגען מיך. „בעשטימט“ און „טאָמער“, „געווים“ און „אפשר“, אָן „אודאי“ און „ספקות“ ראנג־לען זיך אין מיר: וועלען די נייע, די צוגעקומענע, די איצט אזוי בעגייסטערטע בלייבען מיט אונז אויף שטענדיג, אויף לאנגע יאָהר און וועלען אונז ערנסט העלפען, אָדער, וואָס איז אלץ איינס, מיר וועלען זיי העלפען? אָדער זיי מאכען אונז נאָר א בעזוך פאר א קורצע ווייל, און ווען דער גרויסער מאָמענט וועט זיין פארביי, וועלען זיי זיך אומקעהרען צו אונזערע געגנער?

אָט איז דער ערשטער. א שארפע פעדער האלט ער אין האנד און רעדט היינטע ווערטער וועגען אונזער אויפלעבונג. ער איז נים קיין פרעמדער, ניט איינער, וואָס זוכט א נייעם וועג. ער איז שוין געוועזען מיט אונז נים איין מאָל און נים צוויי מאָל. ער פלעגט קומען און געהן. אזוי איז שוין זיין נאטור. און אז ער האָט אונז פערלאָזען צום לעצטען מאָל האָט ער אפנים נערעכענט קיין מאָל זיך נים צוריקקעהרען און ער האָט אָנגעהויבען צו שפּאָטען איבער אונזערע חלומות, אונזערע פּיאָנירען אין ארץ־ישראל האָבען אויף איהם נים געהאט קיין ווירקונג, ער האָט קיין ברעקעל שעהנקייט נים געפונען אין זייער שאפען און ווירקען. די העברעאישע רענעסאנס האָט איהם נים צוגעצויגען צו זיך, ער האָט נים געזעהן אין איהר סמנים פון שטארקייט און פרישען לעבען. ער גלויבט אויך נים ערשטענס אין די פעהיג־קייט, צווייטענס אין דער נויטווענדיגקייט פון דעם אידישען פאָלק צו ווערען זעלבסטשטענדיג. ער גלויבט נים אין דעם גלות־צור־שטאנד אלס א פאקט נאָך דעם נצחון פון דער רוסישער רעוואָ־לוציאָן. ער גלויבט נים ווייטער אין דער אינדיווידועלער ענט־וויקלונג פון די פעלקער, ווייל ער האלט נים פון דעם נאציאָ־נאליזם אין אלגעמיין. און נאָך אזוי פיעל אונגלויבען טרויסט ער דאָך פון דער אידישער וויעדער־געבורט אין ארץ ישראל. ער פיהלט, אז עס קומט דער בעצויבערענדער מאָמענט, און ער פער־וואנדעלט זיך אין אן אנדער מענש און הויבט אָן צו רעדען עפּעס נביאות׳דיג. ווערטער געהען ארויס פון זיין פעדער גאָר פייער־

דינגע און זיי דערצעהלען פון אַן אַלטער בענקעניש, און האָפנונגען שפּרעכט ער אויס פול גלאַנץ און פּראַכט. און ער אַליין פיהלט נים דערביי די אינערע סתירה, אין וועלכער ער האָט זיך פער־וויקעלט, און וועלכע גראָבט אונטער זיין אייגענעם בנין.

איך מערק דעם געגענזאַץ, און אַ ביטערע שאלה שווימט אַרויף פאַר מיר: ענטהאַלט אין זיך די נים נאָרמאַלע ערשיינונג דעם מופת, אויף וועלכען מיר וואַרטען אַזוי לאַנג, דעם מופת פון „ושבו בנים לגבולם“, ווי עס קעהרען זיך אום צוריק פערבלאָנ־דזשעטע קינדער, אָדער פערקעהרט, די ערשיינונג דיענט נאָר אַלס סימן פון גסיסה. אַזוי הויבט זיך אויף די פלאַם אין לעצטען מאָמענט, איידער זי ווערט אויסגעלאָשען?

און אָט איז דער צווייטער. איך האָב איהם זעהר ליעב פאַר זיין גרויס טאַלאַנט צו שילדערען און צו ערצעהלען. אָבער שטענדיג בין איך געווען אין כעס אויף איהם. איך האָב גערע־כענט, אַז אַזאַ טאַלאַנט דאַרף שטעהן אין דער ערשטער שורה פון אונזערע קעמפּפער, פון אונזערע עקסטרעמע קעמפּפער, וועלכע האַסען יעדען גלות, און ווען ער איז אפילו אויסגעפּוצט און פול מיט זכיות, און וועלכע שטרעבען צו אַן אַבסאָלוטער פרייהייט: איך בין מיין, דער באָדען איז מיין און אויך די חלומות זיינען מיינע. ער האָט אָבער נים גע'חבר'ט זיך מיט די קעמפּפער. ער האָט דוקא בעזוכט אונזער לאַנד און געזעהן דאָרט אונזערע פּיאָנירען, די וואָס זעען און שניידען, פלאַנצען און בויען, און ער איז אריינגעדרונגען אין זייער נשמה און האָט פיעלעס ענטפּלעקט אין איהר. און פון צייט צו צייט, ווען דער גייסט איז געקומען איבער איהם, האָט ער אונז דערצעהלט וואונדערבאַרע מעשיות און פאָרגעפיהרט פאַר אונזערע אויגען רייצענדע בילדער. דאָס איז דער חוב, וואָס דער קינסטלער בעצאָהלט דעם קוואַל, פון וואַנען ער שעפּט. ער איז אָבער נים נאָר אַ קינסטלער. ער האָט אַן אקטיווע נאַטור און איז טהאַטען־דורשטיג. און ווען ער וויל שטילען זיין טהאַטען־דורשט, טרעפען מיר איהם תמיד אָן אין געננערישען לאַגער. אין לאַגער, וואו עס ווערט געקעמפּפט נעגען אונזער נאַציאָנאַלען גייסט. דאָרט רופט מען איהם „אונ־

זערער", און ער שווייגט. איצט האָט ער זיך אָנגענומען מיט ערביטערונג און כעס, אָבער ניט אויף דעם קרייז, וואו ער ווערט בעטראַכט אַלס אַן אייגענער, און וואו זיין כעס וואָלט געווים געווען אַם פּלאַץ. ניין, ער איז אין כעס אויף די קעמפּפער, צו וועלכע ער איז ניט צוגעשטאַנען. ער האָט אויף זיי שטאַרק פאַראיבעל, פאַר וואָס זיי האָבען ביז איצט נאָך ניט ערוואָרבען ארץ ישראל און די אידען ניט ארויסגעצויגען פון גלות. איך פערשטעה און אַכט זיין ערביטערונג און זיין כעס און איך וואָלט נאָר געוואונשען: זאָל זיין כעס ניט אויסגעלאָשען ווערען. פון דער אַנדער זייט אָבער טראַכט איך מיר: אפשר איז דער כעס אויסגעבראָכען נאָר צוליעב דעם איצטיגען מאָמענט און איז פערבונדען נאָר מיט דעם מאָמענט. ווען פערשווינדען דער מאָמענט, וועט אויך פערשווינדען דער כעס.

און מיר ברויכען איצט גאַנצע מענשען, גאַנץ אין זייער ווילען. און מיר האָבען נויטיג טיכטיגע ארבייטער אויף אַלע געביעטען. און זיי האָבען איצט קיין רעכט ניט צו בלייבען דרויסען פון דער מחנה, אָבקומען דעם חוב מיט בעגייסטערונג אָדער מיט עדעלען כעס. זאָלען זיי אריינגעהן, מען בעט זיי, און זיי וועלען געפינען די ארבייט וואָס וואַרט אויף זיי.

23 מערץ — 6 אַפּריל, 1917.

# יום טוב שני של גליות

אלע אונזערע ימים טובים האָבען כידוע, א „יום טוב שני של גליות“. אין ארץ ישראל, וואו דער איד בעטראכט זיך אלס א בירגער אויפ'ן אייגענעם באָדען, פייערט מען ביז היינטיגען טאָג נאָר איין טאָג פסח פון אָנהויב און איין טאָג צום סוף וואָך און אין מיטען זיינען פינף טעג חול המועד. אזוי פייערט מען אויך דעם סכות, און שבועות האָט מען אין גאנצען נאָר איין טאָג. אין די גלות לענדער, אָדער ווי מען בעצייכענט זיי קורץ — אין חוץ לארץ, האָט מען צו יעדען טאָג יום טוב צוגעגעבען א צווייטען טאָג. די אָפיציעלע ערקלערונג פון דיעזער ערשיינונג איז פער־בונדען מיט די אלטע מעטאָדען, נאָך וועלכע מען פלעגט בעשטי־מען דעם מולד און נאָך'ן מולד די ימים טובים. איך רעכען אָבער, אז אויך פסיכאָלאָגישע מאָטיווען האָבען דערביי געשפּיעלט א געוויסע ראָליע. אין גלות, וואו דאָס גאנצע לעבען איז געווען ניט אזוי יום־טוב'דיג, האָבען די אידען אָנגעהויבען מעהר טהייער צו האַלטען די הויפּט ימים טובים. זיי האָבען זיך מיט זיי ניט גע־קאָנט אָנזעטיגען און האָבען זיי דעריבער פערלענגערט. עס איז מענשליך און פסיכאָלאָגיש פערשטענדליך.

וועגען וואָס אָבער איך וויל דאָ זאָגען אייניגע ווערטער, איז א גאנץ נייע ערשיינונג, א שפּאָגעל נייער „יום טוב שני של גליות“, ערשט געשאפען געוואָרען און דוקא ניט צוליעב א טעם, וואָס איז פערבונדען מיט די לוח־חשבונות און אויך ניט צוליעב דעם פסיכאָלאָגישען גרונד, וועלכען איך האָב אויבען דערמאָנט. די צייטען ענדערען זיך. אנדערע אומשטענדען — אנדערע ימים טובים, אנדערע ימים טובים — און אנדער „יום טוב שני של גליות“. נאָר ווי דאָס איז, אין דעם נייעם צווייטען יום־טוב שפּי־געלט זיך אָב דער גלות פיעל מעהר ווי אין אונזער טראַדיציאָ־

נעלען צווייטען טאָג יום טוב פון פסח, שבועות און סכות. און אזוי ווי איך בין ניט זיכער, אז דער נייער צווייטער יום־טוב וועט בלייבען לדורות, פערקעהרט, אזוי ווי איך בין זיכער, אז באלד וועט ער פערשווינדען און דער אידישער עולם וועט איהם אין גאַנ־צען פערגעסען, האלט איך עס פאר מיין חוב אָבצושטעלען זיך אויף איהם. זאָל בלייבען וועגען איהם כאָטש א קליינער זכר, זאָלען וויסען די, וואָס האָבען איהם ניט בעמערקט, אז עס האָבען זיך ביי אונז געפונען מענשען, וועלכע האָבען אונז געוואָלט מזכה זיין מיט א צוגאָב צו אונזערע נייע ימים טובים.

און ווען מיר רעדען פון נייע ימים טובים, פערשטעהט זיך דאָך פון זיך אליין, אז מיר רעדען דאָ פון דער גרעסטער פאסירונג פון אונזערע טעג, ניט פון דער גרויסער וועלט־מלחמה חלילה, וועלכע גרייט אפשר פאר אונז ערשט פאָר א נייעם יום טוב, נאָר פון דער רוסישער בעפרייאונג. פאר רוסלאַנד איז זי דער גרעסטער יום טוב, וואָרים עס:וואָס שעהנערעס און הייליגערעס פון א נאַציאָנאַלער בעפרייאונג עקזיסטירט ניט. דאָס איז די שעהנסטע מתנה, וואָס די געשיכטע קאָן אויסטהיילען א פאָלק. פאר דער גאַנצער וועלט איז דאָס אויך א יום טוב. די משפחה פון די פרייע פעלקער האָט בעקומען נאָך א פולבערעכטיגט מיט־גליעד. פאר אונז אידען איז דאָס א גרויסער יום־טוב, ווייל מיט דער בעפרייאונג פון רוסלאַנד איז געקומען די בעפרייאונג פון א גרויסען און וויכטיגען טהייל פון אונזער פאָלק פון א שווערען צ ו ו י י פ א כ ע ן יאָך, פון דעם אלגעמיינעם יאָך אלס בירגער און פון דעם ספּעציפישען יאָך אלס אידען.

איז דאכט זיך גאַנץ גוט. זייט גוט געשטימט און פייערט דעם גרויסען אידישען יום־טוב. געהט צו מיט א ביסעל דרך ארץ צו דעם גרויסען מאָמענט און פערשוועכט ניט זיין הייליגקייט מיט קליינע השגות. פערגעסט כאָטש אויף א ווייכע אייערע סכסוכים מיט די פּאָליטישע געגנער, לעגט זיי אָפּ אויף שפּעטער, לכל הפחות אויף חול המועד, נאָך בעסער און נאָך אנשטענדיגער — אויף אסרו חג, דער עולם וועט שוין זיין אָנגעטהאָן וואָכעדיג. צושטערט אָבער ניט דעם יום טוב!

האָבען מיר אָבער פערברענטע געגנער, וועלכע בעזיצען ניט קיין ברעקעל געדולד און נוצען אויס י ע ד ע ן מאָמענט פאר גאנץ קליינע אָברעכנונגען.

זיינען זיי ארויסגעגאנגען, אונזערע געגנער, אין מאָמענט, ווען די אידישע שמחה איז געווען אַן א ל ג ע מ י י נ ע, און האָבען גלייך צו דעם נייעם יום טוב צוגעגעבען א „יום־טוב שני של גלות". און נאָך וואָס פאר א גלות'דיגען יום טוב. זיי האָבען זיך בעאיילט אָנצוזאָגען דער וועלט, אנדערע דער אידישער וועלט און אנדערע אויך דער פרעמדער וועלט, אז זיי פייערען היינט די בעפרייאונג פון דער ציוניסטישער אידעע. מען איז אויף איין מאָל פטור געוואָרען, הייסט עס, אי פון דער ראָמאַנאָוו'שער דינאַסטיע אי פון דעם אידישען משיח, להבדיל. אזוי האָבען ער־קלערט די גרויסע קענער פון דער אידישער געשיכטע און פון דער אידישער פסיכע פון סאָציאַליסטישען פליגעל פון איין זייט און די גרויסע טרעגער און בויער פון דער אידישער צוקונפט פון רעפאָרמירטען פליגעל פון דער אַנדער זייט. וויעדער האָט פאַ־סירט, וואָס איז שוין פיעל מאָל פאָרגעקומען אין דער לעצטער צייט. דער אַנטי נאציאָנאַלער אידישער סאָציאַליזם איז זיך צו־נויפגעקומען מיט אנטי נאציאָנאַלער אידישער רעפאָרם־טהעאָלאָגיע אויף איין פלאַטפאָרם. און עס איז קענטיג געווען, אז אונזערע געגנער האָבען זיך כמעט געפרעהט מיט זייער איינענעם צווייטען יום טוב ווי מיט דעם אַלגעמיין שותפות'דיגען.

ווען זיי וואָלטען אָבער טיעפער אריינגעדרונגען אין דעם זין פון דער רוסישער בעפרייאונג, אין די הויפט אורזאכע, וועלכע האָט זי געמאַכט פאר מעגליך, וואָלטען זיי פערשטאַנען, אז די רוסישע בעפרייאונג איז א פראָדוקט פון דעם ערוואַכטען רוסישען נ א צ י אָ נ א ל ע ן בעוואוסטזיין. און זיי וואָלטען ממילא פערשטאַנען, אז עס פאַסט ניט אין אזא מאָמענט אָנצופאַלען אויף א אידעע, וועלכע האָט איהרע וואָרצלען אין דעם זעלבען נאציאָ־נאַלען בעוואוסטזיין, נור פון אַן אַנדער פאָלק. זיי וואָלטען ווייטער פערשטאַנען, אז די רוסישע בעפרייאונג אַלס די גרעסטע נאציאָ־נאַלע פאַסירונג פון דער תקופה, אין וועלכער מיר לעבען, קאָן

בשום אופן ניט ווירקען אַבצושוואַכען דעם נאַציאָנאַלען ווילען פון די אַנדערע נאָך בעפרייאונג שטרעבענדע פעלקער.

נאָר וואָס מאַכט עס אויס, וואָס זיי וואָלטען פערשטאַנען, אַז זיי ווילען ניט פערשטעהן. אַז זיי אַליין שאַפען פאַר די אידישע צוקונפט אויסנאַהמע געזעצען, בשעת די נייע רעגיערונג פון דעם בעפרייטען רוסלאַנד שאַפט זיי אָב פון דער וועלט אויף פאַר די אידען. זיי זיינען דאָך ניט רעטראָגראַדען חלילה, זיי ווילען זיך געוויס איינשטעלען פאַר די ליטווינער, די לעטען, די מאָנטאַנע־גער, ארמענער, און אַלבאַניער צום ביישפּיעל. זיי ווילען געוויס ניט אָבשטעהן פון די, וואָס ווילען פאָדערען פאַר זיי די נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגקייט אין דער אָדער יענער פאָרם. און געוויס ווילען די אונטערדריקטע נאַציאָנען זיין זיי דאַנקבאַר, ווען זיי ווילען פערוואָרפען פאַר זיי אַ גוט וואָרט. פאַר דאָס אידישע פאָלק ווילען זיי אָבער דוקא אויסנאַהמע געזעצען. זיי געהען ווייטער, זיי פייערען אַ צווייטען יום־טוב, ווייל זיי גלויבען, אַז דער אי־דישער נאַציאָנאַלער חשק וועט איצט אָבשטאַרבען.

זיי ווילען זיך אָבנאַרען אין זייער חשבון איצט, ווי זיי האָבען זיך שוין אָבגענאַרט אין זייערע חשבונות און פּראָפעציי־אונגען. די ווירקליכקייט וועט קומען און וועט זיי צייגען, ווי אויבערפלעכליך זיי זיינען געווען אין זייערע השערות. און מען דאַרף גאָר ניט זאָגען: די ווירקליכקייט ו ו ע ט קומען — זי איז שוין געקומען און האָט שוין מבטל געווען זייער צווייטען יום־טוב. גראָד פון רוסלאַנד קומען אָן אוטהענטישע ידיעות, אַז די ציוניסטישע בעוועגונג געווינט דאָרט מיט יעדען טאָג מעהר באָדען, אַז די רוסישע בעפרייאונג האָט געווירקט אויף די נאַ־ציאָנאַל בעוואוסטזיניגע עלעמענטען ווי אַן ערמוטהיגענדעס ביי־שפּיעל. גראָד איצט, ווען איך שרייב דיעזע צייל ען, ווערט אָב־געהאַלטען אין מ אָ ס ק ו ו א אַ ציוניסטישע קאָנווענשאָן, צו וועל־כער עס זיינען זיך צונויפגעפאָהרען דעלעגאַטען פון אַ ל ע עקען לאַנד. די רוסישע ציוניסטען נוצען אויס די פרייהייט ניט ווי קנעכט, וואָס ווערען גלייך בערויבט און פערליערען דעם קאָפּ.

זיי בענוצען זי ווי פרייע בירגער און ווי פרייע זיהן פון א פאָלק, וואָס שטרעבט נאָך נאציאָנאלער פרייהייט.

און עס קאָן זעהר זיין, אז דורך די אָנשטרענגונג פון אלע נאציאָנאל קאָנזעקוועגטע עלעמענטען פון אונזער פאָלק וועלען מיר זיך באלד בעפרייען פון אונזער טראדיציאָנעלען „יום טוב שני של גליות". דענסטמאָל וועלען מיר דערצעהלען, ווי אונזערע נעגנער האָבען אונז געוואָלט מכבד זיין מיט זייער נייעם צווייטען יום־טוב — דער בעסטער פירוש אויפ'ן גלות.

12 אפריל, 1917.

## „אויב“ מיט דריי פּאַסיקלעך

זאָל דאָס פֿערשריבען ווערען — אפשר אויף דעם ל ע צ ט ע ן בלאַט פון אונזער גלות געשיכטע.

און ווען דאָרט, אין בעפריייטען ארץ ישראל, וועט אויסוואקסען א נייער דור, וועלכער וועט ניט האָבען מעהר קיין בעגריף פון קנעכטשאפט און קנעכטישע געזינונג, וועלען מיר איהם צייגען דאָס לעצטע בלאַט פון אונזער גלות־געשיכטע, און זאָל ער זיך איבערצייגען, ווי וויט קנעכטישע געזינונג קאָן פער׳סם׳ען א נשמה און מיאוס מאכען און וואָכעדיג מאכען דאָס ערהאבענסטע און דאָס הייליגסטע, ווי טיעף עס קאָנען זינקען מענשען, וועלכע האָבען אין דער קנעכטשאפט פערלאָרען יעדען רעספּעקט פאר זייער אייגען פאָלק. און דער נייער אידישער דור, אין פרייהייט געבאָרענער, אין זעלבסטשטענדיגקייט ערצויגענער, וועט פערציטערט ווערען, לעזענדיג די ווערטער פון דעם לעצטען בלאַט פון אונזער גלות־געשיכטע, און שטארקער און פעסטער וועט ער זיך צובינדען צו דער פרייהייט און צו דעם לאנד פון זיין פרייהייט.

גרויס, שרעקליך גרויס איז דער מאָמענט. די נאַציאָנען פון דער וועלט פעכטען אויס זייער לעצטען קאמפף. עס עקזיסטירען מעהר ניט קיין איינצעלנע מענשען. זיי האָבען זיך אלע פערשמאָלצען אין אלגעמיינהייטען, יעדער טריי צו זיין פאָלק, יעדער טריי צו זיין פאָהן. עס איז אָנגעקומען דער גרעסטער יום הדין פון דער וועלט־געשיכטע, דער גורל פון די נאַציאָנען ווערט ענטשיעדען.

און עס ווערט אויך ענטשיעדען דער גורל פון א ו נ ז ע ר מזרח. ביי די טויערען פון עזה, דער אלטער שטאָדט פון די פלשתים, וואו שמשון האָט אמאָל ליעב געהאט צו צייגען זיין קראפט זיינע שונאים, שטעהט איצט אן ענגלישע ארמעע. דער קאָמאנדיר פון דער ענגלישער ארמעע, ארטשיבאלד מאָררעי, געפינט פאר נוי־

טיג צו ערקלעהרען דער וועלט די אינערע מאָטיווען, וועלכע האָבען געצוואונגען זיין רעגיערונג צו שיקען איהרע מחנות נאָך דעם מזרח. און ער רעדט ערנסט און פייערליך פון דער פערווירקליכונג פון דעם „שיבת ציון“ טרוים, פון דעם היסטאָרישען טרוים, וועלכער געהט דורך ווי א רויטער פאָדעם דורך אונזער לאנגע גלות־געשיכטע.

די געזאמטע פרעסע פון דער געבילדעטער וועלט ברענגט די ערקלעהרונג פון דעם ענגלישען קאָמאנדיר, וועלכע ווערט אויפגע־כאפט אלס א האלב אָפיציעלע ערקלערונג. די געזאמטע פרעסע רעאגירט אויף די ערקלערונג אין א וויכדיגען טאָן. זי פערשטעהט, דאָ האנדעלט זיך מכח עטוואָס בעדייטענדעס. די גאנצע געביל־דעטע וועלט האָט נאָך ביז היינטיגען טאָג א בעזונדער עהרפורכט פאר ירושלים און ציון, פון וואנען עס זיינען ארויס די ערשטע ליכט־שטראהלען אויף דער וועלט, און מיט א פערכאפטען אטהעם פער־פאָלגט זי די נייעסטע געשעהעניסען אין דעם קליינעם אָבער גרויסען לאנד.

וועגען דער אידישער וועלט איז דאָך ניטאָ וואָס צו רעדען. איך רעכען, אז יעדע אידישע נשמה, וועלכע האָט נאָך א שטיקעל שייכות צו איהר פאָלק, איז דערציטערט געוואָרען, לעזענדיג די ערקלעהרונג. עס זיינען אויפגעוועקט געוואָרען אלטע האָפנונגען, נייע בילדער האָבען אָנגעהויבען צו שוועבען פאר די אויגען. איך רעכען, אז אפילו משומדים זיינען בעריהרט געוואָרען פון דער ערקלעהרונג, אויך אין זייער נשמה, אין דער פער׳משכונ׳טער, האָט זיך עפּעס אָבגערופען.

נאָר איינער איז געבליבען טריי דעם גלות, טריי דער וואָכע־דיגקייט.

דאָס איז דער אידישער „פאָרווערטס“, דער אָרגאַן פון צוויי הונדערט טויזענד הונדערט פינף און זעכציג אידישע ארבייטער.

ניט ברענגען די ידיעה, פערשווייגען זי אין גאנצען, ווי ער איז זיך תמיד נוהג בנוגע ערשיינונגען, וועלכע פאסען זיך ניט אריין אין די וואָכעדיג־ציינישע גלות־פסיכאָלאָגיע, האָט ער ניט געקאָנט. פאָרט א סענסאציאָן, און דער לעזער קאָן נאָך פאראיבעל האָבען, ווען ער וועט זי ניט געפינען אין זיין צייטונג.

ברענגט מען די ידיעה מיט א פירוש.

און דער פירוש איז א קורצער. ער בעשטעהט פון איין וואָרט מיט דריי פּאַסיקלעך: אויב — — —

און ווייטער פערטייטשט ער דעם „אויב" און די דריי פּאַסיקלעך: „אויב די ענגלענדער וועלען איינגעהמען פּאַלעסטינא, אויב דאָס וואָס זיי זאָגען איז ריכטיג און א ו י ב ז י י ו ו ע ל ע ן נ י ט ח ר ט ה ה אָ ב ע ן, וועלען זיי זי אָבגעבען צו אידען".

מיר האָבען זיך דערלעבט צייטען. ביז אהער פלעגט מען אונז ציוניסטען פער'מסר'ן פאר די אומות העולם, איצט וויל מען פער'מסר'ן די ענגלענדער פאר אונז. „אויב זיי וועלען ניט חרטה האָבען" — ווי זאָלען מיר דאָס אויפפּאַסען? שטעקט דרין אן עצה פאר אונז, מיר זאָלען זיין פאָרזיכטיג און ניט פערלאָזען זיך צופיעל אויף פערשפּרעכונגען?

א דאנק פאר דער פריינדשאפט, א דאנק פאר דער עצה.

איך גלויב אָבער ניט, אז דער „פּאָרוועררטס" איז אויסען געווען צו געבען אן עצה די ציוניסטען. צוליעב וואָס, צוליעב וועמען? איך גלויב, מיר וועלען ניט מאכען קיין טעות, ווען מיר וועלען דעם „אויב" מיט די פּאַסיקלעך אויפּפּאַסען אנדערש. די כונה איז געווען פאַרצובערייטען דעם לעזער, מאכען פאר איהם וואָכעדיג און ניט בעדייטענד די ערקלעהרונג גופא פון דעם ענגלישען קאָמאנדיר. האָט מען געמוזט געבען דעם פירוש פריהער, איידער דער לעזער וועט בעקאַנט ווערען מיט דעם טעקסט פון דער ערקלעהרונג, וועלכע איז דורכגעדרונגען פון אן ערנסטען טאָן און מאכט א רושם.

גלות, דיין נאָמען איז קנעכטשאפט, דיין נאָמען איז קליינקייט.

אָט נאָך גאָר ניט לאַנג פלעגט מען ארץ ישראל אין גאנצען מבטל זיין, דאָס גאנצע לאנד מאכען צו קליינגעלד. דעם ציוניזם אלס אידעע און די ציוניסטישע בעוועגונג האָט מען געזוכט צו פערניכטען צוערשט מיט שווייגען, דערנאָך מיט הלצות, דערנאָך מיט גאַל.

און דעם „אויב" מיט די פּאַסיקלעך ליעגט אויך זעהר פיעל גאַל. גאַל און קנאה.

זאָל מען זיין אין כעס אויף דעם אָרגאַן פון די אידישע ארבייטער פאר זיין שטעלונג צום ציוניזם אין איצטיגען מאָמענט ?

איך גלויב, אז פון פּאַרטיי־ציוניסטישען שטאנדפונקט וואָלט געווען ניט קלוג ארויסצוזייגען איצט כעס אויף איהם.

איך גלויב, אז דער „אויב" מיט די דריי פּאַסיקלעך וועט פּראָפּאַגאַנדיסטיש מעהר נוצען ברענגען צו דער ציוניסטישער אידעע ווי צוואנציג גוט בעגרינדעטע ארטיקלען פון דער ציוניסטישער זייט. עס וועלען זיך געפינען נאָך גענוג עמפּפינדליכע נאַטורען, וועלכע וועלען רעאגירען אויף דעם „אויב" מיט די פּאַסיקלעך ווי עס דארף צו זיין.

אין כעס זיין איז ניטאָ פאר וואָס.

עס ווערט מעהר ניט ווי עטוואָס מיאוס אויף דער נשמה. מיאוס און חרפּה'דיג.

ניט אומזיסט ווערט גערעדט אין אונזער אלטער ליטעראַטור ניט נאָר וועגען „עבדות" מצרים, עס ווערט גערעדט אויך וועגען „חרפּת" מצרים. קנעכטשאַפט איז ניט נאָר א וועהטאָג, קנעכטשאפט איז אויך א שאנדע.

און אָפּטמאָל ווייס מען ניט וואָס איז גרעסער: דער וועהטאָג אָדער די שאנדע ?

20 אפּריל, 1917.

# אידישע צוקונפט אין אַמעריקאַ

## I

עס זיינען דאָ פּשטנים אין לעבען, ד. ה. אין דער אויפפאַסונג פון דעם לעבענס־פּראָצעס. זיי בעשרענקען זיך נאָר אויף דאָס, וואָס מען קאָן תופס זיין מיט די פינף חושים, און רעכענען זיך אין אלע זייערע פּלענער און האנדלונגען אויסשליסליך מיט דעם איינצעל־איך אַלס אויסגאַנגס־פּונקט. אונטער רעכענען זיך מיט דעם איינצעל־איך פערשטעה איך דאָ ניט דעם קליינליכען עגאָאיזם פון דער אָבגעזונדערטער פּערזאָן. איך פערשטעה דארונטער די הערשענדע בעדייטונג, וועלכע ווערט אין אלגעמיינעם צוגעשריבען דעם אין דער געגענוואַרט זיך בעוועגענדען, זיך פיהלענדען און זיך קאָנקרעט דענקענדען איך איבער דאָס איך פון דעם געוועזענעם און דאָס איך פון דעם קומענדען. זיי, די פּשטנים, בעטראַכטען ניט דאָס לעבען אַלס אַ פּראָצעס פון אַן איי בי גען איבער־גאַנג פון געוועזענעם צום קומענדען. דער שווער־פּונקט פון דעם דאָ־זיין ליעגט פאַר זיי אין דער געגענוואַרט. אַלעס אנדערע איז אַ חלום, אַ כימערע. אין איהר, אין דער געגענוואַרט, זוכען זיי דעריבער פאַר זיך אַ רוהע־פּונקט און אויך אַ בערוהיגונגס־פּונקט. זאָל יעדער דור דאגה'נען פאַר זיך, זאָל ער זיך בעשעפטיגען מיט פּראָבלעמען פון זיין עולם־הזה, זאָל ער ניט פערקריכען אין וועלטען, וואָס וועלען ענטשטעהן נאָך איהם — דערין בעשטעהט זייער גאַנצע פילאָזאָפיע.

די גאַנצע געשיכטע פון דער מענשליכער ענטוויקלונג איז אַ ווידערלעגונג פון דיעזער קורצזיכטיגער, פּערספּעקטיוולאָזער פילאָזאָפיע. די מענשליכע געשיכטע אין דער העכערער בעדייטונג פון דעם וואָרט הויבט זיך איינגענטליך ערשט אָן מיט דער היסטאָ־

רישער פערספעקטיווע, מיט דער דאגה פאר דעם היסטארישען מארגען. די איינגענטליכע געשיכטע פון דער ארבייטער־בעווע־גונג, צום ביישפיעל, הויבט זיך ערשט אן מיט דעם דורכדרינגען אין די ברייטע מאסען פון דער אידעע פון דעם צוקונפטס־שטאאט — דער געדאנק פון דעם סאציאל־דעמאקראטישען עולם־הבא. נור אויף די ניעדריגע שטופען פון איהר ענטוויקלונג איז די מענשהייט געטראגען געווארען פון דער געגענווארט. אויף די העכערע מדרגות איז זי אליין געווארען די טרעגערין פון דער צוקונפט. און ווען מיר וואלטען ניט געהאט די מעגליכקייט פעסט־צושטעלען, אויף ווי ווייט די פערשיעדענע מענשען־גרופען, קלאסען אדער פעלקער־שאפטען ווערען געלייטעט אין זייער שאפען פונ'ם דראנג משפיע צו זיין אויף די געשטאלטונג פון דער צוקונפט, וואלטען מיר געהאט די מעגליכקייט גענוי אבצושאצען זייער פער־שיעדענעם קולטורעלען צושטאנד.

דאס איז איין הנחה. עס קומט נאך א צווייטע.

מען זאל ניט אננעהמען, אז די מענשהייט דאגה'ט פאר דעם אויסבוי פון דער צוקונפט נאר אינסטינקטיוו. דער מענש, — מיר רעדען דא פון דעם קולטור מענשען, — לענט צו צו דער אינסטינקטיווער דאגה אויך זיין א י י נ ע נ ע ם פערשטאנד און זיין א י י ג ע נ ע ם פרייען ווילען. וויסענשאפט, קונסט, ליטע־ראטור, אינדוסטריע, האנדעל און האנדווערק ווערען אונטער־שטיצט פון די רעגיערונגען, פון דער געזעלשאפט און פון ספע־ציעלע ארגאניזאציאנען. מיר בעטראכטען עס אפט אלס א קינסט־ליכע אונטערשטיצונג. דאס שטימט ניט. די אונטערשטיצונג איז א ריין נאטירליכע. זי קומט פון דעם פאלקס־ווילען, וועלכער בויט מיט ק ל א ר ע ן ב ע וו א ו ס ט ז י י ן א צוקונפט פאר די קומענדע דורות.

* * *

יעדען דענקענדען אידען מוז איצט מעהר ווי ווען עס איז אינטערעסירען די פראגע פון דער אידישער צוקונפט אין אמעריקא. און ווען מיר רעדען פון דער אידישער צוקונפט, וואלט איך פער־לאנגט, אז מען זאל זי ניט פערוועקסלען מיט דער צוקונפט פון

די אידען, וואָרים דאָס זיינען צוויי בעזונדערע פראגען. די צו־קונפט פון די אידען קאָן געדאכט ווערען אפילו אין נעגאטיוו־אסימילאטאָרישען זינען, אַ אידישע צוקונפט — נאָר אין פּאָזיטיוו־נאציאָנאלען זינען. מיך אינטערעסירט דאָ די צווייטע פראגע.

די פראגע צופאלט אויף צוויי העלפטען. ערשטענס, איז מעגליך אַ אידישע צוקונפט דאָ אין אמעריקא? און, צווייטענס, אויב זי איז מעגליך, וועלכע התחייבות׳ען לעגט זי ארויף אויף אונז?

די מעגליכקייט פון דער ענטשטעהונג פון אַ אידישער צוקונפט העננט אָב דאָ אין אמעריקא ווי אין יעדען אנדערען פרעמדען לאנד פון אַ גאנצער שורה פון אָביעקטיווע און סוביעקטיווע בעדינ־גונגען. די אָביעקטיווע בעדינגונגען זיינען פערבונדען מ י ט און ליעגען א י ן דער פרעמדער סביבה, פון וועלכער מען ווערט ווילענדיג ניט ווילענדיג שטארק בעאיינפלוסט. זיי העננען אָב פון דער בעשאפענהייט און דעם תאראקטער פון דעם הערשענדען פאָלק — אין דער וועלט עקזיסטירט קיין איינציגע מדינה ניט אָהן אַ הערשענדען פאָלק. די סוביעקטיווע בעדינגונגען ליעגען אין דער גרופע גופא, וועלכע וויל בויען פאר זיך אַן אייגענע צו־קונפט. זיי העננען אָב פון דער שטארקייט פון דעם ווילען פון דער בעטרעפענדער גרופע און פון דעם גראד פון איהר שאפונגס־פעהיגקייט.

איך רעכען, אז עס איז איבעריג צו בעמערקען, אז דאָ ווערט גערעדט אויסשליסליך מכח אן אייגענער קולטורעלער צוקונפט. ניט מעהר, אָבער אויך ניט וועניגער.

די אָביעקטיווע בעדינגונגען דאָ אין אמעריקא פאר די ענט־שטעהונג און ענטוויקלונג פון אַ אידישער צוקונפט זיינען אין אלגעמיין נ י ט בעזונדערס גינסטיג. איך האָב מיט איינינגע צייל̈ען פריהער געברויכט דעם אויסדרוק „הערשענדעס פאָלק“, און פערמיעדען דעם אויסדרוק „הערשענדע נאציאָן“, ווייל אמע־ריקא בילדעט אין דיזער בעציהונג אן אויסנאהמע פון אלע איבעריגע לענדער. אן אמעריקאנישע נאציאָן עקזיסטירט לעת עתה ניט, זי ווערט ערשט איצט געבאָרען, זי איז בעגריפען אים

ענטשטעהן. דעריבער ווערט טאקע דער אויסדרוק נאציאָן דאָ אָנגעווענדעט אויף אַן אנדער בעגריף. נאציאָן אין אמעריקא הייסט: שטאאט, מלוכה, לאנד. דיעזער אומשטאנד, דאָס נאָך ניט פארהאנען זיין פון דער אמעריקאנער נאציאָן, מאכט שווער די ענטשטעהונג און די ענטוויקלונג פון יעדער אנדער פעלקישער קולטור אויף דעם אמעריקאנישען באָדען. יעדע אייגענארט ענט־וויקעלט זיך גוט ביי א שטארקער קאָנקורענץ, זי פערליערט אָבער די שפאנקראפט זיך צו בעהויפטען אין אן אטמאָספערע, וועלכע איז אליין ניט אויסגעשפּראָכען, וועלכע האָט נאָך אליין ניט דער־גרייכט דעם קריסטאליזירונגס־פונקט פון איהר אייגענעם חאראק־טער. אמעריקא מאכט ערשט דורך דאָס שטאדיום פון איהר צוזא־מענשטעלונג. אמעריקא איז נאָך ניט פארטיג, אמעריקא לעבט איצט אין דער תקופה פון איהרע „ימי בראשית“, אין קולטורעל־נאציאָנאלען זינען. דעריבער האָט אין אמעריקא ביז איצט קיין נאציאָנאלע גרופּע ניט געקאָנט דערגרייכען א הויכע שטופע פון אייגענארטינקייט. עס האָט געפעהלט די שטוים־קראפט, און די פערשיעדענע גרופען זיינען אייגעגאנגען אויף א פשרה. די פשרה האָט זיך אויסגעדריקט אם בולט'סטען אין דער שפּראך. כמעט אין דער גאנצער וועלט האָט איהר ניט אזא גרויסען שטח ווי אמעריקא מיט אן איינהייטליכער שפּראך. און ווען מען בעדענקט, ווי פערשיעדען־צונגיג אמעריקא האָט בעדארפט זיין לויט איהר צוזאמענזעצונג פון די פערשיעדענסטע פאָלקס־עלע־מענטען, און ווען מען בעדענקט ווי שנעל די פערשמעלצונג אין שפּראכליכער בעציהונג איז דאָ פערווירקליכט געוואָרען, מוז מען ערשטוינט שטעהן בלייבען. דאָס איז א וואונדער, אפשר גרעסער און בעדייטענדער ווי דאָס איבערנאכטיגע אויסשפּראָצען פון נייע שטעדט, גרעסער און בעדייטענדער ווי די ווי דורך א כשוף ענט־שטאנענע אינדוסטריע. אייגענטליך האָט אמעריקא דערגרייכט דורך א פשרה דאָס, וואָס ניט רוסלאנד, ניט דייטשלאנד און ניט אנדערע שטארקע מדינות האָבען ניט געקאָנט דערגרייכען דורך צוואנג און שטרענגקייט.

און די זעלבע פשרה וועט אויך צווינגען די אידישע בעפעל־

קערונג אויפצוגעבען איהר אייגענע שפראך. דאָס איז ניט א פראגע פון יושר, ניט א פראגע פון אונזער אייגענעם ווילען. מען מוז זיך דאָ רעכענען מיט די אָביעקטיווע בעדינגונגען, מיט דער השפעה און דער קראפט פון דער גרויסער אמעריקאנער סביבה. שפּראכליך וועט זי ענטשיעדען איינשלינגען די אידישע בעפעל־קערונג. די אסימילאנטען קאָנען זיך פרעהען דאריבער, די נאַ־ציאָנאליסטען — פערגיסען טרעהרען. עס העלפט ניט. ווען מיר זאָלען אראָברעכענען די צוקונפטיגע אימיגראציאָן, מוזען מיר זיין גרייט, אז אין א משך פון אייניגע דורות וועט אויך „אידיש" ווערען א היילינע שפּראך. זי וועט, ווי איהרע עלטערע, שטארקערע און מעהר אין זיך חיות טראָגענדע שוועסטער, פער־טריבען ווערען פון גאס, פעריאָגט ווערען פון הויז און איינגע־שפּארט ווערען אין בוך און אין שול, און אפשר נאָר אין בוך.

אויף אזא אופן פאלט ארונטער איינער פון די גרעסטע פאק־טאָרען פאר דער ענטשטעהונג און ענטוויקלונג פון אן אייגענער אידישער קולטור. ווען זי וועט שוין יאָ ענטשטעהן, וועט זי האָבען דעם חאראקטער, אויב מען קאָן זיך אזוי אויסדריקען, פון א תרגום קולטור.

אָבער אויך אין אנדערע בעציהונגען זיינען די אָביעקטיווע בעדינגונגען ניט זעהר גינסטיג פאר א אידישער צוקונפט דאָ אין אמעריקא.

אמעריקא איז דאָס קאפּיטאליסטישסטע לאנד אויף דער וועלט. דערין איז ניט ענטהאלטען קיין שום פּאָרוואורף אנטקעגען אמעריקא. דערמיט ווערט נאָר קאָנסטאטירט א בעשטעהענדער פאקט, וועלכען אלע מוזען צוגעבען: א בעשטעהענדער פאקט אין דער נעגענוואַרט. קיינער קאָן ניט פראָפעצייהען. עס קאָן זיין, אז אין אמעריקא וועט אין דער נאָהענטער צוקונפט זאָגאר פאָרקומען א גייסטיגע רעוואָלוציאָן. דאָס גאָלדענע קאלב וועט ארונטערגעשטירצט ווערען פון פּיעדעסטאל און דאָס פאָלק וועט ערהאלטען ערהאבענערע אידעאלען. איינצעלנע פערקינדער פון אזא ווענדונג לאָזען שוין איצט פערנעהמען זייער שטימע. אָבער צום אויסגאנגס־פּונקט פון אונזערע בעטראכטונגען מוזען מיר

נעהמען די געגענוואַרט. און כל זמן די באנק־הייזער און די דעפּאַרטמענט־סטאָרס וועלען געבויט ווערען מיט מעהר זאָרגפעל־טיגקייט ווי די אַקאַדעמיען און די מוזעען און איבערטרעפען זיי אין גלאַנץ און אויסשטאַטונג; כל זמן די האָטעלס, די קלובס און די פערגעניגענס־אנשטאַלטען וועלען פערנעהמען דעם ערשטען פּלאַץ אלס מיטעל־פּונקט פון געזעלשאַפטליכען פערקעהר, מעהר אלס די פאָלקס־אוניווערזיטעטען און די טעמפּלען פון קונסט — וועט מען ניט קאָנען רעדען פון א גייסטיג־קולטורעלער אטמאָספערע, וועלכע זאָל זיין געאייגענט אָנצוטרייבען די איינצעלנע נאַציאָנאַלע גרופּען צו אינטענסיווער קולטור־ארבייט. אויף די אידישע ענטוויקלונג פון דעם אידישען גייסט ווירקט דיעזער הערשענדער צושטאַנד אין ענטשיעדען נעגאַטיווען זינען.

ווען מען זאָל אפילו ניט זיין איינפערשטאַנדען מיט די נע־וואַגטע היפּאָטהעזען פון זאָמבאַרט, אַז די אידען זיינען די שעפּפער פון דעם אויסגעשפּראָכענעם קאַפּיטאַליזם (און מען קאָן מיט איהם ניט איינפערשטאַנדען זיין, ווען מען שטודירט די געשיכטע פון דער אידישער ענטוויקלונג), מוז מען דאָך מודה זיין, אַז דורך בעזונדערע אומשטענדען זיינען די אידען געצוואונגען געוואָרען, פון מיטעלאַלטער ביז צו דער נייעסטער צייט, אָבצוגעבען זייערע ענערגיען דעם האנדעל. מיט דער צייט קאָן זיך אָבער יעדע פאָלגע פערוואַנדלען אין אַן אורזאַכע פאַר די ווייטערע ענטוויקלונג. און דאָס האָט אויך פּאַסירט מיט די אידען. ביי היינטיגען טאָג מוז ווירקען א שטאַרקע מאַראַלישע געגען־קראַפט אויף די אידען, וועלכע זאָל זיין בכח זיי צו צווינגען, צו פערטהיילען אויף אַן אנדער אופן זייערע ענערגיען און טאַלאַנטען. דיעזע שטאַרקע געגען־קראַפט פעהלט לעת עתה אין אמעריקא, וואו עס הערשען ווירקליך אונבעגרענעצטע מעגליכקייטען אויף דעם געביעט פון קאַפּיטאַ־ליסטישער ענטוויקלונג. דער נסיון איז צו גרויס. דער אידעאַל פון רייכטהום צו פיעל איינגעוואָרצעלט אין דער ערקענטניס פון יעדעס, און עס איז שווער גובר צו זיין איהם אָהן א הארטען אינערען קאַמפּף מיט זיך אליין.

פערקעהרט אָבער, עקזיסטירען אין אמעריקא אנדערע אָביעק־

טיווע בעדינגונגען, וועלכע זיינען זעהר גינסטיג פאר די ענט־
שטעהונג פון א אידישער קולטור אין דער צוקונפט. איך וועל
זיך אבשטעלען אויף דער וויכטיגסטער פון דיעזע בעדינגונגען.

אמעריקא איז צוזאמענגעשטעלט פון פערשיעדענארטיגסטע
פאלקס־גרופען. דיעזע פאלקס־גרופען פערטרעטען אבער ניט נאר
פעלקערשאפטען און נאציאנען. זיי פערטרעטען אויך מ ד י נ ו ת
און ר ע ג י ע ר ו נ ג ע ן. צווישען דיעזע מדינות און רעגיערונגען
אין אמעריקא זיינען מעגליך קאנפליקטען. פ א ל י ט י ש ע קאנ־
פליקטען. דער ווילען פון דער אמעריקאנער מדינה צו זעלבסט־
שטענדיגקייט, איינהייט און שטארקייט מוז זיך רעכענען מיט
דיעזער טהאטזאכע. דעריבער מוז אמעריקא זיין אייפערזיכטיג
אויף די סימפאטיען פון די איינצעלנע גרופען. דיעזע פסיכא־
לאגיש בערעכטיגטע אייפערזוכט האט אין דער לעצטער צייט זיך
אויסגעדריקט אין דעם פעלדצוג נעגען דעם מקיף־בירגערטהום. די
אידישע בעפעלקערונג וועט אבער קיינמאל ניט זיין, — קיינמאל ניט
ווי ווייט עס רייכט אונזער זעהען אין דער צוקונפט, — אן אביעקט
פון דער אמעריקאנער אייפערזוכט. א קאנפליקט צווישען אמעריקא
און די אידען איז א ו י ס ג ע ש ל א ס ע ן. א אידישע קולטור
וועט דא אין אמעריקא קיינעם ניט רייצען. העכסטענס די
אסימילאטארישע אידען, וועלכע האבען די געוואהנהייט איינצו־
שטעלען זיך פאר אמעריקא אונגעבעטענערהייד. אמעריקא קאן
רוהיג צולאזען די ענטוויקלונג פון א אידישער צוקונפט אין א
קולטורעלער הינזיכט. דער אמעריקאנער האראקטער, וועלכער
ווערט איצט געשמיעדט, קאן דערפון נאר פראפיטירען.

און איצט צו די סוביעקטיווע בעדינגונגען.

---

II

נאך מיט אייניגע יאהר צוריק, איידער עס האט אויסגעבראכען
די אייראפעאישע וועלט־קאטאסטראפע, איז קיינעם גאר ניט איינ־
געפאלען צו דענקען, אז אין אמעריקא קאן און וועט ענטשטעהן א

צענטער פאַר דער ענטוויקלונג פון דעם אידישען נ א צ י אָ נ א ל ע ן גייסט. אויב עס האָבען זיך געפונען איינצעלנע פערטרעטער פון דער אידיש־אמעריקאנער אינטעליגענץ, וועלכע האָבען שטארק געווינשט די ענטשטעהונג פון אזא צענטער, זיינען זיי בעצייכענט געוואָרען אלס לאָקאַל־פּאַטריאָטען. אָבער אפילו זיי, די לאָקאַל־פּאַטריאָטען, האָבען גערעדט נור מכח א צענטער, מכח נ אָ ך א צענטער, מכח א פּ א ר א ל ע ל צענטער. אז אמעריקא זאָל זיך פערוואנדלען אין ד ע ם צענטער, אז אמעריקא זאָל גאָר איבער־נעהמען די פּיהרערשאפט אין יודענטהום — פון דעם האָבען ניט גע'חלומ'ט אויך די הייסעסטע אמעריקאנישע פּאַטריאָטען. אמת, מיט א יאָהר צוואנציג צוריק, בשעת דער רוסיש־אידישער האָריזאָנט איז געוועזן אזוי בעדעקט מיט שווערע וואָלקען, אז אויך די אָפּטימיסטען האָבען פערלאָרען די האָפנונג אויף בעסערע צייטען, האָט דער בעדייטענדסטער אידישער היסטאָריקער אין דער געגענ־ווארט, שמעון דובנאָוו, אויסגעשפּראָכען די מיינונג, אז אין די נאָהענטע פאָר דורות וועט אריבערגעטראָגען ווערען דער שווער־פּונקט פון דעם אידישען פאָלק פון מזרח־אייראָפּא נאָך אמעריקא. מען איז געוועזן בערעכטיגט אויסצושפּרעכען אזא מיינונג, ווייל די עמיגראציאָן נאָך אמעריקא האָט אין יענער צייט אָנגענומען זעהר גרויסע דימענזיאָנען, און מען האָט געקאָנט ערווארטען, אז זי וועט נאָך ווייטער פּראָגרעסירען. מיט דער דעמערונג פון דער רוסישער פרייהייט איז דיעזע מיינונג פערשוואונדען. מען האָט איינגעזעהן, אז ווי ווייט מיר קאָנען בליקען אין די צוקונפט, וועט מזרח־אייראָפּא בלייבען דער אידישער צענטער. אויך אין אמע־ריקא איז די לעצטע מיינונג געוועזן די הערשענדע. מען האָט געוואוסט, אז אין מזרח־אייראָפּא איז דאָ א מעכטיגער אוצר פון אידישע שאפענדע קולטורעלע כחות, און אז פון דיעזען אוצר וועט געשפּייזט ווערען די גאנצע אידישע גלות־וועלט.

נאָכדעם, ווי די וועלט־קאטאסטראָפע האָט זיך אראָבגעלאָזען מיט אַן עלעמענטארער קראפט, און די אידישע וועלט אין מזרח־אייראָפּא האָט אָנגעהויבען צושטערט צו ווערען, האָט אויך די אמעריקאנער יודענהייט דערפיהלט די גרויסע ערשיטערונג. ניט

אַן ערשיטערונג אַלס אַ רעזולטאַט פון איינפּאַכען מיטליידס־געפיהל — דאָס איז געווען אַ פיעל טיעפערע אינסטינקטיווע ערשיטערונג: דאָס פונדאַמענט פון גאַנצען אידישען בנין איז געשטאַנען אין סכנה, און עס האָט אַ ציטער געטהאָן זיין ווייטער טהייל. אַזוי ציטערען אַלע איברים, ווען דאָס האַרץ ווערט אַפעקטירט. דער פאָלקס־חוש, וועלכער שטעהט אימער ווי אַ טרייער שומר אָנצוזאָגען די געפאַהר, האָט מיטגעטהיילט דער אַמעריקאַנער יודענהייט פון דעם גרויסען חורבן אויף יענער זייט ים נאָך איידער עס זיינען אָנגעקומען וועגען דעם די אָפיציעלע ידיעות. דער פאָלקס־חוש — דאָס איז די דראָטלאָזע טעלעגראַפיע אין לעבען פון די פעלקער, און אין מאָמענטען פון סכנה ווערט ער די וועקענדע קראַפט. דיעזער פאָלקס־חוש האָט אויך אויפגעוועקט די אַמעריקאַנער יודענהייט. זי האָט תופס געווען, אַז דאָ האַנדעלט זיך וועגען עטוואָס מעהר ווי ברויט פאַר דעם הונגעריגען און אַ בגד פאַר דעם נאַקעטען, אַז דערמיט אַלײן וועט די אַמעריקאַנער יודענהייט ניט יוצא זיין, דער חלק וועט ניט דערפילען זיין חוב, וואָס די גרויסע שעה לעגט אויף איהם ארויף בנוגע צום גאַנצען.

אין גאַס האָט מען געזאַמעלט נדבות פאַר „דעם לעבעדיגען אויף ברויט“, פאַר „דעם טויטען אויף תכריכים“. מען האָט פעראַנשטאַלטעט פערזאַמלונגען און אַפּעלירט צום עלעמענטאַרען רחמנות־געפיהל. מען האָט אָבער געקאָנט מערקען, אַז טיעף אין דער אידישער נשמה האָט זיך איינגענעסטעט אַן ערנסטערע, טיעפערע דאגה, די גרויסע דאגה וועגען דעם אידישען קיום. איינצעלנע מענשען קאָנען זיך שאַפען טרייסט־טהעאָריען, אַ פאָלק פערהאַלט זיך אַנדערש צו זיין איינענער צוקונפט; אַ פאָלק פערשטעהט, אַז מיט דעם פערשווינדען פון די שאַפענדע כחות קומט אָן די נסיסה, און אַ פאָלק וויל קיין מאָל ניט אונטערגעהן; עס קעמפּפט און עס ראַנגעלט זיך געגען דעם גייסטיגען אונטערגאַנג מיט דער זעלבער ענערגיע ווי געגען דער פיזישער פערניכטונג.

און דאָ איז געבאָרען אין דער אַמעריקאַנער יודענהייט דער

גרויסער געראנק פון דער אידישער נאציאנאלער רעטונג, ניט נור דורך נדבות פאר די ליידענדע, נאר אויך דורך דעם וואס אמעריקא וועט איבערנעהמען אויף זיך די העכערע נאציאנאלע התחייבות'ען. מען האט אנגעהויבען שטארק צו רעדען, אין די אינטעליגענטערע אידישע קרייזען, וועגען דער ענטשטעהונג פון א אידיש-קולטורעלען צענטער אין אמעריקא. דערביי האט גע־שפיעלט א גרויסע ראלע דער אומשטאנד, וואס צוליעב דער מלחמה איז אמעריקא מיט אמאל רייך געווארען מיט אנגעפאהרענע אידישע שאפענדע כחות. פון אלע אייראפעאישע שאצקאמערען האט גע־שטראמט דאס גאלד אין די אמעריקאנישע באנקען, און פון אלע אידישע צענטרען, אין אייראפא און אין ארץ־ישראל, האט גע־שטראמט נאך אמעריקא די אידישע אינטעליגענץ. אויף דער אידישער גאס איז געווארען לעבעדיגער, עפטער און מיט מעהר בעטאנונג האט מען אנגעהויבען צו רעדען וועגען די אידישע נא־ציאנאלע אויפגאבען, ערנסטער און טיעפער האט מען זיך אנגעהויבען צו בעציהען צום אידיש־נאציאנאלען פראבלעם. עס האבען אויפגעפלאקערט די ליידענשאפטען, און אויך די אמעריקא־ניש־אידישע וועלט האט זיך פונאנדערגעטיילט אויף צוויי מחנות. די נאציאנאלע פראגע, וועלכע איז אין אמעריקא ביז פאר א קורצער צייט בעהאנדעלט געווארען נור ווי א ווייטע פראגע, אלס א בת־קול פון דער מחלוקת, וואס קומט פאר אין דער אייראפעאישער וועלט, האט זיך צוגערוקט נעהנטער צום אמעריקאנער אידען, אדער, וואס איז אלץ איינס, דער אמעריקאנער איד האט זיך צוגערוקט נעהנטער צו דער פראגע, ער האט בעקומען צו איהר מעהר אונמיטעלבארע שייכות.

און דא קומען מיר אויך אין אונזערע בעטראכטונגען נעהנטער צו דער הויפט־פראגע:

ווי שטעהט עס מיט די סוביעקטיווע בעדינגונגען, וועלכע זיינען נויטיג פאר דער ענטשטעהונג פון א אידישער קול־טורעלער צוקונפט אין אמעריקא? מיט אנדערע ווערטער: טראגט אין זיך די אמעריקאנער יודענהייט א גענוג שטארקען ווילען צו אן איינענער צוקונפט? און אויב זי טראגט יא אין זיך

אזא ווילען — בעזיצט זי נענוג שאפונגס־קראפט, כדי צו פער־ווירקליכען דעם ווילען, ארויסצוברענגען איהם מכח אל הפועל?

עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז כדי צו געבען א ריכטיגע תשובה אויף דיעזער פראגע מוזען געמאכט ווערען צוערשט גרינד־ליכע פאר־שטודיען, מוז צוערשט געזאמעלט ווערען פיעל מאטעריאל וועגען דער אידישער ענטוויקלונג אין אמעריקא אין די לעצטע פופציג יאהר. דאס געזאמעלטע און געארדענטע מאטעריאל קאן ערשט דיענען אלס גרונדלאגע פאר די ווייטערע בעטראכטונגען. ליידער איז נאך דאס ווערק, דאס א ו מ פ א ס ע נ ד ע ווערק איבער דער געשיכטע פון דער אידישער ענטוויקלונג אין אמעריקא נים ערשיענען. עס זיינען ביז איצט ערשיענען נור צוויי ביכער אויף דיעזען געביעט, אוןביידע קאנען בעטראכט ווערען נור אלס מאנאגראפיען, ווייל זיי בעשעפטיגען זיך אויסשליסליך מיט דער געשיכטע פון דער ענטוויקלונג פון ב ע ש ט י מ ט ע ג ר ו פ ע ן פון דער אמעריקאנער יודענהייט. איין בוך בעהאנדעלט די רעפארם־בעוועגונג, איהר ענטשטעהונג און ענטוויקלונג, און דאס צווייטע בוך בעהאנדעלט די ענטשטעהונג און די ענטוויקלונג פון דער אידישער ארבייטערשאפט אין אמעריקא. דער לעזער וועט דעריבער מיר מוחל זיין, אויב איך געה צו דערוווייל צו דער פראגע אויפ'ן גרונד פון דעם קנאפ־נעגעבענעם מאטעריאל און אויפ'ן גרונד פון מיינע פערזענליכע בעאבאכטונגען, וועלכע איך האב געהאט די געלעגענהייט צו מאכען אין אמעריקא, און וועל ארויס־זאגען מיין אורטהייל נור אין דער פארם פון שיינבארע מיינונגען, און דאס אויך נור גאנץ קורץ.

צוויי פערשיעדענע גרופען, דיאמעטראל ענטגעגענגעזעצט אין זייער בעשעפטינונג, ראדיקאל פערשיעדען אין זייערע אידעאלען, שטרעבונגען און ציעלען, האבען געשפיעלט די ראלע פון דעם הויפט־פאקטאר אין דער ענטוויקלונג פון דער אמעריקאנער יודענ־הייט. פון איין זייט די ד י י ט ש ־ א י ד י ש ע גרופע, די עקאנאמיש שטארקערע, די טאן־אנגעבענדע, און פון דער אנדער זייט די ר ו ס י ש ־ א י ד י ש ע (אין איהר געהען אויך אריין די פוילישע און גאליצישע עלעמענטען) ארבייטער־גרופע, שטארק

אין צאַהל, קרעפטיג אין עקזיסטענץ־קראַפט דורך אַ גוט אויס־
געבויטער אָרגאַניזאַציאָן.

די אידישע אַקטיוויטעט פון דער דייטשער גרופּע האָט זיך
אויסגעדריקט אויף צוויי געביעטען פון דעם אידישען עפענטליכען
לעבען, אויף דעם צדקה־געביעט און אויף דעם רעליגיעזען געביעט.
אויף דעם צדקה־געביעט איז די טהעטיגקייט פון דער גרופּע געווען
אַ פּאָזיטיווע, ווי ווייט יעדע צדקה־אַרבייט איז פּאָזיטיוו. אויף
דעם רעליגיעזען געביעט דערפאַר — אַ ריין נעגאַטיווע. די גאַנצע
רעפאָרם־בעוועגונג איז דיקטירט געוואָרען ניט פון אַ דראַנג נאָך
נייע רעליגיעזע אידעאַלען, נאָר פון אַן אַ נ פּ אַ ס ו נ ג ס ־ ד ר אַ נ ג
צו דער אַרומיגער סביבה. זי האָט דעריבער זיך בעמיהט אָבצו־
שאַפען פון יודענטהום אַלעס, וואָס עראינערט אָן זיין אָ ו ר ־
שפּרונג, אָן זיין אָ ר י ע נ ט אַ ל י ש ע ן ח אַ ר אַ ק ט ע ר.
די היסטאָרישע פערגאַנגענהייט, און אַלעס וואָס איז פערבונדען
מיט איהר, איז ערקלעהרט געוואָרען אַלס אָבגעלעבט און פּסול.
מען האָט אַרויסגעצויגען פון דער אידישער רעליגיאָן אַלע איהרע
פ אָ ל ק ס ט ה י מ ל י כ ע עלעמענטען, אָבגעווישט דעם גלאַנץ
פון איהר פאָלקלאָר, מיט וועלכען זי איז אַרומגערינגעלט פון די
עלטעסטע צייטען, און איבערגעלאָזען אין איהר נור די טרוקענע
עיקרים פון דעם מאָנאָטהעאיסטישען גלויבען. אויף אַזאַ אופן
האָט מען פערוואַנדעלט אַ זאַפטיגע רעליגיאָן אין אַ טרוקענעם
גלויבען. יעדער פערשטעהט, אַז די בעגריפע רעליגיאָן און גלויבען
דעקען זיך ניט, ווייל רעליגיאָן איז פיעלזייטיגער און אומפאַסענדער
ווי דער פאָרמעלער גלויבען אין עיקרים. די רעפאָרם האָט זיך
צו'נס מיט דער אידישער היסטאָרישער פערגאַנגענהייט ניט צוליעב
שנאה צו איהר גופא, נאָר ווייל זי האָט געציטערט פאַר דעם
געדאַנק פון אַ ן א י י נ ע נ אַ ר ט י ג ע ר א י ד י ש ע ר צ ו ־
ק ו נ פ ט. און דאָס האָט זי בעגריפען זעהר ריכטיג, אַז כל זמן אין
אַ פאָלק איז וואך זיין פערגאַנגענהייט, וועט זי ווירקען שטערענד
אויף די געשטאַלטונג פון זיין צוקונפט. זי וועט שטענדיג מאַהנען,
זי וועט שטענדיג קומען מיט איהרע אייגענע פאָדערונגען, און עס
וועט זיין אַ שאַפען פול פון אינערע סכסוכים אָהן זעעלישע רוה.

פאר ציון און ירושלים האָט די רעפאָרם מורא געהאַט, ווי דער ס"ם פאר ווייהרויך. זי האָט ריכטיג אָבגעשאצט די סכנה, וואָס ליעגט אין די צוויי ווערטער, נאָך איידער דער היסטאָרישער ציון־און ירושלים־אידעאל האָט אָנגענומען קאָנקרעטע פאָרמען און איז געוואָרען אַ פּאָליטישע בעוועגונג אין מאָדערנעם יודענטהום.

דעריבער מוז די נאנצע רעפאָרם־בעוועגונג בעטראַכט ווערען פון אידיש־נאציאָנאלען געזיכטס־פונקט ניט אלס אַן ענטוויק־לונגס־פּראָצעס, נאָר אלס אַ פּראָצעס פון אָ ב וו י ק ל ו נ ג. זי האָט אויסגעפּאָמפּט דעם אינהאַלט פון דער אידישער נשמה. אין די אלטע אידישע געזעצען ווענען די פערזאָרגונג פון די אָרי־מע, איז דאָ אַ דין, אז פערגעסענע גארבען אויפ'ן פעלד געהערען דעם אָרימאַן, דער אלמנה, דעם יתום. דער בעל־הבית פון פעלד טאָר זיך ניט אומקעהרען נאָך די פערגעסענע גארבען. אַ שעה־נער מנהג, פאָרמולירט ווי אַ דין. די מצוה הייסט ש כ ח ה, ד. ה. פערגעסען. אין חדר פלעגט אַמאָל דער רבי פרעגען אַ רעטעניש: וועלכע מצוה קאָן מען נ י ט מקיים זיין, ווען מען וויל זי מקיים זיין, סיידען נ י ט ווילענדיג? די איננלעך מיט די שארפע מוחות פלעגען דערויף ענטפערען: די מצוה פון ש כ ח ה. די רעפאָרם האָט דערהויבען די מצוה פון שכחה צו דער העכסטער מדרגה, זי האָט געפּערעדיגט „פ ע ר־ג ע ס ע ן", און דוקא ווילענדיג, מיט כונה. די אידישע „עם־הארצות" אין די העכערע קרייזען איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג, און ווען ניט דער איינוואַנדערונגס־שטראָם פון מזרח־אייראָפּא — ווער ווייס? אפשר וואָלט שוין איצט געווען איבריג צו רעדען ווע־גען אַ אידישער צוקונפט אין אמעריקא.

פון דער אנדערער זייט האָט בעאיינפלוסט די אידישע ענטוויק־לונג אין אמעריקא די אָרגאניזירטע ארבייטערשאַפט. די אידישע ארבייטערשאַפט, ווי יעדע אנדערע פאָלקסמאַסע, האָט אָהן קיין שום צווייפעל נעטראָגען אין זיך לעבעדיגע, שאַפענדע פ אָ ל ק ס־ט י מ ל י כ ע כחות. אלס אַ מאַסע האָט זי ניט געקאָנט ווע־רען אונטריי דעם אידישען פאָלקסגייסט, אָדער גאָר אָבהייסען זיך פון די היסטאָרישע פאָלקסאידעאלען. ליידער אָבער איז אויך איהר

ענטוויקלונג נעגאנגען אויף קרומע וועגען. ערשטענס האָט זי ניט געהאט קיין כח צו קעמפפען אין גלייכער צייט אי פאר דער מאטעריעלער עקזיסטענץ, אי פאר א גייסטיגער ענטוויקלונג, וועלכע זאָל זיין דער „ה מ ש ך“ פון איהר היימישער ענטוויקלונג. צווייטענס האָט זי ניט געהאט די ריכטיגע פיהרער. מען דארף ניט פערגעסען, וועלכער גייסט האָט געהערשט מיט דרייסיג און נאָך מיט צוואנציג יאָהר צוריק אין די אינטעליגענטע אידישע קרייזען, וועלכע האָבען זיך בעשעפטיגט הויפטזעכליך מיט סאָציאלע פראגען. מען דארף ניט פערגעסען, אז די מאָדערנע בונדיסטען זיינען אין פערגלייך מיט די אמאָליגע אידישע ארבייטער־פיהרער פשוט אָרטאָדאָקסע רבנים. די אמאָליגע פיהרער, ווען די לאגע האָט זיי נעצוואונגען צו פערבלייבען אין אידישען קרייז און צו בעשעפטיגען זיך מיט ריין אידישע פּראָבלעמען, האָבען בעקעמפפט די אידישע פערגאנגענהייט און די אידישע צוקונפט מיט ניט ווענינגער ענערגיע ווי די רעפאָרמירטע רבנים. מיט די פאָר טראָפּען אויפקלערונג, וואָס זיי האָבען אריינגעטראָגען אין די אידישע מאסען, האָבען זיי אריינגעבראכט גאנצע פעסער פון נאציאָנאלע הפקרות און צולאָזענקייט. עס איז ערקלעהרט געוואָרען אן אונבארמהערציגער קאמפף ניט נאָר נעגען דעם אידישען גאָט, נאָר נעגען אלעס, וואָס דער אידישער גייסט האָט פּראָדוצירט אויף דעם וועג פון זיין לאנגער ענטוויקלונג. אפילו די אידישע שפראך — איך רעד שוין ניט פון דער העברעאישער שפראך און ליטעראטור — איז געברויכט געוואָרען נאָר אלס א מיטעל צו פרעדיגען אין איהר איהר אייגענעם אונטערגאנג. דאָס איז דער וויטסטער פונקט פון פערניינונג.

דער סך הכל איז ווידער נעווען וואקסענדע „עם הארצות“ און נאציאָנאלע פערגרעבטקייט. דאָס הייליגסטע פון דעם גייסטיגען פּאָלקס־פערמעגען איז פערשוועכט געוואָרען, און דער אידישער גייסט, וועלכער לעבט אימער אין די מאסען, איז נעלעגען ווי ברענענדע קוילען אונטער אש.

יעדער מוז צוגעבען, אז „עם הארצות“ איז א שלעכטער פונדאמענט פאר דעם אויפבוי פון א אידישער צוקונפט. עם־הארצות

איז אונזער גרעסטער שונא, גרעסער פאר דער קראפט פון דעם פרעמדען אנטיסעמיטיזם, ווייל דער אנטיסעמיטיזם בעקעמפפט אונז פון דרויסען, די עם הארצות אָבער ענבערט זיך איין אין אונזער אייגענעם אָרגאניזם און גראָבט זיך אונטער אונטער דעם סעמיטיזם פון אינוועניג.

דער צושטאנד האָט אָבער גיט געקאָנט דויערען צו לאַנג. ער האָט געהאט זיין בערעכטיגונג נור אלס איבערגאנגס־צושטאנד. פון ביידע זייטען, וועלכע האָבען ארומגעקלאמערט די אידיש־אמעריקאנישע יודענהייט, פון דער רעפאָרמירטער זייט און פון דער זייט פון אידישע ארבייטער־מאסען, הויבט זיך אויף איהר אייגענע יוגענד, וועלכע איז אליין ערצויגען געוואָרען אויף דער רעפאָרם־אידעאָלאָגיע. אנקעגען די ענטנאציאָנאליזירענדע ארבייטער־פיהרער הויבען זיך אויף די מאסען און צווינגען די פיהרער צו ענדערען זייער פערהאלטען צו דעם אידיש־נאציאָנאלען פראָבלעם. דער פראָטעסט קעגען די רעפאָרם דריקט זיך נים אויס אין דער אומקעהרונג צו דער אָרטהאָדאָקסיע, ער דריקט זיך אויס אין דער גרינדונג פון יוגענד־אָרגאניזאציאָנען, וואו מען הויבט אָן צו לערנען און צו שטודירען די אידישע פערגאנגענהייט און זיך מעהר פערטיעפען אין די פראָבלעמען פון דער אידישער צוקונפט. דאָס, וואָס די רעפאָרם האָט מקבר געווען, שטעהט אויף תחית המתים. די אידישע מאסען פערלאנגען די אָרגאניזירונג פון די אידישע כחות אויף א נ א צ י אָ נ א ל ע ר ב א ז י ס. דאָס, וואָס די פיהרער האָבען געזוכט אָבצושוואכען אין זיי, ערוועקט זיך מיט דאָפעלטער קראפט.

מען קאָן נים וויסען, ווי ווייט עם וועט זיין שטארק אין אמעריקא דער אידישער פאָלקס־ווילען, ווי ווייט עס וועט רייכען די שאפענדע קראפט פון דער אמעריקאנער יודענהייט — איינס איז אָבער קלאָר געוואָרען אין דער לעצטער צייט: עס בעשטעהט אין אמעריקא די מעגליכקייט פון אן אייגענער קולטורעלער אידישער צוקונפט, אפשר נים קלענער מיט דער צייט ווי אין די עלטערע גלות־לענדער.

## III

איידער מיר נעהען צו צו דער פאָרמולירונג פון די התחייבות'ען, וועלכען מיר מוזען אויף זיך נעהמען און ערפילען, ווען מיר ווילען העלפען דער שאפונג פון א קולטורעלער אידישער צוקונפט אין אמעריקא, געפינען מיר פאר נויטיג מקדים צו זיין נאָך איינינע ווערטער, כדי צו פערמיידען ערווידערונגען און איינווענדונגען, וועלכע בערוהען מייסטענס אויף דעם שלעכט אויסגעטייטשטען בעגריף פון „אן אייגענער קולטורעלער ענטוויקלונג" און זעהר אָפט אויף א בכיוון'דיגער פערדרעהונג פון דעם בעגריף.

רעדט מען מכח אן אייגענער אידישער קולטורעלער ענטוויקלונג אין אירגענד א לאנד, אפילו דאָרט, וואו די אידען לעבען צוזאמען אין קאָמפּאקטע מאסען און בילדען א בעדייטענדע מינאָריטעט אין ערך צו דער גען זאמט בעפעלקערונג, מעלדען זיך גלייך די געשווארענע אסימילאטאָרען, די וואָס זעהען די איינציגע אידישע רעטונג אין אונטערגאנג און פערשווינדונג, מיט זייערע אלטע טענות: איהר ווילט זיך ווידער אבזונדערען, בויען א מחיצה צווישען זיך און דער ארומיגער וועלט. איהר ווילט ווידער זיך אויסשליסען אנשטאָט זיך אנצושליסען אן דער אלגעמיינער קולטור און פערשמאָלצען ווערען מיט דער צייט מיט דער הערשענדער נאציאָן. איהר ווילט בויען א שטאאט אינ'ם שטאאט! זיי, די געשוואָרענע אסימילאטאָרען, מוז מען איין מאָל פאר אלע מאָל געבען א קלאָרע תשובה, אז זיי פערשטעהען ניט דעם פירוש המלות פון קולטורעלער ענטוויקלונג, האָבען א גאנץ פאלשע פאָרשטעלונג פון דעם בעגריף אויסשליסונג און אנשליסונג און מישען צוזאמען אין איין טאָפּ דעם בעגריף פאָלק, נאציאָן און שטאאט. מען מוז זיי ערקלעהרען איין מאָל פאר אלע מאָל, אז זיי בעווענען זיך אין א קרייז פון פעראַלטעטע אָבגעטראָגענע און ווידערלעגטע בילינע אידעען, און אז עס איז נויטיג פאר זיי, איידער זיי נעהמען אויף זיך די מיסיאָן פון לעהרער און וועגווייזער, אליין ארויסצוגעהן פון דער זאק־גאס, וואוהין זיי זיינען פערקראָכען און דערגרייכט דעם טויטען פונקט.

אקצעפּטירען בלינד א פּרעמדע קולטור, אָננעהמען בלינד א פּרעמדען געשמאַק, נאָכטאַנצען בלינד פּרעמדע זיטען — נאָר פּער־בלענדעטע קאָנען דאַרין זעהן אַן ערשיינונג פון אָנשליסונג. ביי גענויער אַנאַליזע מוז יעדער קומען צום בעשלוס, אַז אַזאַ האַנדלונג בעדייטעט ניט זיך אָנשליסען אָן דער פרעמדער סביבה, נאָר חנפ'ענען די פרעמדע סביבה. חניפה אָבער קאָן ניט האָבען קיין ערפאָלג. ווייל דער וואָס בעקומט די חניפה, וועז אפילו זיין עהרגייץ ווערט אויף א ווײַלע געקיצעלט דורך איהר, פיהלט זיך דאָך סוף כל סוף אָבגענאַרט און בעטראָגען. ווייל מען זיך ערנסט אָנשליעסען אָן א פרעמדער סביבה, מוז מען אַרייַנגעהן ווי א שותף. מיט אַנדערע ווערטער — מען מוז אַרייַנטראָגען אַן אייגענעם חלק אין דעם אַלגעמיינעם אוצר פון דער סביבה. ווי קאָן מען אָבער אַרייַנטראָגען אַן אייגענעם חלק, ווען מען געהט אין דער חניפה אַזוי ווייט, אַז מען זאָגט זיך אָב פון דעם אייגענעם כאַ־ראַקטער און מען פערוואַרפט דעם אייגענעם אינהאַלט? וואָס קאָן מען געבען דעם אַנדערען, ווען מען פערוואַנדעלט זיך אַליין אין א לעדיגע כלי?

אין דערין בעשטעהט דער הויפּט־פעהלער, וואָס די אידישע אַסימילאַציאָן האָט געמאַכט, אפילו פון איהר אייגענעם שטאַנד־פונקט. מיט איהר אייביגער חניפה, האָט זי זיך מודה געווען, אַז זי גיט נאָר ניט און וויל נור נעהמען.

ניט וועניגער געפעהרליך ווי די חניפה פון די אַסימילאַטאָרען, איז זייער שטענדיגע בעטאָנונג וועגען דעם פונקט „שטאַאַט אין׳ם שטאַאַט". די וואָפע האָבען זיי פשוט אַרויסגענומען פון אַנטי־סעמיטישען אַרסענאַל און שפּיעלען זיך מיט איהר ווי מיט א שפּאָנעל נייער, בשעת זי איז פול מיט פּנימות. קיינער אין דער וועלט פערוועקסעלט ניט מעהר דעם בעגריף פאָלק, נאַציאָן און שטאַאַט. יעדער מאָדערנער מענש קען זייערע גרעניצען און פערשטעהט, אַז נור די הערשענדע נאַציאָנען קאָנען פערלאַנגען אָדער זאָגאַר פאָדערען פון די קלענערע נאַציאָנאַלע גרופּען די אויפגעבונג פון זייער נאַציאָנאַלער אייגענאַרט, אויס

ענגהערציגקייט און נאציאָנאַלען ענגאַאיזם. דער שטאַאט אָבער אַלס אַזעלכער, ווען ער שליעסט איין אין זיך פערשיעדענע נאַציאָנאַלע גרופּען, מוז אין זיין איינגענעם אינטערעס העלפען אַלע גרופּען, אַז זיי זאָלען ארויסגעבען פון זיך דאָס בעסטע, וואָס זיי טראָגען אין זיך. אמת, מיר זעהען אין לעבען, אַז דער שטאַאט פאַלט ארונטער אונטער די השפעה פון דער הערשענדער נאַציאָנאַליטעט און ווערט געקנעכטעט פון איהר. דאָס איז אָבער ניט דער אידעאַלער צושטאַנד פון אַ שטאַאט, און די בעסטע גייסטער בעמיהען זיך צו בעפרייען דעם שטאַאט גופא פון זיין געפאַנגענשאַפט ביי דער הערשענדער נאַציאָן. דאָס געשריי „שטאַאט אין שטאַאט" איז ניט קיין שטאַאטליכעס געשריי, דאָס איז אַ געשריי פון דעם אויפגערייצטען, צופלאַקערטען שאָוויניזם פון די תקיפ׳דיגע גרופּען, און מען העלפט נור דער ברוטאַ־ליטעט פון די הערשענדע גרופּען, ווען מען בענוצט זיך מיט אַזעלכע מאָטיוועז. די איינהייט פון דעם שטאַאט בעשטעהט ניט אין דער ניוועלירונג פון די פערשיעדענע נאַציאָנאַלע עלעמענ־טען, זיין גליק איז ניט ענטהאַלטען אין דער אונטערדריקונג פון די מינאָריטעטען, אויך אויף דעם געביעט פון דער קולטורעלער ענטוויקלונג, כדי צו פערהעלפען דער מאַיאָריטעט אין איהרע שאָוויניסטישע בעשטרעבונגען.

ליידער האָט מען זיך ביי אונז פערהאַלטען צו דער גאַנצער מחלוקת צווישען דער בעיאַהונג און דער פערניינונג פון דעם אידישען איך, אין זיין ווייטעסטער בעדייטונג, צו לייכטזיניג. מען האָט אין איהר, אין דער מחלוקת, געזעהן הויפּטזעכליך אַ טהעאָרעטישען שטרייט, און ווען מען האָט שוין איהר צוגעגעבען פּראַקטישע בעדייטונג, האָט מען דאַן געגלויבט, אַז זי האָט אַ בעדייטונג נור פאַר אונזער אינערעס לעבען, זי האָט אָבער ניט צו טהון מיט דער געשטאַלטונג פון די בעציהונגען צו אונז פון דער ארומיגער וועלט. דאָס איז געוועזען אַ שרעקליכער טעות, אין וועלכען פיעלע פון אונז לעבען נאָך עד היום. ווער עס האָט זיך אינטערעסירט מיט די געגענווערטיגע בעציהונגען פון דער גרויסער וועלט צו אונז, ניט ווי ווייט זיי שפּיעגלען זיך אָב אין דער האַלב־

טהעאָלאָגישער, אסימילירטער אידישער פרעסע, נור אין דער פּאָר־נעהמסטער פרעסע פון די קולטור־נאַציאָנען — מוז צונעבען, אז די אסימילאַטאָרישע אידעאָלאָגיע, מיט וועלכער אליין די גרויסע וועלט איז געווען בעקאַנט, האָט פערדאָרבען דיזע בעציהונגען, ווייל זי האָט ארויסגעשטעלט דאָס גאנצע אידישע פאָלק אין נעגאַטיווען ליכט. און איצט איז געקומען די נקמה. מען איז זיך נוקם אָן אונזער גייסט, מען וויל גיט אנערקענען זיין גלייכ־בערעכטיגונג, מען וויל זיך מיט איהם ניט רעכענען. דאָס איז א דירעקטער רעזולטאט פון דעם אסימילאציאָנס־פּזמון, מיט וועל־כען אונזערע אייגענע פאַרשטעהער האָבען פערקלונגען די גאנצע וועלט.

די אמעריקאנער יודענהייט, גראָד ווייל זי איז די יונגסטע אונטער די אידישע גרופּען בנוגע דער ארומיגער סביבה, גראָד ווייל די אסימילאציאָן האָט נאָך ניט געהאט קיין צייט צו פער־דארבען אין גאנצען די בעציהונגען פון דער סביבה צו איהר ווי זי האָט עס פארטיג געבראכט אין דער אלטער וועלט; ווייל גראָד זי האָט די מעגליכקייט צו זעהן שוין די פארטיגע רעזולטאטען, צו וועלכע די אסימילאטאָרישע שיטה האָט געפיהרט, און ווייל זי בעשטעהט פון ניין־צעהנטעל פון איסט אייראָפּעאישע עלעמענ־טען — די אמעריקאנישע יודענהייט, זאָג איך, האָט נאָך די מעגליכקייט אָנצוצייכענען פאר זיך א נייעם ענטוויקילונגס־וועג, וועלכער זאָל זי פיהרען אָנשטאָט צו נאציאָנאלער חרפה — צו אמת'ער גלייכבערעכטיגונג אין דער געזעלשאפט, אָנשטאָט צו גייסטיגער קנעכטשאפט — צו ווירדיגער מענשליכער פרייהייט.

---

## IV

געוויס עקזיסטירען אייזערנע געזעצען אין דער געשיכטע. געוויס געפינען מיר זיך אלע, אָהן אן אויסנאהם, אונטער דער שליטה פון א היסטאָרישער נויטווענדיגקייט, וועלכע רעגולירט אונזער לעבען און בעשטימט אונזער גורל. די אייזערנע געזעצען

פון דער געשיכטע און די היסטאָרישע נויטווענדיגקייט פיהרען אָבער ניט צום פאַטאַליזם און זיינען, בשום אופן, ניט מבטל דעם פרייען ווילען אין אונזערע האנדלונגען און אין אונזער שטרעבען. פונקט ווי מיר ווארפען זיך ניט אונטער בלינד און אָהן וויעדער־שטאַנד אונטער די עלעמענטארע נאטור־כחות און בעמיהען זיך, אדרבא, זיי צו בעקעמפפען און צופּטמאַל זאָגאר שפאנען מיר זיי איין אין אונזער וואָגען און זיינען גוזר אויף זיי צו נעהן אין דער ריכטונג, וועלכע מיר האָבען זיי אויסגעוועהלט — פונקט אזוי זיינען מיר אימשטאנד, דורך די אָנווענדונג פון אונזער ווילענס־קראַפט, אויסצונוצען זאָגאר די היסטאָרישע נויטווענדיגקייט צו אונזער טובה. נאָכמעהר, דער מענשליכער ווילען, דער רצון, דארף ניט בעטראכט ווערען אלס אַן אנטאַגאָניסטישע קראפט, אלס א געגנערישער כח, וועלכער מוז פיהרען א שטענדיגע מלחמה מיט דער היסטאָרישער נויטווענדיגקייט. דער מענשליכער ווילען איז אליין איינער פון די הויפט פאקטאָרען, וועלכע ווירקען אין און בעשטימען דעם היסטאָרישען פּראָצעס. אלס א רעזולטאט פון דיעזער ווירקונג נעהט ארויס די היסטאָרישע נויטווענדיגקייט. ממילא קומט אויס, אז צווישען דער היסטאָרישער נויטווענדיגקייט און אונזער פרייען ווילען איז ניטאָ קיין אינערע סתירה, ווייל זייער געגענזייטיגעם פערהעלטנים איז ניט ווי צווישען שונאים אָדער קאָנקורענטען, נאָר ווי צווישען שותפים.

ניט דאָ איז דער פּלאַץ טיעפער אריינצוגעהן אין דער וויעדער־לעגונג פון דעם שיינבארען קאָנפליקט צווישען דער היסטאָרישער נויטווענדיגקייט און דעם פרייען מענשליכען ווילען. די פראגע האָט אָבער געמוזט בעריהרט ווערען, ווייל מיר ווילען דאָ רעדען מכח דער בעטהייליגונג פון אונזער ווילען אין דער שאפונג פון א אידישער צוקונפט דאָ אין אמעריקא, ווי ווייט זי איז מעגליך ביי די הערשענדע אָביעקטיווע און סוביעקטיווע בעדינגונגען, יענע וועלכע מיר האָבען גערעדט אין די פריהערדיגע קאפיטלען. עס איז אבסאָלוט נויטווענדיג דערביי פעסטצושטעלען, אז אלע פעלקער און אלע נאציאָנען ווערען געלייטעט אין זייערע האנדלונגען בנוגע דער געשטאלטונג פון זייער אייגענער צוקונפט פון א פרייען

ווילען. זיי פערלאָזען זיך ניט אויף דעם פון זיך אליין ענטוויק־לענדען היסטאָרישען פּראָצעס. זיי זוכען איהם גופא צו בעאיינ־פלוסען דורך האנדלונגען, דיקטירט פון זייער ווילען. זיי ווילען ניט נור לעבען אין דער געשיכטע, זיי ווילען מ א כ ע ן געשיכטע.

און דאָס וואָס איז מאסגעבענד פאר אלע פעלקער מוז אויך זיין מאסגעבענד פאר אונז. דער אומשטאנד, וואָס ביי אונז פעהלען, אין פערגלייך מיט די אנדערע פעלקער, פיעלע בעדינ־גונגען, וועלכע מאכען מעגליך א פרייע, אונגעשטערטע ענטוויק־לונג, טאָר ניט ווירקען אויף אונז אָבשרעקענד און טאָר אונז ניט פעראנלאזען, אז מיר זאָלען מוחל זיין אויף די וועניגע מעגליכ־קייטען, וועלכע זיינען געבליבען פאר אונז. אונזער ריכטשנור מוז זיין די זעלבע ווי ביי אלע פעלקער — אונזער פרייער ווילען.

מיר הויבען דעריבער אָן, ווי מען איז זיך נוהג ביי דער בע־האנדלונג פון דיזעלבע פּראָבלעמען אין דער גאנצער וועלט, פון דער ערציהונגס־פראגע. זעלבסטפערשטענדליך, וועלען מיר דאָ ניט אויפשטעלען א דעטאלירטעס פּראָגראם. מיר וועלען דאָ מעהר ניט ווי פעסטשטעלען די יסודות, אויף וועלכע א אידישע צוקונפט קאָן דאָ אין לאנד געבויט ווערען און אָהן וועלכע זי איז אונדענקבאר. די איינצעלהייטען געהען ארויס פון די עיקרים, און זיי קאָנען מאָדיפיצירט ווערען יעדעס מאָל ווען עס ענדערען זיך די בעדינ־גונגען. די עיקרים אָבער בלייבען פעסט, איינמאָל פאר אלע מאָל.

יעדעס אידישע קינד דארף ניט בלייבען אָהן א אידישע ערציהונג. די אלגעמיינע אמעריקאנישע ערציהונג, וועלכע ווערט געגעבען אין דער פאָלקס־שולע און נאכהער אין דער העכערער שולע, טאָר בשום אופן ניט בעטראכט ווערען אלס אויסרייכענד. דאָס אידישע קינד טאָר ניט פערליערען דעם צוזאמענהאנג מיט זיין פאָלק. עס מוז קענען די פערגאנגענהייט און די געגענווארט פון זיין פאָלק, כדי עס זאָל ניט געהן פערלאָרען פאר די אידישע צוקונפט. עס מוזען דעריבער געשאפען ווערען איבעראל נאָכ־מיטאָג־שולען אין א גענינענדער צאָהל, וועלכע זאָל קאָנען מ ש ל י ם ז י י ן די אלגעמיינע פאָלקס־שולע, און וואו דאָס אידישע קינד זאָל האָבען די מעגליכקייט בעקאנט צו ווערען מיט דער געשיכטע,

ליטעראטור און קולטור פון זיין פאָלק. מיר ווייסען גאנץ גוט, מיט וועלכע אָפּפער די גרינדונג פון נאָכמיטאָג־שולען זיינען פער־בונדען. מיר פערשטעהען דארונטער אי געלד־אָפּפער, אי צייט־אָפּפער. געלד־אָפּפער פאר די עלטערען און צייט־אָפּפער פאר די קינדער. מיר גיבען זיך אָב אַ קלאָרען חשבון, וואָס פאר אַ לאסט עס ווערט דערמיט ארויפגעלעגט אויף דעם אמעריקאנער אידען. און דאָך קאָן מען אין דער הינזיכט ניט איינגעהן אויף פשרות און הנחות. עס איז עטהישער, אי אפילו צוועקמעסיגער פאר דעם איינצעלנעם מקריב צו זיין אַ חלק פון זיין פערמעגען און פון זיין צייט פאר די צוקונפט פון זיין פאָלק, איידער מקריב צו זיין די פאָלקס־צוקונפט צוליעב זיין פאָרטייל אין דער געגענוואַרט. שליעסליך, איז דער מענש ניט נור אַן עס־מאַשין, און דער מאָגען און די קעשענע זיינען ניט די איינציגע בעשטימענדע פאקטאָרען פון דעם מענשליכען גליק. דאָס העכסטע גליק איז שטענדיג פער־בונדען מיט דער אכטונג, וועלכע דער איינצעלנער געניסט אין דער געזעלשאפט, און דער וועג צו אכטונג פיהרט דורך זעלבסט־אכטונג. כדי אָבער צו דערגרייכען די מדרגה פון זעלבסט־אכטונג מוז מען קודם כל קענען דאָס „זעלבסט", וועלכעס מען זאָל אכטען, און דאָס „זעלבסט" פון דעם איינצעלנעם וואָרצעלט טיעף אין זיין צוגעהעריגקייט צו אַ בעשטימטען שטאם, פאָלק, נאציאָן. יוען מיר וואָלטען געהאט די מעגליכקייט צו אנאליזירען דאָס איינצעל־איך, צולעגען עס אויף זיינע עלעמענטען, וואָלט זיך געוויזען ארויס־געשטעלט, אז ניין־חלקים פון דעם איינצעל־איך זיינען אַ ירושה פון פיעלע, פיעלע דורות און נור איין צעהנטעל אפשר געהערט ווירקליך דעם איינצעלנעם און קאָן בעטראכט ווערען אלס זיין אייגענטהום. לעבען מיר אָבער ניט מיט איין־צעהנטעל, מיר לעבען מיט אונזער גאנצען „איך", בעוואוסט אָדער אונבעוואוסט. דעריבער איז אַ גאנצעס לעבען פאר דעם איינצעלנעם אונדענקבאַר, ווען מען בעמיהט זיך צו דערשטיקען אין זיך ניין חלקים פון זיין אייגענעם איך. דעריבער איז יעדע אסימילאציאָן אזוי קאָמיש און לעבערליך, ווייל דער אסימילאנט קאָן ניט אויפטרעטען גאנץ אין דער געזעלשאפט, ער מוז זיך אליין בעהאלטען, ניין חלקים

פון זיין איך טיעף בעגראָבען, און מיר ווייסען דאָך ווי די געזעל־שאפט פערהאלט זיך צו אַ האלבען מענשען, בפרט נאָך צו איין־צעהנטעל מענשען. דערפון גנעהט ארויס, אז אויך פאר דעם אידען בלייבט קיין אנדער ברירה ניט, ווען ער וויל ניט אָבגעשטויסען ווערען פון דער געזעלשאפט, ווי צו בעקומען צוריק זיין גאנצקייט, און דאָס קאָן דערגרייכט ווערען נור דורך אַ ג א נ צ ע ערציהונג. טויטען אין זיך דעם אידען און לאָזען אין זיך דעם מענשען — אזא אָפעראציאָן וועט קיינמאָל זיך ניט איינגעבען. ווען דער איד ווערט אויס איד ווערט ער אויך אויס מענש. די רעזולטאטען פון דער אסימילאציאָן האָבען עס בעקרעפטיגט אין דער גאנצער וועלט.

מיר האָבען פריהער גערעדט מכח דער מעגליכקייט, וועלכע מוז געגעבען ווערען דעם אידישען קינד צו בעקענען זיך מיט דער געשיכטע, ליטעראטור און קולטור פון זיין פאָלק. מיר האָבען ניט אָהן אַ כונה אויסגעלאָזען די שפּראך. ניט חלילה, ווייל מיר האלטען, אז די שפּראך איז ניט קיין וויכטיגער מאָמענט אין דער נאציאָנאלער ערציהונג פון דעם קינד, נור דוקא ווייל מיר גלויבען, אז די שפּראך שפּיעלט די נ ר ע ס ט ע ראָליע אין דער שאפונג פון די בעציהונגען צווישען דעם איינצעלנעם און זיין פאָלק, און ווייל מיר ריהרען דאָ אָן איינע פון די שמערצליכסטע פראגען פון אונזער גלות־לעבען, האָבען מיר געזוכט אויסצומיידען דעם קאָנפליקטס־פונקט ביי אונזערע אלגעמיינע בעטראכטונגען און אָב־געבען איהם אַ בעזונדער פּלאץ.

מיר האלטען, אז דער אידיש־העברעאישער קאָנפליקט, וועל־כער האָט אין די לעצטע יאָהרען ארויסגערופען אַ שפּאלטונג אין אונזערע רייהען און צוטהיילט אונזער שרייבער־וועלט אויף צוויי קעמפפענדע מחנות, איז ניט אַ רעזולטאט פון אן אינערער טראגעדיע, געלעבט פון די ברייטע פאָלקס־מאסען גופא. דאָס אידישע פאָלק אלס פאָלק האָט זיך וואונדערבאר צוגעפאסט צו פערשיעדענע קאָנ־פליקטען און וואָלט אויך ווייטער גובר געווען די צוויי־שפּראכיגקייט אָהן מלחמות און אָהן רייבונגען, ווי עס האָט זי גובר געווען ביז איצט. מעהר ניט ווי קנאים פוןביידע זייטען, פון איין זייט קנאים

וואָס ווילען זיך ניט רעכענען מיט דער געגענוואַרט, פון דער אנדער זייט קנאים וואָס ווילען זיך ניט רעכענען מיט דער פער־גאנגענהייט און דער צוקונפט, האָבען זיך צופיעל צוהיצט און ארויסגערופען אן אומזיסטען קאמפף. ביידע צדדים האָבען גע־מענט געדענקען, אז די קאָנקורענץ צווישען אידיש און העברעאיש איז ניט די געפעהרליכסטע, אז די רוסישע, די ענגלישע, די פוילישע א. אז. וו. קאָנקורענץ איז פיעל געפעהרליכער. דאָס האָבען ביידע צדדים געמענט געדענקען און ניט גיסען קיין וואסער אויף פרעמדע מיהלען. עס זיינען פאראן אויך זאכען, וואָס יעדער צד בעזונדער האָט געמענט געדענקען. די קנאים פאר העברעאיש — אז אן ערך אכט מיליאָן אידען רעדען אויף אידיש און לעזען נור אידיש. זיי קאָנען עס בעטראכטען אלס א טרויעריגע ערשיינונג, אָבער דורך די טרויעריגקייט הערט די ערשיינונג ניט אויף צו עקזיסטירען, און דעריבער מוזען זיי, זיינען זיי מחויב צו פערהאלטען זיך מיט רעספעקט צו א פאָלקס־שפראך, ווען זי איז אפילו ניט א פראָדוקט פון א פרייער ענטוויקלונג. דעריבער זיינען זיי מחויב, דוקא ווייל זיי ווילען געווינען דאָס פאָלק פאר זייערע אידעאלען, געהן צום פאָלק און רעדען צו איהם אין דער שפראך, וועלכע איז איהם פערשטענדליך. דער רוף: „אָדער העברעאיש, אָדער רוסיש", „אָדער העברעאיש אָדער ענגליש" איז אונבערעכטיגט, פאלש און פער־דערבליך. אונבערעכטיגט פון עטהישען שטאנדפונקט, פאלש פון נאציאָנאלען און פערדערבליך בנוגע די בעציהונגען צווישען אינ־טעליגענץ און מאסע. אויך דער עקסטרעמער העברעאיסט האָט קיין רעכט ניט צו בעקעמפפען די אידישע שפראך, וועלכע אויסער איהר אינערען ווערטה אלס אַן אוצר פון אידישען גייסט, דיענט זי איצט אלס א גלענצענדעס שוצמיטעל געגען די אסימילאציאָן. פון דער אנדער זייט מעגען די קנאים פאר אידיש געדענקען, אז דאָס אידישע פאָלק אלס פאָלק וועט קיינמאָל ניט צולאָזען, אז די געשיכטע פון זיין קולטור און פון זיין גאנצען שאפען זאָל זיך אָנהויבען פון דעם „צאינה וראינה". זיי מוזען ווייטער געדענקען, אז מיט דעם אויסגלאָשען ווערען פון דער העברעאישער שפראך, מעגען זיי זיך אָבגעזעגענען אויך מיט דער אידישער שפראך.

זיי מוזען געדענקען, אז די אידישע שפראך א י ז א י ד י ש נור אויף ווי ווייט זי ציהט איהר יניקה פ ו ן ה ע ב ר ע א י ש. ווען נים וואָלט זי געווען פונקט אזוי אידיש ווי דאָס רוסיש, וואָס די אידען רעדען אין רוסלאנד, ווי דאָס ענגליש, וואָס די אידען רעדען אין אמעריקא און אזוי ווייטער. זיי מוזען ווייטער געדענקען, אז די צוקונפט פון אידיש איז נאָך ווייט ניט אזוי זיכער. זאָלען זיי זיך צוהערען צו דער שפראך פון דעם צווייטען דור דאָ אין אמעריקא, זאָלען זיי זיך צוהערען צו דער שפראך פון די קינדער פון די אידישע שרייבער אין דער גאנצער וועלט... העברעאיש האָט אָבער אויסגעהאלטען א פּראָבע פון צוויי טויזענד יאָהר. ניט נור א פּראָבע האָט זי אויסגעהאלטען. זי האָט אויך בעשטאנען אן עקזאמען דאָרט, וואו עס איז געמאכט געוואָרען די התחלה פון דער אידיש־נאציאָנאלער אויפלעבונג, אין ארץ ישראל. און ווען עס קומען געגנער און בעהויפּטען, אז די גאנצע העברעאישע רענעסאנס אין ארץ ישראל איז מעהר ניט ווי א קינסטליך ארויסגערופענער פּראָצעס, ענטשטאנען דורך א העבּרעאישע פּראָוואָקאציאָן פון פאנאטיקער, בעווייזען זיי נור מיט זייער בעהויפּטונג, אז זיי פעהלט די אָביעקטיווע אורטהיילס־קראפט ווען עס האנדעלט זיך מכח דער בעלייכטונג פון היסטאָרישע געשעהעניסען. צוגעגעבען, אז פאנאטיקער האָבען געצוואונגען דעם נייעם ישוב צו לאָזען זיך בעהערשען פון העברעאישען גייסט און שאפען ביי זיך א העברעאישע אטמאָספערע. פון וואנען אָבער שטאמט דער פאנאטיזם, וועלכער האָט געצייגט, אז ער געהט ביז מסירת נפש? איז ער אליין, דער פאנאטיזם, נים א פּראָדוקט פון אן אָנגעזאמעלטען פאָלקס־ווילען, וועלכער האָט געדרעמעלט ביז ער האָט געפונען א גינסטיגע געלעגענהייט זיך צו ענטפּלעקען? דער זעלבער פאנאטיזם האָט אויך געגרינדעט דעם גאנצען ישוב, געבויט דערפער און שטעדט, געזעעט און געפלאנצט אויף צו להכעיס די בעדינגונגען, בעקעמפפענדיג די אונגעצעהלטע שטערונגען אויף שריט און טריט. פאר וואָס האָט זיך ניט ענטפּלעקט דער זעלבער פאנאטישער גייסט אין די ארגענטינישע קאָלאָניען בנוגע צו אידיש? פאר וואָס שטאָלצירט דאָרט יעדער תלמיד מיט ז י י ן שפּאנישער

בילדונג? די ציוניסטען האָבען דאָך דאָרט ניט געשטערט, קיינעם ניט געצוואונגען און ניט פּראָוואָצירט? דער העברעאיזירונגס־פּראָצעס אין ארץ ישראל, אויסער דעם וואָס ער האָט שוין א בעדייטונג אַן און פאר זיך, דיענט אויך אלס א סימן. ער צייגט אונז וועלכע ריכטונג אונזער נאציאָנאלער רענעסאנס וועט אָנ־נעהמען, ווען דער איד וועט דערפיהלען אייגענעם באָדען אונטער זיינע פיס.

מיר קומען דעריבער צום בעשלוס, אז דער קאָנפליקט צווישען די העברעער און אידישיסטען מוז אויפהערען, ער מוז פערשווינדען. די אידישע ערציהונג געפינט זיך אין א קריטישען צושטאנד, בעזונדערס אין אמעריקא. ווען דער קריטישער צושטאנד זאָל דויערן נאָך א לענגערע צייט, וועט קיין חרטה און קיין תשובה מעהר ניט העלפען. די צדדים מוזען אויסגעפינען אַן אויסוועג צו פער־היטען דעם וואקסענדען און דעם קומענדען דור פון דער שרעק־ליכער עם הארצות, וועלכע לויערט הינטער דעם אידישען קינד.

די נאָכמיטאָגס־שולע בילדעט די גרונדלאגע פון דער אידישער ערציהונג, און אויף אָט דער גרונדלאגע מוז אויסגעפיהרט ווערען דער גאנצער בנין, פון וועלכען מיר ווילען פערזוכען צו געבען די הויפּט־קאָנטורען.

V

פון דער נאָכמיטאָגס־שולע, וועלכע האָט די אויפגאבע משלים צו זיין די ערציהונג און די בילדונג פון דעם אידישען קינד אין דער אלגעמיינער פּאָלקס־שולע געהען מיר איבער צו דער מיטעל־שולע, אָדער, ווי מען רופט זי אין אמעריקא, די האָכשולע. דער בעזוך פון דער פּאָלקס־שולע איז א חוב פאר יעדעם קינד. דער בעזוך פון דער האָכשולע מעהר ניט ווי א רשות. דער אומשטאנד האָט נעקאָנט אויסגענוצט ווערען, און עס וואָלט געווען מעהר ווי א יושר, ווען אין אלע בעדייטענדע אידישע צענטרען וואָלטען געגריגדעט געוואָרען וואו איינע און וואו לכל הפחות איין האָכ־שולע. די אידען אין רוסלאנד, צום ביישפּיעל, האָבען אין דער

לעצטער צייט נעגרינדעט פיעלע אזעלכע מיטעל־שולען, און די אונטערנעהמונג איז כמעט אומעטום נעקרוינט געוואָרען מיט א גרויסען ערפאָלג. די תלמידים האָבען ערוואָרבען אין דעם זעלבען משך פון לעהר־יאָהרען ווי אין דער שטאַאטס־שולע פאָלשטענדיג אויסרייכענדע ידיעות אין די אלגעמיינע למודים, וועלכע זיינען נויטיג אום אריינצוטרעטען אין אוניווערסיטעט און אויסער דעם גאנץ אנשטענדיגע ידיעות אין די אידישע למודים, — העברעאישע שפראך, געשיכטע און ליטעראטור. אמת, אין רוסלאנד זיינען זיי געווען געצוואונגען דורך דעם דרוק פון די בעשרענקונגען צו גרינדען אייגענע שולען. מיר גלויבען אָבער, אז אויך די פרייהייט קאָן אויסגענוצט ווערען פאר גרינדונגען, וועלכע זאָלען העלפען אין דער ענטוויקלונג פון דעם אידישען גייסט און קולטור. יעדענפאלס מוז אויך געזאָרגט ווערען פאר דאָס אידישע קינד אין רייפערען עלטער. ווען ניט, קאָן די אלגעמיינע האָכשולע אָבווישען אלעס, וואָס דאָס קינד האָט געלערענט אין זיין פריהער יוגענד. לכל הפחות, מוזען אומעטום געעפענט ווערען אָווענד־קורסען פאר אידישע למודים.

פון דער האָכשולע געהען מיר איבער צום לעהרער־סעמינאַר. עס איז מעהר ווי א נאכלעסיגקייט, וואָס די אידען אין אמעריקא האָבען אזוי ווייניג געזאָרגט פאר דער פאָרבערייטונג פון לעהרער־כחות פאר דאָס אידישע קינד. אין אמעריקא, דאָס ווייס יעדער, האָט די גאנצע צייט געהערשט אזא דחק אויף לעהרער, אז טויזענדער אונבערופענע האָבען זיך גענומען פאר דעם לעהר־בערוף, נאָכדעם ווי זיי האָבען געליטען שיפס־ברוך אין לעבען. די יורדים האָבען ניט געהאט קיין אנדער ברירה האָבען זיי זיך גענומען פאר מלמדות, און די עלטערען האָבען ניט געהאט קיין אנדער ברירה און האָבען איבערגעגעבען זייערע קינדער צו באנקראָטירטע קרעמער און שלימ־מזל׳דיגע פעדלער אין חדר. אין דער לעצטער צייט מערקט זיך א טענדענץ צום בעסער ווערען. עס איז דאָ א פאָדערונג אין לאנד אויף גוטע אידישע לעהרער, מען זוכט דעם פאכמאן. אביסעל האָט געהאָלפען די מלחמה. פון די מלחמה־לענדער זיינען אָנגע־קומען אין אמעריקא פיעלע טיכטיגע אידישע לעהרער. אָבער

דאָס איז מעהר ניט ווי אַ צופאל, ער האָט עטוואָס געהאָלפען, עס ענדערט אָבער ניט די אלגעמיינע לאַגע. עס איז דאָ פּלאַץ פאר, מינימום, צעהן לעהרער־סעמינארען, און עס וועט נאָך אלץ ניט זיין קיין איבער־פּראָדוקציאָן אין לעהר־כחות, ווען עס זאָל דער־גרייכט ווערען דער אידעאל, אז קיין אידיש קינד זאָל ניט בלייבען אויסגעשלאָסען פון אידישער ערציהונג. איצט הערשט אזא צו־שטאנד: אין אַ גרויסען אידישען צענטרום, מיט אַן ערך אַ מיליאָן מיט אַ פערטעל אידישער בעפעלקערונג, זיינען פיער־פינפטעל פון די געזאַמטע אידישע קינדער אויסגעשלאָסען פון וואָסער עס איז אידישער ערציהונג. איין פינפטעל בעקומט אַ אידישע ערציהונג, אָבער פערענט ניט וועגען די חדרים און די מלמדים.

ביי דער גרינדונג פון לעהרער־סעמינארען מוז בעריקזיכטיגט ווערען די אידישע לעהרערין. די אידישע טאָכטער איז אין גאנצען פערנאכלעסיגט געוואָרען דאָ אין אמעריקא, מען האָט איהר ניט געגעבען די מעגליכקייט צו דיענען די אינטערעסען פון איהר פאָלק. דאָס איז אַ נאציאָנאלעם פערברעכען און אַ נאציאָנאלעם אונגליק. ביי אלע ציוויליזירטע פעלקער שפּיעלט די פאָלקס־שול ל ע ה־ר ע ר י ן די הויפּט־ראָליע אין דער ערציהונג פון דעם יונגען דור, דאָ אין אמעריקא האָבען מיר מעהר ווי די העלפט אידישע טעכטער, וועלכע קאָנען ניט דעם אידישען אלף־בית, און אין בעסטען פאל, נור דעם אלף־בית. שעהנע אידישע מוטערס!

מיר ווילען דאָ זאָגען אייניגע ווערטער וועגען די ראבינער־שולען. אונזערע ראדיקאלען וועלען זיך געוויס דערשרעקען: מען שלעפּט אונז צוריק אין קאַנאָסאַ! דאָס דארף אָבער אונז ניט אָבשרעקען ביי דער בעלייכטונג פון אונזערע פּראָבלעמען. מבטל זיין די גאנצע רעליגיעזע זייט פון אידישען לעבען, אויסשליסען די סינאגאָגע, דעם רב און דעם פּרעדיגער אלס אַ חשוב'ען פאקטאָר פון אידישען לעבען — דאָס וואָלט געהייסען זיך אליין און אנדערע נארען. מיט דער אידישער רעליגיאָן האָט מען געמאכט דעם זעלבען וויץ ווי מיט דער העברעאישער שפּראך. פערשיעדענע עלעמענטען פון פאָלקס־קערפּער זיינען אָבגעשטאָרבען פאר דער העברעאישער שפּראך, און פערשיעדענע עלעמענטען — פאר דער

אידישער רעליגיאָן. אָבער אזוי ווי קיינער האָט ניט קיין חשק מודה צו זיין אין דער אייגענער אָבשטארבונג, האָבען די ערשטע ערקלעהרט די העברעאישע שפּראַך און די אנדערע די אידישע רעליגיאָן אַלס טויט. די ערשטע האָבען געמיינט, אז מיט דעם ארויסטרייבען פון דער העברעאישער שפּראַך פון זייערע טעמפּלען וועלען זיי זי פערניכטען אויף אייביג, די אנדערע האָבען געגלויבט, אז עס וועט זיין לייכט אויסצובייטען דעם אידישען משיח אויף א יוניאָן־פיהרער. א גאַאיוועס שפּיעל פון ניט קלוגע קינדער. די קינדער פון די רעפאָרמירטע הויבען שוין איצט אָן צו זוכען אנשלום אָן דער העברעאישער קולטור, ניט נור דאָ, נאָר אויך אין מערב אייראָפּא, וואו די אסימילאציאָן איז עלטער און טיעפער איינגעוואָרצעלט, און די קינדער פון די גאָט־בעקעמפּפער פילען אָן, דאָ אין אמעריקא, די טעמפּלען און די זונטאָגס־שולען. דער דריטער דור פון אידישען ראדיקאַל וועט זיין ניט וועניגער רעליגיעז ווי דער דורכשניטס־אמעריקאנער. עס איז דעריבער מעהר ניט ווי א פאלשע שיטה, ווען די אידישע מאסען אינטערעסירען זיך ניט פאר דעם חאראקטער פון דער אויסבילדונג פון די גייסטיגע פיהרער, וועלכע וועלען בעשטימט האָבען א גרויסע השפּעה אויף די געשטאלטונג פון דער אידישער קולטורעלער ענטוויקלונג.

די ראבינער־שולען, וועלכע עקזיסטירען איצט אין אמעריקא, זיינען געגרינדעט געוואָרען פון דייטש־אידישע עלעמענטען און זיי שטעלען פאָר א קאָפּיע — און דוקא ניט קיין געראָטענע — פון די אנאלאָגע שולען אין דייטשלאנד. ניט דאָ איז דער פּלאַץ צו געבען א גענויע חאראקטעריסטיק פון די עקזיסטירענדע ראבינער־שולען. איינס מוז אָבער פעסטגעשטעלט ווערען. אין זיי ווערט מעהר געלערענט ארכעאָלאָגיע ווי פּסיכאָלאָגיע, מעהר אנאטאָמיע ווי ביאָלאָגיע פון יודענטהום. זיי זייגען צוגעפּאסט צו א בלוט־אָרימער, טויטער וועלט־אנשויאונג און זיינען ווייט פון דעם לעבעדיגען קוואַל פון אידישען לעבען, אָבגעזונדערט פון דעם אָהן אונטער־ברעכונג ווירקענדען און שאפענדען אידישען גייסט.

מיר געהען ווייטער. מיר געפינען, אז גראַד דאָ, אין אמעריקא, וואו די אוניווערסיטעטס־בילדונג איז קאָנצענטרירט אין די הענד

פון פריוואטע בילדונגס־געזעלשאפטען, האָבען געמענט עקזיסטירען אייניגע אידישע אוניווערסיטעטען, מיט גוט אויסגעשטאטעטע פאַקולטעטען פאַר די אידישע וויסענשאפט. אונטער אידישע וויסענשאפט פעהשטעהן מיר ניט נור ארכעאָלאָגיע, אלטע פילאָ־לאָגיע, היסטאָרישע פאָרשונגען פון אלטערטהום און מיטעלאַלטער, מייסטענס טהעאָלאָגיש בעלייכטעט. מיר פערשטעהען דארונטער די אומפאסענדע לעהרע פון דעם געזאמטען גייסטיגען פערמעגען, וואָס האָט זיך אָנגעזאמעלט אין אונזער פאָלקס־אוצר, פון די עלטסטע צייטען ביז אויף היינטיגען טאָג. אונטער א אידישען פאקולטעט פערשטעהען מיר א פאקולטעט מיט פערשיעדענע קאטהעדרען פאר פערשיעדענע צווייגען פון דער אידישער וויסענ־שאפט. די אידישע ליטעראטור (די העברעאישע און אידישע און אויך די אנדער שפראכליכע) מוז דאָרט בעהאנדעלט ווערען ווי יעדע אנדערע לעבעדיגע ליטעראטור. און פונקט אזוי מוז מען זיך בעגעהן מיט דער אידישער קונסט און אפילו אויך מיט דעם אידישען שטאאטס־וועזען אין אלטערטהום און מיט דער אידישער סאָציאָלאָגיע אין דער געגענוואַרט. דריי מיליאָן אידען אין א פרייער מדינה האָבען די מעגליכקייט און אויך די פליכט צו בעזיצען אייניגע אייגענע אוניווערסיטעטען און ניט זיין אָנגע־וויעזען אויף די איינגעבעטענע פראָפעסאָרען, מיט אייניגע דרדקי־מלמדים אלס פּראָפעסאָרען, אלס פאָרשטעהער פון דער אידישער וויסענשאפט. דריי מיליאָן אידען אין א פרייער מדינה זאָלען דאָך פערשטעהן, אז מיט אידישע באנק־הייזער און דעפּארטמענט־סטאָרס רעפּרעזענטירט מען נאָך ניט דעם אידישען גייסט.

און ווען ביי די ניעדריגע און העכערע שולען קאָן מען נאָך האָבען אַן אויסרייד: די עקסטרא הוצאות, פאלט דאָך דיעזער אויסרייד אוועק ביי די אוניווערסיטעטען. די אידישע בעפעל־קערונג בעצאָהלט דאָך סיי ווי סיי דעם שכר למוד, די אוניווער־סיטעטס־בילדונג ווערט דאָך ניט געגעבען אומזיסט.

אין קורצען ווילען מיר נאָך דערמאָנען מכח פאָלקס־אוניווער־סיטעטען, ביבליאָטעקען, ליטעראַרישע פעראיינען און אזוי ווייטער — אינסטיטוציאָנען, וועלכע מאכען שעהנער דאָס לעבען

פון א פאָלק און ווירקען פערערעלענד אויף די ענטוויקלונג פון זיין גייסט.

ווי געזאָגט, מיר האָבען דאָ ניט אונטערגענומען צו געבען אַן אויספיהרליכעס פראָגראם, מיר האָבען געגעבען נאָר ראשי פרקים, מיר האָבען נור אָנגעצייכענט די הויפּט־ליניען, די ריכטונג פון א געזונדער, עסטהעטישער און עסטעטישער אידישער ענטוויקלונג, וועלכע איז מעגליך דאָ אין אמעריקא. זי איז אָבער נור דאַן מעגליך, ווען די אידישע בעפעלקערונג וועט זיך פערהאלטען מיט דעם נויטיגען ערנסט צו איהר אייגענער צוקונפט, ווען זי וועט זי אליין בויען, אליין נאָך קרעפטען בעאיינפלוסען איהר כאראקטער.

די אמעריקאנער אידען קאָנען דאדורך נור געווינען. זייער לעבען וועט זיין פיעלזייטיגער, אינהאלטסרייכער, אינטערעסאנטער, שעהנער, אנציהענדער און פרייער.

עס האָט נאָך קיין פאָלק ניט געפונען קיין גליק אין זעלבסט־פערלייקענונג. דאָס גליק פון יעדען פאָלק ליעגט אין זיין זעלבסט־בעשטימונג.

22 דעצ., 1916—16 מערץ, 1917.

# דער גרויסער מאָמענט

די געשיכטע איז קודם כל אַ ענטוויקלונגס פּראָצעס פון מענשליכע האַנדלונגען, און אַלע פּאַסירונגען און געשעהעניסען, ווי קליין זיי זאָלען ניט זיין אַלס איינצעל־ערשיינונגען, ווערען אריינגענומען אין חשבון און האָבען אַ חלק אין דעם סך הכל פון דעם היסטאָרישען פּראָצעס. פּונקט ווי קיין כח ווערט ניט פערפאַלען אין דער גרויסער נאַטור, אַזוי געהט קיין האַנדלונג ניט פערלאָרען אין דער געשיכטע. אַלעס זאַמעלט זיך אָן, עס גליטערט זיך אָן פּאַסירונג אָן פּאַסירונג און געשעהעניס אָן געשעהעניס, ביז דער באָדען ווערט רייף פאַר עטוואָס גרויסעס אַלס רעזולטאַט פון דעם אָנגעזאַמעלטען. דענסטמאָל קומט דער גרויסער מאָמענט. אַזוי בעצייכענען מיר דעם מאָמענט, ווען די געשיכטע מאַכט אַ סיום אויף איין תקופה און די התחלה פון אַ נייער תקופה.

אונערוואַרטעט קומען די גרויסע מאָמענטען נאָר פאַר די, וועלכע האָבען זיך ניט בעטייליגט אין זייער פאָרבערייטונג, נאָך מעהר אונערוואַרטעט פאַר די, וועלכע האָבען געשטערט זייער קומען, געזוכט אָבצואָווענדען זיי. אַ ביישפּיעל: די רוסישע רעוואָלוציאָן. די בעהויפּטונג, אַז זי איז געקומען פּלוצלונג, ד. ה. אָהן אַ שייכות צו דער גאַנצער פּראָגרעסיוו־פּאָליטיש ענטוויקלונג פון רוסישען פאָלק, איז מעהר ניט ווי לעכערליך. די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען, וועלכע האָבען ניט אויפגעהערט צו ציהען זיך צו איהר, מיט זייער גאַנצער קראַפט ביז מסירת נפש, האָבען זי נאָך פריהער ערוואַרטעט, יעדען טאָג האָבען זיי זיך געריכט אויף איהר. פאַר די פּאַסיווע עלעמענטען, וועלכע האָבען זיך בענוגענט מיט דער ראָלע פון צושויער אין לעבען, איז זי געקומען פּלוצלונג. אַם אונערוואַרטעטסטען איז זי געקומען פאַר די עלעמענטען, אַנט־

קענען ווערן זי איז געווען געציעלט — די הערשענדע עלעמענ־טען מיט דעם הויפט־הערשער אן דער שפיצע. און עס איז ער־קלערליך. די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען האָבען זיך בעוועגט אין דעם געדאנקען קרייז פון דער נייער אָרדנונג, וועלכע זיי האָ־בען זיך בעמיהט צו שאפען. זיי האָבען געבויט די נייע וועלט און זי איז ענטשטאַנען פאר זיי בהדרגה. זי איז פאר זיי ניט אויף אמאָל פארטיג געוואָרען, דער בנין איז געוואקסען דורך זייער ארבייט. די הערשער האָבען זיך בעוועגט אין דעם ענטגע־גענגעזעצטען אידעען קרייז. זיי האָבען געגלויבט, אז זיי האלטען אָב דעם נייען בנין, אז זיי צושטערען יעדען שטיין פון איהם. צום סוף איז געקומען די איבערראשונג. דעם טעות האָבען געהאט די צושטערער, די ניט דערלאָזער.

אויך פאר אונז קומט דער גרויסער מאָמענט. די בעדייי־טענדסטע פערזענליכקייטען, די שטאאטס מענער פון די גרעסטע און איינפלוסרייכסטע רעגירונגען ערקלערען אין נאָמען פון זייע־רע רעגירונגען, אז זיי אָנערקענען דאָס רעכט פון אידישען פאָלק אויף נאציאָנאלע אונאבהענגיגקייט, און זיי זאָגען צו, אז ביי דער לעזונג פון די גרויסע וועלט־פראגען וועלען זיי פאָרשלאָגען, אז דאָס אידישע לאנד זאָל צוריקגעגעבען ווערען דעם אידישען פאָלק.

דאָס איז דער גרעסטער מאָמענט פון אונזער געשיכטע. דאָס איז דער סוף פון דעם לאנגען גלות. דאָס איז דער אָנהויב פון דעם „אחרית הימים“.

איז ער געקומען אונערווארטעט? איז ער אראָבגעפאלען ווי א מציאה פון הימעל?

ניין, און טויזענד מאָל ניין. ער איז געקומען אונערווארטעט נאָר פאר די, וועלכע האָבען זיך ניט בעטייליגט אין זיין פאָרבע־רייטונג, נאָר פאר די, וועלכע האָבען זיך מיאש געווען פון איהם און ניט געגלויבט מעהר אין זיין קומען, און נאָך מעהר פאר די, וועלכע האָבען בפירוש ניט געוואָלט, אז ער זאָל קומען.

און זיי זיינען איצט צוטומעלט געוואָרען, ווייל זיי האָט דער מאָמענט איבערראשט. די אָבער, וואָס האָבען זיך בעטייליגט אין

זיין פאַרבערייטונג, די, וואָס האָבן געלעבט און געווירקט צוליעב איהם, די, וועלכע האָבן איהם געווידמעט זייער ארבייט בייטאָג און זייערע חלומות ביינאַכט, די, וואָס האָבן געקעמפט פאַר איהם — זיי קאָנען נים צוטומעלט ווערען, ווייל זיי קאָנען נים איבערראַשט ווערען, זיי זיינען שוין לאַנג געווען גרייט פאַר איהם.

און אין דעם מאָמענט בליקען מיר אויף צוערשט צו אונזערע פּיאָנירען דאָרט, אין יענעם לאַנד, וואו אונזער האָפנונג וועט פערווירקליכט ווערען. מיט שטאָלץ און טיעפער דאנקבארקייט בליקען מיר אויף צו זיי, צו אונזערע ארבייטער אויף אונזער היס־טאָרישען באָדען. מיר זיינען זיי דאַנקבאַר, די ערשטע עולי רגל, דערפאַר וואָס זיי האָבן געוועהלט זייער וועג צו מזרח, בשעת דער גרויסער טייל פון אידישען פאָלק האָט געוואַנדערט צום מערב. מיר זיינען זיי דאַנקבאַר דערפאַר, וואָס זיי האָבן געצייגט דער גרויסער וועלט מיט זייער ביישפּיעל, אַז דער היסטאָרישער צוזאַ־מענהאַנג צווישען אונזער פאָלק און זיין לאַנד איז נים אין גאַנ־צען איבערגעריסען געוואָרען. מיר זיינען זיי דאַנקבאַר דערפאַר, וואָס זיי האָבן געצייגט דער גרויסער וועלט, אַז אונזער פאָלק האָט נאָך אין זיך נענוג שאַפענדע כחות, וועלכע קאָנען פלאַנצען און בויען אפילו ביי שווערע בעדינגונגען און מיט פלייס און אַר־בייט פערוואַנדלען אפילו אַ מדבר אין אַ גן עדן.

זיי קומט אונזער ערשטער דאַנק, וואָרים, זיי מעהר ווי אַלע, האָבן פאָרבערייטעט דעם איצטיגען מאָמענט. אָהן זיי, אָהן די רעזולטאַטען פון זייער ארבייט, ווער ווייס — אפשר וואָלט זיך די גרויסע וועלט גאָר נים צוגעהערט צו אונזערע טענות. יעדענפאַלס וואָלט אונזער אויפגאַבע איצט געווען פיעל שווערער. אמת, אונ־זער האָפנונג האָט אונז קיין מאָל נים פערלאָזען, זי האָט שטענדיג געלעבט אין אונז און געפונען איהר אויסדרוק אין די הייליגסטע תפלות פון אונזער פאָלק. די וועלט איז אָבער געוואָרען מאָדער־נער, די וועלט האָט פערלאַנגט אַ מעהר מאָדערנעם בעווייז פון אונז, אַז מיר מיינען ע ר נ ס ט מיט אונזער האָפנונג. זיינען זיי געקומען, אונזערע פּיאָנירען, און האָבן געשאַפען דעם שענ־סטען פירוש צו אונזער האָפנונג, אַ פירוש פון גרינע פעלדער, פון

בליהענדע גאָרטענס, פון שעהנע נייע דערפער און שטעדט. און דער פירוש האָט געווירקט.

עס קומט אונזער צווייטער דאנק צו די, וועלכע האָבען אויס־געבויט אונזער אינטערנאציאָנאלע ציוניסטישע אָרגאניזאציאָן. אויך זייער וועג איז געווען אויסגעבעט נים מיט רויזען. ארומגע־רינגעלט פון גלייכגילטינקייט און געגנערשאַפט, אי פון דרויסען, אי פון אינעווייניג, אויסגעלאכט און פערשפּאָטעט זיינען זיי גע־גאנגען זייער וועג און געהאָלפען פּאָרבערייטען דעם גרויסען מאָ־מענט. אָן ערך מיט פערציג יאָהר צוריק האָט זיך אָנגעהויבען די אָרגאניזירטע ציוניסטישע בעוועגונג. לכתחלה קליין, ביז עס איז געקומען דער גרויסער אונפערגעסליכער פיהרער און האָט איהר פערליהען גלאַנץ און גרויסקייט. און די ציוניסטישע אָר־גאניזאציאָן איז דורכגעגאנגען דעם גרויסען מדבר ביז זי איז אָנ־געקומען צום לאנד כנען. פיעלע פון די פיהרער און פון דעם חיל זיינען צו אונזער טיעפסטען צער אין מדבר געבליבען. מיר דער־מאָנען זיך איצט אָן זיי מיט א דאָפּעלטען שמערץ.

און צום סוף אונזער דריטער דאנק. ער געהערט דער אמע־ריקאנער ציוניסטישער אָרגאניזאציאָן. נאָך ערב מלחמה האָט זי פערנומען איינעם פון די לעצטע פלעצער אין דעם אלוועלטליכען ציוניזם. דאָ איז געקומען די וועלט קאַ־טאסטראָפע, און ווער ווייס וואָס וואָלט געוואָרען פון אונזערע פּיאָנירען דאָרט און פון אונזער אָרגאניזאציאָן אומעדום, ווען נים די אמעריקאנער ציוניסטישע אָרגאניזאציאָן. עס האָבען זיך ווי דורך א וואונדער געמעלדעט די ריכטיגע כחות, און די אָרגאַ־ניזאציאָן איז געוואקסען, געוואָרען שטארקער און פעסטער פון טאָג צו טאָג. מען קאָן איצט נים רעדען פון איינצעלהייטען אָדער פון איינצעלנע פערזענליכקייטען. מיר זיינען איצט צופיעל פער־נומען מיט דעם מאָמענט און מיט ארבייט, כדי צו זיין ווירדיג דעם מאָמענט. מיר וועלען אָבער שפּעטער ערפאהרען, וועלכען בעדייטענדען חלק גראד דער אמעריקאנער ציוניזם האָט אין דער פּאָרבערייטונג פון דעם איצטיגען מאָמענט.

עס וואָלט אָבער געווען איינזייטיג צו בעהויפּטען, אז נאָך

פון דער אידישער זייט איז פאַרבעריײטעט געוואָרען דער איצטי־
גער גרויסער מאָמענט. ער וואָלט פאר אונז קיין מאָל ניט געקור־
מען, ווען די גאַנצע געבילדעטע וועלט וואָלט ניט געארביים אין
די לעצטע דורות פאר די פאַרבערייטונג פון א נייער צוקונפט,
געגרינדעט אויף נייע יסודות, אויף דער אנערקענונג פון דעם
נאציאָנאלען פרינציפ אלס רעגולאטאָר אין אינטערנאציאָנאלען
פערקעהר. מיר פערשטעהען דאָס, מיר שעצען דאָס און מיר פרע־
העו זיך, וואָס אונזער וועג איז געלאָפען פאראלעל מיט דעם וועג
פון דער געבילדעטער מענשהייט.

28 אפריל, 1917.

# דער מאָמענט און זיין פאָרבערייטונג

אין דער לעצטער צייט קומט אויס אָפט צו הערען און צו לעזען בנוגע דעם ציוניזם: דאָס וואָס האָט ניט געקאָנט דער־גרייכט ווערען דורך די אָנשטרענגונגען פון איינצעלנע פערזאָנען, דאָס וואָס די געזאמטע ציוניסטישע אָרגאניזאציאָן האָט ניט גע־קאָנט אויפטאָן אין דעם גאנצען משך פון איהר קיום, האלט ביים ווערען א רעאַליטעט א דאנק דעם גרויסען מאָמענט. דיזע אוי־סערונג ווערט אויסגעשפראָכען אין אנטי־ציוניסטישע אָדער אין ציוניסטיש אינדיפערענטע קרייזען. דערין שטעקט א כונה. מען וויל דערמיט זאָגען, אז ווען דער ציוניזם וועט פערווירקליכט ווערען, זאָל מען חלילה ניט גלויבען, אז די פערווירקליכונג איז געקומען ווי א רעזולטאט פון לאנג־יאָהריגע אָנשטרענגונגען און בעמיהונגען. זי איז געקומען פשוט — מחמת עס איז געקומען אזא מאָמענט. אויף אזא אופן רעטעט מען זיך פון א פיינליכער סיטואציאָן. פון איין זייט ברויכט מען ניט צו שווימען אנקעגען דעם שטראָם, מען קאָן זיך פערהאלטען פריינדליך צו די לעצ־טע ציוניסטישע אויסזיכטען, און פון דער אנדער זייט ברויכט מען ניט גוט פריינד צו ווערען מיט אן אָרגאניזאציאָן, וועלכע מען האָט יאָהרען לאנג בעקעמפפט אָדער איגנאָרירט.

קיינעם קומט ניט קיין קרעדיט, ווען דער ציוניזם זאָל פער־ווירקליכט ווערען. דער מ אָ מ ע נ ט האָט גורם געווען זיין פערווירקליכונג. ווי פיעל פּאָליטישער שכל און טיעפע אור־טיילס־קראפט שטעקט אין אזא בעהויפּטונג איז ניט שווער צו זאָגען. וואָס האָט גורם געווען איז אין גרונד גענומען אן אומפּראָ־זירונג פון דער אַלט בעקאנטער „בעשערט“ פילאָזאָפיע, וועלכע האָט אלע געשעהעניסען אין לעבען ערקלערט אויפ׳ן פשוט׳סטען אופן. צו וואָס זיך ברעכען דעם קאָפּ, צו וואָס זיך אָנשטרענגען

און זוכען אורזאכען און פועל יוצא'ס — ווען עטוואס איז בע־שערט אין לעבען, קומט עס ממילא. איז באשערט גליק, קומט גליק, איז בעשערט מלחמה, קומט מלחמה, און אזוי ווייטער. און איז בעשערט, אז די אידען זאלען צוריק בעקומען ארץ ישראל, ברויכט קיינער ניט צו דאגה'ענען זיך פאר דעם ענין, עס וועט שוין קומען דער ריכטיגער מאמענט און ער וועט שוין פארטיג ווערען מיט דער אויפגאבע.

און וואלט די מאמענט־פילאזאפיע געקומען נאכדעם ווי דער ציוניזם איז פערווירקליכט געווארען, וואלט זי קיינעם קיין שא־דען ניט געבראכט. די צרה איז אבער, זי איז געקומען צו פריה, גראד אין דער צייט, ווען די גרעסטע אנשטרענגונגען מוזען ערשט געמאכט ווערען, כדי צו דערפיהרען דעם ציוניזם צו א גליקליכען סוף. און ווען זי הויבט אן גראד איצט אריינצודרינ־גען אויך אין מאנכע שוואכערע ציוניסטישע קרייזען, ענטהאלט זי אין זיך ניט נאר עטוואס אונזיניג נארישעס, נאר אויך א סכנה, ווייל אנשטאט צו שטארקען די שוואכע, מאכט זי זיי נאך שוואַ־כער. אין דער פאנטאזיע פון דעם אין דעם פאליטישען זין זיך שוואך אריענטירענדען וואקסט אויס א פארשטעלונג פון א מאַ־מענט — א מכשף, וועלכער קאן אליין אויפטאן וואונדער, אליין אהן די אריינמישונג און אהן די מיטהילף פון האנדלענדע פער־זאנען אדער ארגאניזאציאנען. און ווי יעדע פאלשע פאנטאס־טישע פארשטעלונג שאדט זי נאר דעם קלארען בעוואוסטזיין און דעם געזונטען פערשטאנד.

און מען דארף זאגען דעם אמת — דאס איז א ריין אידישע שוואכקייט. ביז מיט א פאר צעהנדליג יאהר צוריק האבען מיר איבערהויפט קיין אידישע פאליטיק ניט געהאט און ניט געטרי־בען. מיר האבען זיך ארומגעטריבען אויפ'ן ים פון די וועלט גע־שעהעניסען ווי א שיף אהן א רודער, אבהענגיג פון די בלאזענ־דע ווינטען, אונטערגעווארפען אונטער דעם שפיעל פון דעם צו־פאל. ערשט ניט לאנג האבען מיר זיך אנגעהויבען פאליטיש־נאציאנאל צו ארגאניזירען און מיר זיינען נאך ערשט אין דער ערשטער תקופה פון אונזער ארגאניזירונגס־ארבייט. עס איז דע־

ריבער קיין וואונדער ניט, ווען מיר זיינען נאָך שוואַך אין פונקט ארגאניזאציאָן, ווען מיר שאצען נאָך ניט ריכטיג איין די בעדיי־טונג פון אָרגאַניזאציאָן אלס א פּאָליטישער פאקטאָר, ווען מיר האָבען נאָך ניט קיין טיעפעס פערשטענדניס פאר איהר אינערן ווערט. דערצו געהערט שולע, דערצו געהערט טראַדיציאָן.

ווי ווייט אָבער גרויסע מאָמענטען קומען פון זיך אליין, ווי ווייט זיי שפּרינגען ארויס ווי דורך א כישוף און שטעהען ניט אין צוזאמענהאנג מיט פאָרבערייטענדער ארבייט, וויל איך אילוסטרי־רען דורך א ביישפּיעל, ארויסגענומען פון דער ערפאהרונג פון דער ציוניסטישער בעוועגונג. און איך קאָנסטאטיר גאָר א טאט־זאך. די טאטזאך רעדט אָבער אליין פאר זיך.

אין די לענדער, וואו די ציוניסטישע אָרגאַניזאציאָן האָט אינטענסיוו געארבייט און געזוכט צו בעארבייטען די עפענטליכע מיינונג האָט די ציוניסטישע אידעע דערגרייכט אַן ערפאָלג. דאָרט, וואו די ציוניסטישע אָרגאַניזאציאָן איז געווען שוואך און האָט זיך ווייניג געקימערט וועגען דער בעארבייטונג פון דער עפענטליכער מיינונג, מערקט זיך ניט אפילו א סימן פון ערפאָלג. איך רעד דאָ ניט וועגען אַן אינערן ערפאָלג, וועגען דעם פאָרט־שריט פון דער בעוועגונג אין דער אידישער געזעלשאפט גופא, איך רעד דאָ וועגען דער פּאָפּולאַריטעט פון דעם ציוניסטישען גע־דאנק אין די ענטשפּרעכענדע רעגירונגס קרייזען. דאָ שטעלט זיך מיט קלאָרקייט ארויס, אז דאָרט וואו מען האָט ווייניג געאַר־בייט, וואו מען האָט ווייניג אויפגעקלערט, ווייניג גערעדט און ווע־ניג געשריבען וועגען ציוניזם, האָט דער גרויסער מאָמענט מיט זיין איינענער קראפט אבסאָלוט ניט גענוצט. ניט די אידישע און ניט די פרעמדע וועלט איז דורך דעם מאָמענט אליין ניט געוואָ־רען ציוניסטישער, ניט בנוגע דער אויפפאסונג פון דעם ציוניס־טישען געדאנק, ניט בנוגע די סימפּאטיען צום ציוניזם.

אלס א גלענצענדעס ביישפּיעל קאָן אונז דיענען פראנקרייך אין דיזער בעציהונג. ווען דער מאָמענט אליין וואָלט בעזעסען די גבורה צו בעאיינפלוסען די רעגירונגען אין ציוניסטישען זין, לעגט זיך אויפ׳ן שכל, אז ער האָט ניט געדאַרפט מאַכען קיין אויס־

גאהמע פאר פראנקרייך. פראנקרייך פערנעהמט קולטורעל דעם ערסטען אדער יעדענפאלס איינעם פון די ערסטע פלעצער. פראנק־רייך איז זעהר אינטעליגענט און הערט זיך צו צו דער שטימע פון דער צייט ניט וועניגער פאר די אנדערע קולטור לענדער, היינט ווי קומט עס. וואס גראד אין די פראנצויזישע רעגירונגס און פא־ליטישע קרייזען האט דער ציוניסטישער געדאנק געפונען ביז איצט א וועניגער דאנקבארען באדען ווי אין מאנכע אנדערע לענ־דער? איז דאס ניט א סימן, אז מאמענטען „אן און פאר זיך" עקזיסטירען גאר ניט, אז זיי ענטהאלטען אין זיך נאר דאס, וואס מען האט אין זיי אריינגעטראגען? און דארט, וואו מען האט ניט געזארגט פאר זיין פארבערייטונג, ניט בעמיהט זיך פאר זיין אינהאלט, קאן דער מאמענט טאקע פארבייגעהן, ניט איבערלאזענדיג קיין רושם?

איך געפין פאר נויטיג אויפמערקזאם צו מאכען אויף דיזע ערשיינונג אלע די עלעמענטען, וועלכע שטעהען אין דער ציוניס־טישער ארגאניזאציאן אדער סימפאטיזירען אויפריכטיג מיט דעם ציוניסטישען הויפט ציעל. מיר זאלען זיך ניט איינשמועסען, אז אפילו איצט קאן די אידישע גאולה קומען ממילא, עפעס אזוי בדרך נס, ווייל דער מאמענט וועט זי ברענגען צו אונז אין שוים. איצטער מעהר ווי אלעמאל. אין איצטיגען מאמענט מעהר ווי אין יעדען אנדערען מאמענט איז נויטיג, אז די ציוניסטישע ארגאניזאציאן זאל זיין שטארק און פעסט און געשלאסען. גע־שלאסען — זעלבסטפערשטענדליך ניט אין זין פון אפשליסונג, אבער אין זין פון איינהייטליכקייט, אי אין זין פון פראגראם, אי אין זין פון האנדלונג. די וועלט מוז וויסען, מיט וועמען זי האט צו רעדען און צו פערהאנדלען, און די אר־גאניזאציאן מוז וויסען איבער וואס זי האט צו רעדען און צו פערהאנדלען מיט דער וועלט. ווען עס זאל ניט זיין אזוי, שוועבט א סכנה איבער דעם גאנצען ציוניזם, די פערהאנדלונגען קאנען זיך פערוואנדלען אין א שמועס און אנשטאט ערנסטע התחייבות'ען קאנען מיר בלייבען ביי ניט בינדענדע הבטחות.

דאס זעלבע קאן געזאגט ווערען אויף פון דעם אידישען

קאָנגרעס. אויך בנוגע דעם קאָנגרעס האָט מען ניט ריכטיג איינ־געשאצט זיין אינערען ווערט אלס א העבעל אין פּאָליטישען לע־בען. אלס בעוויז קאָן דיענען די לעצטע האנדלונג פון דעם אזוי אָנגערופענעם „נאציאָנאלען ארבייטער קאָמיטע". די ערקלע־רונג, אז היות ווי די רוסישע רעוואָלוציאָן האָט שוין אליין בע־זאָרגט די אידישע אנגעלעגענהייטען, איז דער קאָנגרעס אין גאנ־צען איבעריג געוואָרען, שטעלט אוים אן אטעסט דעם זין, וואָס מאנכע אידישע ארבייטער פיהרער האָבען פאר נאציאָנאלע אָר־גאניזאציאָן. זיי אָפּערירען מיט גרויסע מאָמענטען, וואָס פאלען אראָב ווי א מציאה פון הימעל און פערהאלטען זיך נאָכלעסיג צו דער אקטיוויטעט פון אידישען פאָלק אלס פאָלק. דאָס איז אן אונפעראנטוואָרטליך שפּיעל אין גליק, וואָס פיהרט אין דער גע־שיכטע זעהר אָפט צו ביטערע ענטוישונגען.

15 מאַי, 1917.

# פּאַסיווע און אַקטיווע אַסימילאַציאָן

די אינדיווידואַליטעט פון אַ פאָלק, זיין בעזונדערע שטעלונג צווישען די אנדערע פעלקער, זיין אייגענאַרטיגקייט, קורץ — אַלץ דאָס, וואָס מיר בעצייכענען מיט דעם וואָרט האַראַקטער, ענטפּלעקט זיך אויף אַלע געביעטען פון מענשליכען לעבען, שאַפען און ווירקען, אָבער ניט אויף אַלע געביעטען אין גלייכער בולט'דיגער פאָרם. יעדעם פאָלק האָט אַ ספּעציעל געביעט, וואו זיין האַראַקטער שפּיגעלט זיך נור זעהר שוואַך אָב. דאַגעגען עקזיסטירט ניט אַזא פאָלק אויף גאָט'ס ערד, וועמעס האַראַקטער זאָל זיך אויסדריקען אויסשליסליך אויף זיין איינציגען געביעט אַליין. דאָס וואָלט געווען אַן אונפאָר־שטענדליכע אַנאָמאַליע, אונערקלעהרליך אי פון פּסיכאָלאָגישען, אי פון היסטאָרישען שטאַנדפּונקט.

די אַסימילאַציאָן האָט געשאַפען אַ משונה'דיג פאָלק, ד. ה. ניט דאָס פאָלק גופא, נור די טהעאָריע פון אַזא פאָלק. זי בעהויפּ־טעט, אַז דאָס אידישע פאָלק האָט שוין לאַנג פערלאָרען אַלע זיינע פאָלקס־סמנים, עס בעזיצט מעהר קיין איינציג מערקמאַל ניט צום אונטערשיעד פון די אנדערע אַרומיגע פעלקער. דער איינציגער סימן, נאָך וועלכען מען קאָן דערקענען דעם אידען איז די רעליגיאָן. מיט אנדערע ווערטער — דער גאַנצער אידישער האַראַקטער בע־שרענקט זיך אויף דעם איין איינציגען רעליגיעזען געביעט. אויף אַלע אנדערע געביעטען וועט מען איהם אומזיסט זוכען. ער איז פערשוואונדען. ניטאָ קיין אידישע קונסט, ניטאָ קיין אידישע ליטעראַטור, ד. ה. די אידישע קונסט, די אידישע ליטעראַטור טראָגען ניט אויף זיך אַ שפּעציעלען שטעמפּעל, וואָס זאָל זיי צוגעבען אין דער גאַנצער וועלט אַ שותפות'דיגע אייגענטהימליכקייט. די אידישע קונסט, די אידישע ליטעראַטור זיינען ניט מעהר ווי טיילען פון דער קונסט אין דער ליטעראַטור פון ענטשפּרעכענדע פעלקער צווישען

וועלכע די אידען לעבען. די אידען פון דער גאנצער וועלט האָבען נור איין איינציגען געמיינשאפטליכען פונקט — די אידישע רע־ליגיאָן.

אזא טהעאָריע האָט געקאָנט געשאפען ווערען נור פון מענשען, וועלכע האָבען זיך אליין אָבגעריסען פון אידישען לעבען, זיך דער־ווייטערט פון דעם שאפען און דעם ווירקען פון אידישען פאָלק און פערלאָרען מיט דער צייט יעדען זין און פערשטענדניס פאר אלעס וואָס איז אידיש נאָך זיין האראקטער נאָך. עס איז ניט נויטיג צו ווידערלעגען די טהעאָריע, זי קאָן ווידערלעגט ווערען פון יעדען בלאט פון דער אידישער געשיכטע, פון דער אלטער ווי פון דער נייער, זי קאָן ווידערלעגט ווערען אויך פון די געגענווערטיגע שטימונגען, וועלכע בעהערשען דאָס אידישע לעבען.

דעם גרעסטען קלאפ האָט זי איצט בעקומען דורך די ציוניסטישע בעוועגונג. עס איז א פאקט: ד אָ ס  ג א נ צ ע  א י ד י ש ע  פ אָ ל ק  ו ו י ל  צ ו ר י ק  ב ע ק ו מ ע ן  א ר ץ  י ש ר א ל. פון אן ערך פערצעהן מיליאָן אידען, צושפרייט איבער דער גאנצער וועלט, איז קוים אָנצונעהמען, אז עס וועלען זיך געפינען איינינע הונדערט טויזענד אידען, וועלכע וועלען זיך אויסשפרעכען געגען ארץ ישראל אויס טרייהייט צו זייער אסימילאטאָרישער וועלט אנשויאונג. אין די איינינע הונדערט טויזענד וועט אריינגעהן א חלק פון דעם רעפאָרם יודענטהום, א חלק פון דער ראדיקאלער אינטעליגענץ און א חלק פון די סתם אסימילאטאָרען. שולען וואו צו דאוונען האָבען די אידען געגוג אויך אין די גלות לענדער, היינט פון וואנען נעהמט זיך דער ח ש ק צו ארץ ישראל? ניט מיר זיינען מחויב צו געבען די תשובה. זאָל זיך מטריח זיין די אסימילאציאָן און זוכען א תירוץ. און אויב זי איז עהרליך, וועט זי זיך מוזען מודה זיין אין איהר איינענעם באנקראָט. דער חשק צו ארץ ישראל איז דער גרעסטער סימן פון דעם אונפערוויסטליכען אידישען פאָלקס־האראק־טער. טראָגען אין זיך א ליעבע צו א לאנד, פון וועלכען מען איז פערטריבען געוואָרען מיט טויזענדע יאָהרען צוריק — דערצו גע־הערט א האראקטער פון גראניט.

וואָלטען מיר טאקע ניט נעדארפט זיך קימערען וועגען דער

אסימילאציאָן, וואָלטען מיר טאקע נעקאָנט איגנאָרירען דעם היזק, וואָס זי האָט אונז נורם נעווען, ווייל אין אן ערך האָט זי אָבגעריסען פון אונזער פאָלקס אָרגאניזם נור קליינע אונבעדייטענדע טהיילען. ווען זשע איז דאָס געוועזען, ווען מיר וואָלטען געהאט צו טהאָן נור מיט א פאסיווער אסימילאציאָן, ווען מיר וואָלטען געהאט צו טהאָן מיט אסימילאטאָרען, וועלכע פערלאָזען אין גאנצען די אידישע וועלט און האָבען צו איהר מעהר קיין שייכות ניט. דעם שמערץ וואָלטען מיר געקאָנט פערטראָגען. די צרה איז אָבער, וואָס אין אונזער לעבען, און בעזונדערס אין אונזער פּאָליטישער ווירקזאמקייט, מוזען מיר זיך רעכענען מיט דער א ק ט י ו ו ע ר אסימילאציאָן, מיט אסימילאטאָרען, וועלכע זיינען ניט יוצא דערמיט, וואָס זיי אליין האָבען פערלאָזען זייער פּאָלק, נור זיי שטרעבען אָן אלע זייערע כחות, אז אויך די אנדערע זאָלען נאָכפאָלגען זייער ביישפּיעל. פון איין זייט זיינען זיי פרעמדע און פון דער אנדער זייט בלייבען זיי אין דער אלטער סביבה און זוכען משפּיע צו זיין אויף איהר ווייטערע ענטוויקלונג און געשטאלטונג אין נעגאטיווען זין.

און דערין בעשטעהט די גרעסטע טראגעדיע פון אידישען לעבען.

די אסימילאציאָן מוז בעטראכט ווערען אלס די צ י ו ו י ל-ט ו י פ ע, און איהר פערהעלטניס צו דער ריכטיגער טויפע דארף אָפּגעשאצט ווערען ווי דאָס פערהעלטניס פון דער ציוויל-עהע צו דער קירכליכער עהע. אין גרונד גענומען איז דאָס איינע און די זעלבע ערשיינונג, נור פערשיעדען געשטעמפּעלט. נעהמט מען אָן אן אנדער אמונה, איז מען קירכליך געטויפט; נעהמט מען אָן אן אנדער נאציאָן, איז מען בירגערליך געטויפט. די פאלשקייט פון דער בירגערליכער טויפע איז נאָך גרעסער פאר דער פאלשקייט פון דער קירכליכער, ווייל אין אמונה אנגעלעגענהייטען קאָן מען נאָך זיך פערענטפערען, זוכען אן אויסרעדע אין דער איבערצייגונג. אין אנ־געלעגענהייט פון געבורט און היסטאָרישער ענטוויקלונג שפּיעלט א ראָליע דער פאקט און ניט די איבערצייגונג, און א פאקט קאָן נור פערלייקענט ווערען. ער ענדערט זיך אָבער ניט. ווי וואָלטען מיר זיך אָבער פערהאלטען צו אזא מין אָרדנונג, ווען געטויפטע אידען וואָלטען וועלען קאָנצענטרירען אין זייערע הענד די קאָנטראָלע

איבער אונזער רעליגיעזעס לעבען, אָדער ווען זיי וואָלטען זיך געוואָלט זאָגאר אריינמישען אין אונזערע רעליגיעזע אנגעלעגענ־הייטען? מיט פעראכטונג וואָלטען מיר זיי אָפּגעשטויסען און געצייגט זיי דעם פּלאַץ, וועלכען זיי פערדיענען, אויף יענער זייט פון דער מחיצה, וואָס זיי האָבען אליין אויסגעבויט צווישען זיך און צווישען זייער פאָלק.

עס איז אָבער א פאקט, אז די אקטיווע אסימילאציאָן איז אָרגאַ־ניזירט אין ענגלאנד, אין פראנקרייך און אין דייטשלאנד. אפשר שטעהט זי אין פערבינדונג אויך מיט אנדערע גרופּען אין די פער־שיעדענע מדינות. אָבער דאָס איז נאָך ניט פעסטגעשטעלט. און די אָרגאניזירטע אקטיווע אסימילאציאָן האָט זיך געשטעלט צום ציעל, ניט צו לאָזען די אנערקענונג פון דער אידישער נאציאָן מצד די וועלט רעגיערונגען. איצט האָט זי ענטוויקעלט אַן ענערגישע טהעטיגקייט, מעכב צו זיין די פערווירקליכונג פון דער ציוניסטישער אידעע. די דריי דערמאָנטע גרופּען זיינען גיט גרויס אין דער צאָהל פון זייערע מיטגליעדער. זיי זיינען אָבער בעדייטענד מיט זייער השפעה אין די ענטשפּרעכענדע רעגיערונגס קרייזען, ווייל ביז מיט א קורצער צייט צוריק זיינען זיי געווען די איינציגע פערטרעטער פון דער אידישער פּאָליטיק, און אין די אויגען פון די רעגיערונגען זיינען זיי געהאלטען געוואָרען פאר די איינציגע עקספּערטען אין אידישע אנגעלעגענהייטען. אין ענגלאנד און אין דייטשלאנד פער־לירען זיי פון טאָג צו טאָג זייער השפעה, ווייל דאָרט האָבען זיך געמעלדעט אנדערע כחות אין יודענטהום, מיט פּאָזיטיווע בעציהונ־גען צו דער אידישער נאציאָן און מיט א פּאזיטיוו אידיש־נאציאָ־נאלען פּראָגראם. און די רעגיערונגען ווייסען שוין, אז די בעלייכ־טונג פון דעם אידישען פּראָבלעם איז ביז איצט געווען אַן איינזיי־טיגע און אז זי געפינט זיך אין א ווידערשפּרוך מיט דער טענדענץ פון דער אידישער ענטוויקלונג. שלעכטער ווי אומעדום, אין דער בעציהונג שטעהט עס אין פראנקרייך. דאָס פראנצויזישע יודענטום ווערט נאָך עד היום געפיהרט פון דער אקטיוועה אסימילאציאָן, און קיין געגענגיפט איז נאָך לעת עתה ניט געשאפען געוואָרען. די פראנצויזישע רעגירונג איז דעריבער וועניגער ווי די אנדערע רעגי־

רונגען אינפאָרמירט איבער די מאָדערנע שטרעבונגען אין אידישען לעבען. זעלבסטפערשטענדליך האָבען זיך אויך אין פראנקרייך געפונען מענער, וועלכע האָבען זיך בעמיהט אויפצוקלערען זייער רעגירונג אין דער אידיש־נאַציאָנאַלער פראגע. ליידער אָבער איז דער איינפלוס פון דער אקטיווער־אסימילאטאָרישער גרופע נאָך ביז איצט געבליבען דער שטאַרקערער.

די גאנצע וועלט ווערט איצט דעמאָקראטישער, און וואָס מעהר די רעגירונגען זיינען דעמאָקראטיש, אלץ אָפענער בעהאנד־לען זיי זייערע פראָבלעמען. די דעמאָקראטיע פון דער גאנצער וועלט פראָטעסטירט איצט נעגען געהיימע אינטערנאַציאָנאַלע אָבמאכונגען. אויך אונזער פּאָליטישעס לעבען איז געווען פול מיט סודות. די אסימילאַציאָן האָט געארבייט אין דונקעל. עס וועט אויך ביי אונז קומען צו אן אָפענעם קאמף, און דער אָפענער קאמף וועט זיין פאר אונז א רעטונג. עס וועט ארויסטרעטען אקטי־וועס פּאָלקסטום נעגען אקטיווע אסימילאַציאָן און וועלען מעסטען זייערע כחות.

18 מאַי, 1917.

# דער פּעררעט

די צוויי עלטסטע, אויף זייער יחוס און פּאַרנעהמהייט שטאָל־צע ענגליש־אידישע אָרגאַניזאַציאָנען, „די באָארד אָוו דעפּיוטיס“ און „די אנגלאָ־דזשואיש אסאָסיאיישאָן“ האָבען בעגאַנגען א האַנדלונג, וועלכע וועט זיי בעדעקען מיט אייביגער שמאַך און שאַנדע און דעם אידישען פאָלק דיענען אלס ווארנונג, אז מעהר ווי פון אַלע געגנער און פיינד זאָל עס זיך היטען פון „דעם פּעררע־טער, וואָס זיצט ביי איהם אין צימער“.

די האַנדלונג בעשטעהט אין אן ערקלערונג, איבערגעגעבען דער עפענטליכקייט פון די ביידע אָנגערופענע אָרגאַניזאַציאָנען, געריכטעט אנקעגען דעם אידישען נאַציאָנאַליזם און קעגען דעם ציוניזם. די ערקלערונג האָט גלייך נאָך איהר פערעפענטליכונג ארויסגערופען א ´שטורם פון ענטריסטונג אין ענגלישען יודענטום גופא. די ענטריסטונג וועט אונבעדינגט פיהרען צו א שפּאַלטונג, און די שפּאַלטונג צו א ביטערען קאַמף, ביז עס וועט ניט פערניכטעט ווערען מאָראַליש די אסימילאַטאָרישע קליקע, וועלכע שטרעבט אָן פאַר דער גסיסה איהרע לעצטע כחות, און ביז זי וועט ניט פערשווינדען אלס פּאָליטישער פאַקטאָר פון דער אידי־שער וועלט. מענער ווי לאָרד לייאָנעל ראָטשילד, טשיעף ראבי דר. הערץ און אנדערע פּראָמינענטע פּערזענליכקייטען האָבען פּראָטעסטירט די ערסטע און טויזענדע שטעהען הינטער זיי. וועל־כע האָבען נאָר געוואַרט אויפ׳ן ערסטען רוף.

דער קאַמף וועט זיך אָבער ניט בעשרענקען מיט ענגלאַנד אַליין, ער וועט זיך אויסברייטען איבער דער גאַנצער אידישער וועלט. ווארום די האַנדלונג פון די ענגליש־אידישע אָרגאַניזאַ־ציאָנען, אָבגלייך זי איז בעגאַנגען געוואָרען אויף ענגלישען באָ־דען, שטעהט אין פערבינדונג מיט דער טעטיגקייט פון דער אינ־

טערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזירטער אידישער אסימילאַציאָן, מיט איהרע דריי הויפּט פיליאַלען אין ענגלאַנד, פראַנקרייך און דייטש־לאַנד.

און איך גלויב, עס מוז בעטראַכט ווערען אַלס אַ גליק פאַר דאַס אידישע פאָלק, וואָס די אומשטענדען האָבען געצוואונגען די אָרגאַניזירטע אסימילאַציאָן ארויסצוטרעטען פון דער דונקעל־הייט, אין וועלכער זי האָט תמיד פאַרגעצויגען צו וועבען איהרע נעצען, ארונטערצואווארפען פון זיך די מאַסקע און צייגען זיך פאַר דער וועלט אין איהר גאַנצער נאַקעטקייט. זאָל אויך די ניט־אידישע וועלט זעהן איהר ריכטיגען פרצוף — פאַר דאָס אידישע פאָלק וועט דאָס זיין פון גרויסען נוצען.

די ערקלערונג פון די צוויי ענגליש־אידישע אָרגאַניזאַציאָנען איז געווען געדרוקט כמעט אין דער געזאַמטער אידישער פרעסע אויך דאָ ביי אונז, און איך וויל זיך דעריבער אָבשטעלען נאָר אויף די צוויי הויפּט־פּונקטען, וועלכע זי ענטהאַלט.

פּונקט איינס: „דער אידישער ישוב אין פּאַלעסטינא — דאָס הייסט דער צוקינפטיגער ישוב — טאָר ניט טראָגען אויף זיך אַן א נ ע ר ק ע נ ט ע ן פּ אָ ל י ט י ש ע ן כאַראַקטער, ווייל דאָס אידישע פאָלק דאַרף האָבען אַלס זיין הויפּט־יסוד ב ל ו י ז זיין רעליגיאָן, וועלכע איז אייגענטליך דער א י י נ ־ צ י ג ע ר ב ע ו ו י י ז פון זיין אנגעהעריג צו די אידען.“

פּונקט צוויי. „ווען די אידען זאָלען בעקומען בעזונדערע רעכטע אין פּאַלעסטינא, וואָלט דאָס געווען אַן אונגליק פאַר דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, וואָס גלויבט, אַז אַלע פעלקער דאַרפען האָ־בען גלייכע רעכטע.“

מיר געהען צו צו דער אַנאַליזע פון דעם ערשטען פּונקט.

פילע וועלען פרעגען: מה רעש? הערען מיר דען צום ערש־טען מאָל אַזאַ בעהויפּטונג, אַז די אידען זיינען ניט קיין נאַציאָן, נאָר אַ רעליגיעזע געמיינשאַפט? האָט דען דיזע אנשויאונג ניט איהרע וואָרצלען אין דער לעהרע פון דער אַזוי גערופענער מענ־דעלסאָנישער שולע, און האָבען מיר דען ניט געהערט דיזעלבע

תורה פון אונזערע מאָדערנע רעפאָרמירטע פּרעדיגער, פון אונזערע גרויסע באַנקירען און פערשיעדענע אידישע פיהרער?

נעוויס האָבען מיר נעהערט די תורה און מיר האָבען זיך פערהאַלטען צו איהר ווי צו א פאַלשער תורה און מיר האָבען זי בעקעמפּט ווי א פאַלשע תורה, ווי א פּראָדוקט פון קנעכטישער געזינונג, פון אונוויסענהייט, פון פאַקטען פערלייקענען, פון מאָראַלישער בלינדהייט. אָבער מיר האָבען קיין מאָל ניט ערוואַרטעט, אַז דיזע פּוילע און אונזיניגע אידעאָלאָגיע וועט בענוצט ווערען אַלס א פּראַקטישע וואפע צו פערניכטען די היסטאָרישע האָפנונג פון אונזער פאָלק אין דעם מאָמענט פון איהר פערווירקליכונג.

אין איצטיגען פאַל האַנדעלט עס זיך ניט וועגען טעאָריען, און די אָבגענעבענע ערקלערונג איז ניט קיין טעאָלאָגישע אָבהאַנדלונג, ווען אפילו זי רעדט פון גאָט און רעליגיאָן. דאָ האַנדעלט עס זיך וועגען א פּאָליטישען פּעררעטערישען שרים.

די אסימילאַציאָן האָט דערפיהלט, אַז די אידישע נאַציאָנאַלע האָפנונג קאָן איצט פערווירקליכט ווערען. גרויסע וועלט רעגירונגען זיינען גרייט צו העלפען דעם אידישען פאָלק צו ערהאַלטען זיין פרייהייט אַלס נאַציאָן צווישען אַלע נאַציאָנען אויף גאָט'ס ערד. קומט זי און גיט אָב אַן ערקלערונג, אַז דאָס טאָר ניט געשעהן. די אידען טאָרען ניט ערהאַלטען נאַציאָנאַלע ענטוויקלונגס מעגליכקייטען אין פּאַלעסטינא. און ניט נאָר אין פּאַלעסטינא — אין קיין לאַנד טאָר מען זיי ניט נעבען אַזעלכע מעגליכקייטען, וואָרים די אידען זיינען גאָר ניט קיין נאַציאָן, זיי זיינען א פאָלק בלויז מיט איין רעליגיעזען סימן. דאָס הייסט, די אסימילאַציאָן קומט צו די אומות העולם און פערמסר'ט די ציוניסטען, די נאַציאָנאַליסטען און איבערהויפּט אַלע אידען, וועלכע גלויבען אין די עקזיסטענץ־בערעכטיגונג פון אונזער פאָלק אַלס א נאַציאָנאַלע איינהייט, און זי זאָגט צו די אומות העולם: הערט זיי ניט, גלויבט זיי ניט, זיי נאַרען אייך אָב, זיי בעשווינדלען אייך, זיי פערלאַנגען אין פערשיעדענע לענדער נאַ־

ציאָנאַלע רעכטע, זיי פּערלאַנגען אויך ארץ ישראל. דאָס איז מעהר ניט ווי בעטרוג. אָט מיר זאָגען אייך דעם אמת. מיר זייַנען גאַרנישט, מיר האָבען נאָר איין סימן, וואָס האַלט אונז צוזאַמען. צוליעב דעם איין סימן ברויכט איהר זיך אָבער ניט מטריח צו זיין. מאַכט מיט זיי ניט קיין צערעמאָניען, ווייזט זיי די טיר!

אָט דאָס איז דער ריכטיגער זין פון דער ערקלערונג. אָט דאָס איז איהר כונה, אָט דאָס איז איהר ציעל.

און די געמיינהייט רעדט נאָך אין גאָט׳ס נאָמען, און דער פערראַט וויקעלט זיך נאָך איין אין א רעליגיעזען מאַנטעל. מיר קענען זיי די שומרים פון דער אידישער רעליגיאָן, די האַלב נעטויפטע טאַטעס פון די גאַנץ געטויפטע קינדער! דאָס איז דער פערעכטליכסטער טיפ, וואָס דאָס גלות־יודענטום האָט געשאַפען.

דער צווייטער פונקט איז די פּאַרטזעצונג פון דער ניעדערטראַכט און דער צביעות פון ערשטען פונקט. דערפאַר האָט ער אָבער אויך א מעלה. ער צייגט די צוטומעלטקייט פון די אסימילאַטאָרישע מחות, דעם חורבן, וואָס דער אסימילאַטאָרישער גיפט האָט ארויסגערופען אין דעם פערשטאַנד פון די פערטרעטער פון דער אסימילאַציאָן. „ווען די אידען זאָלען בעקומען בעזונדערע רעכטע אין ארץ ישראל, וואָלט דאָס געווען אַן אונגליק פאַר דאָס אידישע פאָלק, וואָס גלויבט, אַז אַלע פעלקער דאַרפען האָבען גלייכע רעכטע". מעהר ווי גלייכע רעכטע פ א ר א ל ע פ ע ל ק ע ר פאָדערען אויך ניט די נאַציאָנאַליסטען און ציוניסטען. נאָכמעהר, אַלע זייערע פאָדערונגען געהען ארויס פון דעם גרונדפּרינציפּ פון גלייכע רעכטע פאַר אַלע פעלקער. אָבער קומען אין דעם מאָמענט, ווען עס ווערט ענטשיעדען דער גורל פון אַלע אונטעריאָכטע און אונטערדריקטע פעלקער, ווען עס ווערען געזוכט נייע וועגען, וועלכע זאָלען זיכערען די זעלבסטשטענדיגקייט פון די פעלקער, שטאַרק אָדער שוואך, גרויס אָדער קליין, און בעגעהן אין דער זעלבער צייט פערראַט נעגען דאָס א י י נ ע נ ע פ אָ ל ק אין נאָמען פון פ ע ל ק ע ר ג ל י י כ ב ע ר ע כ ט י ג ו נ ג — דאָס איז שוין א פּסיכאָ־פּ א ט ה א ל אָ ג י ש ע

ערשיינונג, מיט א קראנקער מאראל אליין קאן מען זי ניט פער־
ענטפערען. דערויף מוז שוין די פסיכיאטרישע וויסענשאפט גע־
בען א תשובה.

דאס נעשוויר האט געפלאצט, און מיר וויסען איצט גאנץ קלאר, ווי ווייט די ארגאניזירטע אסימילאציאן נעהט, און עס וועט ווירקען אויף אונז ערניכטערענד. דאס שפיעל אין נאציא־נאליזם און אסימילאציאן וועט מוזען אויפהערען, יעדער איד און יעדע ארגאניזאציאן וועט מוזען בעקענען פארבען, פאר יעדען וועט אוועקגעשטעלט ווערען די פראגע: הלנו אתה אם לצרינו? און קיין אויסדרעהען זיך וועט ניט העלפען. און עס וועט זיך ארויסשטעלען, ווי ווייניג שטיצע די אסימילאציאן האט אין אידי־שען פאלק.

עס איז נאר צו בעדויערן וואס דער קאמף נעגען די אסימי־לאטארישע הידרע האט זיך ניט אנגעהויבען סיסטעמאטיש און פלאנמעסיג מיט א פאר צעהנדליג יאהר צוריק.

1 יוני, 1917.

ציאָנאַלע רעכטע, זיי פערלאַנגען אויך ארץ ישראל. דאָס איז מעהר ניט ווי בעטרוג. אָט מיר זאָגען אייך דעם אמת. מיר זייר נען גאָרנישט, מיר האָבען נאָר איין סימן, וואָס האלט אונז צוזאמען. צוליעב דעם איין סימן ברויכט איהר זיך אָבער ניט מטריח צו זיין. מאכט מיט זיי ניט קיין צערעמאָניען, ווייזט זיי די טיר!

אָט דאָס איז דער ריכטיגער זין פון דער ערקלערונג. אָט דאָס איז איהר כונה, אָט דאָס איז איהר ציעל.

און די געמיינהייט רעדט נאָך אין גאָט'ס נאָמען, און דער פעררעט וויקעלט זיך נאָך איין אין א רעליגיעזען מאנטעל. מיר קענען זיי די שומרים פון דער אידישער רעליגיאָן, די האלב גע־טויפטע טאטעס פון די גאנץ געטויפטע קינדער! דאָס איז דער פערעכטליכסטער טיפ, וואָס דאָס גלות־יודענטום האָט געשאפען.

דער צווייטער פונקט איז די פאָרמזעצונג פון דער ניעדער־טראכט און דער צביעות פון ערשטען פונקט. דערפאר האָט ער אָבער אויך א מעלה. ער ציינט די צוטומעלטקייט פון די אסימי־לאטאָרישע מחות, דעם חורבן, וואָס דער אסימילאטאָרישער ניפט האָט ארויסגערופען אין דעם פערשטאנד פון די פערטרעטער פון דער אסימילאציאָן. „ווען די אידען זאָלען בעקומען בעזונדערע רעכטע אין ארץ ישראל, וואָלט דאָס געווען אן אונגליק פאר דאָס אידישע פאָלק, וואָס גלויבט, אז אלע פעלקער דארפען האָבען גלייכע רעכטע". מעהר ווי גלייכע רעכטע פ א ר א ל ע פ ע ל ק ע ר פאָדערען אויך ניט די נאציאָנאליסטען און ציוניס־טען. נאָכמעהר, אלע זייערע פאָדערונגען געהען ארויס פון דעם גרונדפרינציפ פון גלייכע רעכטע פאר אלע פעלקער. אָבער קומען אין דעם מאָמענט, ווען עס ווערט ענטשיעדען דער גורל פון אלע אונטעריאָכטע און אונטערדריקטע פעלקער, ווען עס ווערען גע־זוכט נייע וועגען, וועלכע זאָלען זיכערען די זעלבסטשטענדינקייט פון די פעלקער, שטארק אָדער שוואך, גרויס אָדער קליין, און בע־נעהן אין דער זעלבער צייט פערראט געגען דאָס א י י נ ע נ ע פ אָ ל ק אין נאָמען פון פ ע ל ק ע ר ג ל י י כ ב ע ר ע כ ־ ט י נ ו נ ג — דאָס איז שוין א פסיכא־פּא ט ה א ל אָ ג י ש ע

ערשיינונג, מיט א קראנקער מאָראל אליין קאָן מען זי ניט פער־ענטפערען. דערויף מוז שוין די פסיכיאטרישע וויסענשאפט גע־בען א תשובה.

דאָס געשוויר האָט געפּלאצט, און מיר וויסען איצט גאנץ קלאָר, ווי ווייט די אָרגאניזירטע אסימילאציאָן געהט, און עס וועט ווירקען אויף אונז ערניכטערענד. דאָס ש פּ י ע ל אין נאציאָ־נאליזם און אסימילאציאָן וועט מוזען אויפהערען, יעדער איד און יעדע אָרגאניזאציאָן וועט מוזען בעקענען פארבען, פאר יעדען וועט אוועקגעשטעלט ווערען די פראגע: הלנו אתה אם לצרינו? און קיין אויסדרעהען זיך וועט ניט העלפען. און עס וועט זיך ארויסשטעלען, ווי ווייניג שטיצע די אסימילאציאָן האָט אין אידי־שען פאָלק.

עס איז נאָר צו בעדויערן וואָס דער קאמף געגען די אסימי־לאטאָרישע הידרע האָט זיך ניט אָנגעהויבען סיסטעמאטיש און פלאנמעסיג מיט א פּאָר צעהנדליג יאָהר צוריק.

1 יוני, 1917.

